שלום שווארצבארד

# אין קריג—
## מיט זיך אַליין...

אַרויסגעגעבן פון שלום שווארצבארד קאַמיטעט
שיקאַגאָ, אילל. 1933

## אַ האַרציקן דאַנק

וויל איך דאָ אויסדריקן מיינע איבערגעגעבענע חברים און פריינט: בעסי און באָרים יעלענסקי, משה גאָמבערג, משה ראַדזשערס, ל. מ. שטיין — די גרופּע וואָס האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע אַרויסצוגעבן, דאָ אין אַמעריקע, מיינע „זכרונות" אין צוויי בענדער.

אַ דאַנק אויך אַלע אַנדערע פריינט פון'ם קאָמיטעט.

ש. ש.

# אינהאַלט:

ציינכונגען פון :
חנוך הענך גליצנשטיין.
מיכל ציפארין.

פאטא ביי —
אלבאני פארק סטודיא.

# א נויטיקע דערקלערונג

די לייענער וועלן זיך מסתמא וואונדערן, פארוואס דאס דאזיקע בוך, „אין קריג — מיט זיך אליין” — א זאמלונג נאטיצן פון א אידישן פרייוויליקן סאלדאט אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, געשריבן אויפן פראנט אין לויף פון די שלאכט־געשעע־נישן, — דערשיינט ערשט איצט, פ ו פ צ ן יאר נאך די בלו־טיקע פאסירונגען. וועל איך דא געבן א דערקלערונג.

ווען ס'איז אין 1920 דערשינען מיין ביכל „מלחמה־לידער,” האט א געוויסע אידישע פערזענלאכקייט, וויסנדיק אז איך זאמל מאטעריאל פאר א בוך: זכרונות פון א אידישן סאלדאט אין דער פראנצויזישער ארמיי, — מיך געפרעגט, צי וואלט איך אים געקענט אנגעבן די גענויע צאל געפאלענע אידישע פרייוויליקע אויפן פראנט. דערביי האט ער מיר געוויזן א בריוו פונם דא־מאלסטדיקן קריגס־מיניסטער — אן ענטפער צו אים אויף דער־זעלבער פראגע. דעם מיניסטער'ס ענטפער איז געווען: ס'איז ניט ווערט געווען די מי נאכצוזוכן די רעקארדן — א צוואנציק־דרייסיק טויטע בלויז, ווי ער ווייסט...

איך האב יענע וויכטיקע אידישע פערזענלאכקייט פארזי־כערט, אז צום באדויערן איז דעם מיניסטער'ס ענטפער געווען ווייט ניט קיין אמת'דיקער... לויט מיין רעכענונג, האב איך געענטפערט, זיינען טויזנטער אידישע פרייוויליקע סאלדאטן גע־פאלן אויפן מערב־פראנט אליין, שוין אפגערעדט פון די אומ־צאליקע אידישע סאלדאטן וואס זיינען אונטער אנדערע נאציא־נאליטעטן און פאנען געפאלן אין שלאכט פארטיידיקנדיק פראנק־רייך אויפ'ן אריענט און אין די קאלאניעס.

אין סעפּטעמבער 1924, צען יאָר נאָך דער מאַרנער־שלאַכט, איז צום אָנדענק פון דער דאָזיקער בלוטיקער געשעעניש, פאַר־געקומען אַ פעסט ביי דער געוועזנער פעסטונג פון פּאַמפּעל. צו דער פייערונג זיינען געקומען דער פראַנצויזישער עטאַ־מאַזשאָר, ציווילע שטאַטס־מענער און אפילו וויסנשאַפטסלייט און אַקאַדע־מיקער פון פאַריז. דער קאַרדינאַל פון רעמס מיט זיין סוויטע זיינען געווען די פאַרנעמסטע געסט; דער „הייליקער" האָט דאַן דערציילט, ווי אַזוי טויזנטער און טויזנטער סאָלדאַטן זיינען פאַר זייער אוועקגיין צום פראָנט, געקומען צו אים נאָך זיין ברכה, און געבעטן ביי אים זיין הייליקע חתימה אלס קמיע, כדי צו זיין אין שוץ פון גלויבן אויפן שלאַכטפעלד. דער קאַרדינאַל האָט אויך שטאַרק אונטערגעשטראָכן וואָס ער האָט דערמיט אויפ־געטאָן „פאַר דער הייליקער זאַך, פאַרן נחת־רוח פון גאָט און פאַר דער זעליקייט פון די מענטשן..."

פון פּאַמפּעל איז דער הייליקער אויך צוגעפאָרן קיין סעלערי, וואו ס'האָט זיך „צעוואַקסן" אַ גרויסער, נייער בית־עולם, אַ בווילעטער עדות פון דעם מאַרנער „זיג" און די שפּעטער־נאָכקור־מענדיקע „זיגן." ס'איז גאָר אַ קורצער מהלך פון די אַטאַקע טראַנשייען. דאָרטן האָט דער קאַרדינאַל ווידער געגעבן זיין ברכה צו די לעבעדיקע און „באַרואיקט" די טויטע. אַן עקלע־זיאַסטיקער, איינער פון די באַגלייטער פון קאַרדינאַל, האָט צווישן פאַרשידענע פאָנען דאָרטן דערזען צווישן עולם אויך די ווייס־בלויע פאָן מיטן מגן דוד. ער איז צוגעגאַנגען צום קאַרדינאַל און אים אַ זאָג געטאָן: — אייער עמינענץ ווייסט, אַז צווישן די פאַרזאַמלטע געפינען זיך אויך אידישע סאָלדאַטן?

— ווי אַזוי ווייסט איר דאָס? — גיט זיך דער קאַרדינאַל אַ כאַפּ ווי אָפּגעבריט.

— אַט פלאַטערט דאָ אַ אידישע פאָן. אַביסל רעכטס, אייער עמינענץ. און דער, וואָס טראָגט זי, — איז אַ בלינדער, געפירט פון צוויי קריגס־אינוואַלידן.

— איז דאָס מעגלאָך, אַז זיי זיינען טאַקע געווען אויפן פראָנט?... — האָט דער הייליקער מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל פאַרענדיקט דאָס געשפּרעך.

דעם 9טן מאי 1925, צום צענטן יארצייט פון די שלאכטן ביי אראם, האט מען ביי אט דער געלעגנהייט אויפגעדעקט, אויפ'ן בערגל „140" א מאנומענט פון אונזער קאלאנעל פען און פון אלע געפאלענע אפיצירן און סאלדאטן פון פרעמדן לעגיאן, אויך פון דער מאראקאנער דיוויזיע, וואס האט געהאט איר דעוויז: „אן מורא און אן רחמנות". ביי דער דאזיקער פייערונג זיינען אנ־וועזענד געווען די גענעראלן וואס האבן קאמאנדירט מיט די די־וויזיעס אין די שלאכטן. זיי האבן געהאלטן פייערלאכע רעדעס ביי דער צערעמאניע, דערציילט די העלדישקייטן פון די אפיצירן און סאלדאטן. דער גענעראל פון אונזער פרייוויליקן לעגיאן, האט אפילו ניט פארגעסן צו דערמאנען דעם איינציקן אמעריקאנער פרייוויליקן וואס איז געפאלן פאר פראנקרייך ביי דער ערשטער אטאקע, און אויך ניט פארגעסן די שוועדן, האלענדער, שווייצער, פאליאקן, רומענער, וואס האבן פרייוויליק אוועקגעגעבן זייער לעבן פאר פראנקרייך. און מיט איין ווארט ניט דערמאנט אז אויך אידן זיינען געווען צווישן די אלע וואס זיינען פרייוויליק געגאנגען שטארבן פאר פראנקרייך...

פארנדיק פון דער פייערונג, צוריק קיין פאריז, איז אין מיר געבוירן געווארן דער געדאנק צו פארעפנטלאכן, אויב ניט קיין בוך, איז כאטש אייניקע עפיזאדן פון די בלוטיקע שלאכטן.

א פאר וואכן שפעטער איז דערשינען אין דער צייטונג „פאר־רי־סואר" מיין „צלם און שווערד" — זכרונות פון א אידישן פריי־וויליקן. דער רעדאקטאר האט געמאכט פאלגנדיקע אנמערקונג צום ארטיקל: „כאטש מיר זיינען שוין ווייט פון קריגס־ליטערא־טור, דרוקן מיר פונדעסטוועגן דעם דאזיקן אינטערעסאנטן מלחמה־עפיזאד, ווארים ער איז געשריבן פון איינעם, וואס איז אליין גע־גאנגען פארטיידיקן פראנקרייך. „צלם און שווערד" — איז אן אנדיינק צו די געפאלענע טויזנטער פרייוויליקע פון אלע עקן וועלט, וואס האבן אוועקגעגעבן זייער לעבן פאר א אידעאל"...

דערזעלבער ארטיקל איז גלייכצייטיק אויך דערשינען אין די „פאריזער בלעטער" מיט א גרופן־בילד פון אידישע פרייוויליקע. מיין כונה מיטן ארטיקל איז געווען צו געבן אן ענטפער דער מיליטערישער פראנקרייך... אבער פארן אנדיינק פון די טויזנ־

טער אידישע פרייוויליקע געפאלענע און אלס א טרייסט צו די פארקריפלטע, האט „צלם און שווערד” — מיך ניט צופרידנגע־שטעלט.

צום סוף פון דעם זעלבן יאר בין איך געקומען זיך איינ־שרייבן אלס מיטגליד אין דער נאציאנאלער ביבליאטעק. דער סעקרעטאר, א מאן אין די פופציקער, מיט א בלאנדער באָרד, האט מיך לשם געוויסע פארמאליטעטן געפרעגט פארשיידענע פראגן. צווישן אנדערעס האט ער מיך אויך געפרעגט, צי איך האב שוין עפעס געשריבן פון מיינע איבערלעבענישן אויפן פראנט.

— א לידער־ביכעל פון קריג. איך וויל אויך ארויסגעבן זכרונות פון א אידישן פרייוויליקן אויף'ן פראנצויזישן פראנט.

— וואס ? ! — גיט ער זיך א כאפ אויף — איר האט בדעה ארויסצוגעבן א בוך פון א אידישן פרייוויליקן אין דער גרויסער קריג ? טרע־ביען ! טרע־ביען ! איך ווינטש אייך דעם בעסטן דערפאלג ! טוט דאס וואס גיכער, מיין פריינט. זאל די וועלט וויסן ! גוט, גוט ! — האלט ער אין איין איבערחזר'ן. דער סעק־רעטער כאפט מיין האנד און דריקט זי פעסט : — בעסטן און שענסטן דערפאלג ווינטש איך אייך, מיין פריינט, אין אייער אר־בעט. און אויב אייך וואונדערט, — גיט ער צו — וואס איך בין אזוי באגייסטערט פאר אייער אידייע וועל איך דאס אייך דער־קלערן : אין צייט פון קריג, — רעדט ער אין איין אטעם — בין איך געווען געשיקט פאר א וויסנשאפטלאכער מיסיע קיין אינדאָ־כינע. מיט מיר זיינען אויך געווען צוויי אידן, וואס זיינען שוין פון פריער געווען אויסגעבראקירטע סאלדאטן, און ניט קוקנדיק דערויף, האבן זיי זיך פרייוויליק אנגאזשירט צו גיין אויפ'ן פראנט און זיך געלאזט פארן קיין פראנקרייך, ניט רעכנענדיק זיך מיט די געפארן וואס האבן דאן געהערשט אויף די ימים. איינער פון זיי איז געפאלן אין שלאכט אויפן פראנט, א קורצע צייט נאך זיין אנקומען אהין. דער צווייטער, מיין בעסטער פריינט, איז אומ־געקומען אין יאר 1918. אחוץ דעם, ווייס איך פערזענליך פון א סך אידן, גוטע, געטרייע, איבערגעבענע פאטריאטן, וואס זענען געפאלן אין קריג. איך קען אייניקע וואס זענען צוריקגעקומען פארקריפלט און האב געקענט א סך אנדערע, וואס מען ווייסט

אפילו ניט וואו זייער געביין איז אהינגעקומען. און דא הער איך פון אלע זייטן שרייען: אידן זענען ניט געווען אין קריג—זיי זיי־נען געווען „אמבוסקיי" (סלעקערס) און נאך אזוינע אומגעלומ־פערטע אינסינירונגען האב איך געהערט... נו, איז טאקע די איינ־ציקע זאך וואס קען מאכן שווייגן די פארלוימדער, אזא בוך, ווי אייערס. זאלן די פראנצויזן זען און זיך איבערצייגן, אז אידן זיינען גוטע בירגער און געטריי צו זייער לאנד. איך קען אייך שטארק מיטפילן, האט ער צולעצט צוגעגעבן, ווייל איך אליין בין אויך איינער פון א רעליגיעזער מינאריטעט, וואס ווערט פאר־פאלגט".

פון דאן אן איז געבוירן געווארן אין מיר דער געדאנק ארויס־צוגעבן מיינע „זכרונות פון א פרייוויליקן אידישן סאלדאט"—אין א בוך־פארם.

ש. ש.

# פּראָלאָג

אַמאָל האָט אַ גאָט, אויס לאַנגווייליקייט, אַראָפּגענידערט פון זיינע הויכע הימלען אויף דער ערד, צו זען ווי ס'לעבן זיך די מענטשן־קינדער. דאָס ערשטע וואָס ער האָט דערזען איז געווען: אַ קריג צווישן צוויי ברידער. האָט ער זיך אָנגענומען די קריוודע פונם שוואַכן און באַשטראָפט דעם אומגערעכטן. אַזוי ווי אַזוינע עולות האָט דער גאָט אומעטום באַגעגנט, צווישן מענטשן אויף דער ערד, האָט ער זיך באַזעצט צווישן זיי און פּאַטערלאַך גענומען איינפלאַנצן יושר און ליבע. די גוטסקייט פונם פּאָטער איז אָבער פון די מענטשנקינדער ניט אויפגענומען געוואָרן און זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרן ביז גאָר שלעכט און פאַרדאָרבן. דער גאָט האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין זיין גאַנצער מי און אַרבעט איינצופירן יושר צווישן די מענטשנקינדער. איז ער אַריין אין אַ גרימצאָרן און אַראָפּגעשיקט אַ מבול צו פאַרטרינקען אַלע מענטשן. דער גאָט האָט זיך אָבער באַלד באַדענקט, ניט געוואָלט אומברענגען די גאַנצע וועלט — די ווערק פון זיינע הענט — און ער האָט מציל געווען עטלאַכע פון זיי; ער האָט אויף ס'ניי די מענטשנקינדער געלערנט יושר און גערעכטיקייט.

ס'איז אַוועק אַ צייט. די מענטשן האָבן ווידער אָנגעהויבן צו זינקען אין זינד און אין רשעות. דער גאָט איז אַרומגעגאַנגען צווישן די מענטשן אַ פאַרשטעלטער, צוגעזען אַלע עולות און שענדלאַכקייטן וואָס האָבן זיך אומעטום אָפּגעטאָן אונטער דער זון. און ווידער האָט ער זיך באַדענקט און שוין איינגאַנצן חרטה געהאַט וואָס ער האָט באַשאַפן דעם מענטשן.

איינמאָל, וואַנדערנדיק אַזוי, האָט ער אָנגעטראָפן אַ פּאַסטוך מיט אַ טשערעדע שאָף. דער פּאַסטוך איז געזעסן אויף אַ שטיין,

געשפּילט אויף זיין פּייפעלע און די שאָף האָבן זיך רוהיג געפּאַ־שעט ארום אים. פּלוצלונג האָט אַ קליין שעפּעלע זיך אָפּגעטיילט פון דער טשערעדע און געלאָזט זיך לויפן ווייט, ווייט. דער פּאַס־טוך האָט אויפגעהערט צו שפּילן און זיך גענומען יאָגן נאָכ׳ן שעפּסעלע. דאָס שעפּסעלע איז געווען יונג און פלינק, איז עס געלאָפן שנעלער פונ׳ם פּאַסטוך; ס׳איז געלאָפן און געלאָפן ביז עס איז צוגעקומען צו אַ טייכל וואַסער. דאָן האָט זיך עס אָפּגע־שטעלט און גענומען מיט גרוים חשק צו טרינקען פון וואַסער. דער פּאַסטוך האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס שעפּסעלע איז אַנטלאָפן פון טשערעדע ווייל עס איז געווען דורשטיק, האָט ער עס גענומען אויף זיינע אַקסלען און צוריקגעטראָגן צו דער טשערעדע.

ווען דער גאָט האָט דאָס געזען, האָט ער פאַר פרייד אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט — און אַ דאָרן־בוים האָט זיך אָנגעצונדן. דורך דעם ברענענדיקן דאָרן־בוים האָט זיך דער גאָט באַוויזן צום שאָף־פּיטערער און אים אויסדערווײלט צו זיין דער פּאַסטוך פאַר די מענטשן־קינדער.

— איך קאָן אָבער ניט רעדן, מיין צונג איז מיר ווי פאַר־לעגערט און צוגעקלעפּט צום גומען, — האָט זיך דער פּאַסטוך אָנגעהויבן בעטן און טענה׳ן — צו די מענטשן מוז מען קומען מיט אַ גלאַטער צונג און מיט אַ שיינער שפּראַך, און איך האָב דאָס ניט.

— ניט מיט ווערטער וועסטו די מענטשן איבערצייגן, נאָר מיט מעשים. ניט מיט שיינע מליצות וועסטו זיי ברענגען צום קלאָרן פאַרשטאַנד, גייערט מיט גערעכטע און שיינע טאַטן. און די שליחות זאָל איבערגיין צו דיינע קינדער און קינד׳ס קינדער נאָך דיר.

זאָגנדיק דאָס, איז דער גאָט פאַרשוואונדן געוואָרן און זיך צוריקגעצויגן אין די הימלען אריין.

און דער פּאַסטוך איז געוואָרן דער וועג־ווייזער און פירער פון די מענטשן. ער האָט זיי געפירט, ווי פריער זיינע שאָף, אויפ׳ן רעכטפערטיקן וועג.

די נאָכפאָלגער פון דעם גוטן פּאַסטוך זיינען שוין אָבער אין אים ניט געווען געראָטן. דאָס איינציקע מיט וואָס זיי האָבן זיך

געקאָנט באַרימען איז געווען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ זיידן אַ גוטן פּאַסטוך, און מיט דער דאָזיקער באַרימעריי האָבן זיי זיך געהאַלטן אַ צייט לאַנג, ביז די מענטשן־קינדער זיינען מיר געוואָרן פון די פירער׳ס פּוסטער באַרימעריי, פון זייערע שיינע רייד און מיאוסע טאַטן, און גענומען ווידערשפּעניקן אין זיי. האָבן זיך דאַן די עלטסטע שטאַרק געשראָקן, זיך באַראַטן און געקומען צום באַשלוס, אַז כדי איינצוהאַלטן אין צוים די ווידערשפּעניקע, איז נויטיק אויסצוקלויבן טאַקע צווישן זיי אַליין אַזעלכע פּערזאָנען וואָס זאָלן זיי דינען אין זייער אויפגאַבע, אַזוי ווי די הינט נוצן דעם פּאַסטוך צו האַלטן אין שרעק די טשערעדע שאָף. האָבן זיי אויסגעקליבן צווישן פאָלק די יעניקע וואָס זיינען געווען די שטאַרקסטע און צוגלייך די פּוילסטע, און געמאַכט זיי פאַר הערשער איבער׳ן פאָלק און אין זייערע הענט איבערגעגעבן די פירונג, די אָרדנונג־געזעצן און די משפּטים... פון דעמאָלט אָן פירן מענטשן מלחמות; איין פאָלק פאַלט אָן אויף דעם צווייטן פאָלק, איין ברודער באַשווינדלט, באַרויבט און דערמאָרדעט דעם צווייטן ברודער. און ווען די מענטשן ווערן פיזיש און גייסטיק מיד און האָבן שוין ניט קיין כחות זיך צו אָמפּערן, קומען די צווינגער און צווינגען זיי דאָס צו טאָן, און באַשטראָפן אפילו מיט טויטשטראָף אַ ברודער וואָס וויל ניט גיין קעגן זיין ליבלאָכן ברודער...

די צייט איז געלאָפן, פאַר די מענטשן איז אַלץ שווערער און שווערער געוואָרן דער יאָך פון די באַצווינגער. ווען זייער געדולד האָט ענדלאַך געפּלאַצט, האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן די פירער־פאַרפירער און די פירונג אין די אייגענע הענט גענומען...




אידישע פרייוויליקע אין ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאציע פאר דער באַרימטער באַסטיל אין פאַריז. אווגוסט 1טן, 1914

# א

# מאָביליזאַציע

דאכט זיך, ערשט נעכטן איז דאָס געווען: דער המון איז געלאָפן איבער די גאַסן פון פּאַריז און האָט געשריען: „נידער מיט מלחמה! — זאָל לעבן דער פרידן!"

אָבער ווי נאר די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע איז אָפיציעל פּראָקלאַמירט געוואָרן אויף די ווענט פון די רעגירונג'ס־אַנשטאַלטן, האָט מאַרס, דער מורא'דיקער גאָט פון קריג, גענומען דאָס וואָרט. די פּאַריזער גאַסן זיינען פול געוואָרן מיט מענטשן — דורכגעדרונגענע מיט דער הערשנדיקער פּאַטריאָטישער שטימונג. די דאָזיגע שטימונג האָט ארויסגעשטראַלט פון אַלעמענס אויגן. פון אַלע מיילער האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: "מיר וועלן גיין!... — קיין בערלין! קיין בערלין!"

באַלד האָט זיך באַוויזן, אויפ'ן שטראָם פון דער פאָלקס באַוועגונג, דער אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט: ליידיקגייער, שיכורים און ד. גל. יונגע חברה מיט נאַציאָנאַלע פאָנען און מיט ווילדע אויסגעשרייען האָבן ביי יעדן געשעפט וואָס האָט זיי געשיינט צו זיין ניט פראַנצויזיש, לויטן נאָמען, זיך אָפּגעשטעלט און גענומען שרייען אַלע אין איין קול: „אָט איז אַ באָש!" מער האָט מען ניט געדאַרפט; די שילד איז באַלד געלעגן אויף דער ערד אַ צעבראָכענע. דאָס געשעפט איז צעפּלינדערט און צערויבט געוואָרן. אויך געשלאָסענע געשעפטן פון פראַנצויזן וואָס זייערע פּאַטראָנען און אָנגעשטעלטע זיינען אַוועק דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע, זיינען צעפּלינדערט געוואָרן, מחמת די פּאַטריאָטן האָבן די דאָזיקע געשעפטן אָנגענומען אַלס דייטשע.

מער פון אַלע האָט געליטן די פראַנצויזישע מילך־פירמע „מאַזשי" וועלכע איז געווען זייער פּאָפּולער אין פּאַריז פאַר אירע גוטע און וואָלוועלע מילך־פּראָדוקטן. די ראַיאַליסטישע צייטונג „אַקסיאָן פראַנסעז" האָט ארויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די „מאַזשי"־געזעלשאַפט איז אַ דייטשע פירמע און אַז זי האָט בכיוון פאַרקויפט ביליגער מילך און פּוטער, כדי צו פאַר׳סמ׳ען די באַפעלקערונג: אַ סימן — לעצטן יאָר זיינען אַ סך פראַנצויזישע קינדער געשטאָרבן. דאָס האָט געווירקט ווי אויל אויף פייער, און אין איין „כהרף עין" זיינען אַלע „מאַזשי"־געשעפטן צערויבט און צעבראָכן געוואָרן, די פאַבריק מיט די מאַשינען מיט אַלץ וואָס האָט זיך דאָרט געפונען איז צעברעקלט און צעשטערט געוואָרן.

דאָס נאָרמאַלע לעבן בכלל, און יעדע געזעלשאַפטלאַכע טעטיקייט בפרט איז, ווי דורך אַ כישוף אָפּגעשטעלט געוואָרן; די גרויסע וועג־ווייזער און פירער, צו וועמען די מאַסן פלעגן ארויפקוקן און זיך צוהערן, האָבן, נאָכ׳ן אומדערוואַרטעטן מאָרד פון זשאָרעס׳ן, זיך צוריקגעצויגן אין זייערע באַהעלטעניש, אַז מ׳זאָל זיי חלילה ניט אויסגעפינען...

דער מלחמה־קאָשמאַר האָט אריינגעטראָגן אַ כאַאָס אין די מוחות פון פּשוט׳ן פאָלק, וואָס איז געוואוינט זיך צו לאָזן מיט׳ן שטראָם און צו האָבן ניט קיין אַנדער מיינונג ווי די פון דער גאַס. אָבער אויך די מוחות פון די אויסדערווײלטע, סקעפּטיקער און רעוואָלוציאָנערן, וועלכע פלעגן זיך קעגנשטעלן יעדער געזעלשאַפטלאַכער אומגערעכטיקייט, זענען באַלד פאַרטומלט געוואָרן...

די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון אַלערליי שאַטירונגען פון פאַרשידענע פעלקער און לענדער וואָס האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אין פראַנקרייך האָבן ניט געקאָנט אָננעמען קיין זעלבסטשטענדיקע אַקציע און זיינען איבערהויפּט געווען צופרידן וואָס מ׳לאָזט זיי פריי אָטעמען אויף דער ליכטיקער וועלט...

אויך ביי די רעוואָלוציאָנערן פון דער אידישער גאַס האָט געהערשט אַ צוטומעלטקייט, אַ פאַרלוירנקייט. אַ סך האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין אַלגעמיינעם שטראָם און געלאָפן זיך אנגאַזשירן אַלס פריייוויליקע, איבערהויפּט האָבן דאָס געטאָן די רוסיש־אידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געקוקט אין מויל אריין

אַזאַ ריז ווי פּיאָטר קראָפּאָטקין און אַנדערע באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די לענדער פון דער אַנטאַנטע און גערופן צום קאַמף קעגן דעם דייטשן מיליטאַריזם און יונקערטום.

ווער ס'זאָל טרייסטן אין אַזאַ „עת־צרה" איז ניט געווען. ווי באַלד די פראַנצויזישע ריזן אַליין האָבן פאַרלוירן זייערע קעפּ און זייער מוט, און אַז די רעוואָלוציאָנערע פירער האָבן געשוויגן און זיך צוריקגעצויגן, זיינען געקומען די פּוסטע, אויבערפלעכלאַכע מענטשן און שרייערס מכל המינים און פאַרנומען דעם אויבן־אָן. אויף דעם „מאָנטמאַרטר", אויפ'ן „בעלוויל" און „באַסטיל" (פּאַריזער ראַיאָנען באַזעצט פון אידן), האָבן זיך באַוויזן „פאָלקס־נביאים" און גענומען פּריידיקן, אַז אַלע אידן זאָלן ווערן סאָלדאַטן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, און דערפאַר וועט פראַנקרייך געווינען די מלחמה און די אידן וועלן געהאָלפן ווערן... אויפ'ן „מאָנטמאַרטר" איז דאָס געווען איינער אַ געזונטער קצב וועלכער האָט זיך אַרויסגעלאָזט, רייטנדיק אויף אַ פערד באַצירט מיט אידישע און פראַנצויזישע פאָנען, צוזאַמען מיט אַ מחנה יונגע חברה, און גערופן די אידן זיך אַנצושליסן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי. אויפ'ן אידישן „פּלעצל" פון באַסטיל האָט זיך געפונען אַ יונגערמאַן, פון אַ שיינער משפּחה און אַ הייסער ציוניסט דערצו, וועלכער האָט, מיט דער דערלויבעניש פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, פאַררופן מיטינגען און געעפנט אויף דער זשאַראַנט־גאַס נומער 10 אַ ביוראָ אויף צו פאַרשרייבן אידישע פרייוויליקע, וועלכע זאָלן פאַרצייכנט ווערן אויף דער ליסטע אַלס אידן און ניט אַלס גריכן, רומענער א. א. וו.

דינסטיק, דעם 25־טן אויגוסט, אַכט אין דער פרי איז באַשטימט געוואָרן אַ ראַנדעוואו פון אַלע אידישע פרייוויליקע וואָס האָבן זיך ביז דעם דאַטום פאַרשריבן אין דער דערמאָנטער ביוראָ — טאַקע אויף דער זעלבער זשאַראַנט גאַס. ווען אַלע זיינען געווען זיך שוין צונויפגעקומען אויפ'ן זאַמל־פּונקט, איז דער זיידענער יונגערמאַן געוואָרן דער קאָמאַנדיר, געהייסן זיך אויסשטעלן אין גלייכע רייען, גיין נאָכ'ן טאַקט רעכטס און לינקס. ער האָט גערעדט, געשריען און געזידלט ווען מען האָט ניט אויסגעפילט

פינקטלאך זיינע באפעלן; און ווען ער איז ענדלאך הייזעריק גע־
ווארן פונם קאמאנדירעווען, האט זיך די טויזנט־קעפיקע מאסע א
לאז געטאן מיט דער ריוואלי גאס גלייך צום „אינוואלידן־הויז",
זיך אויף דעם רעכטן אמת צו פארשרייבן אלס פרייוויליקע אין
קריג... ווער ס'האט צוגעזען די קאמישע זייט פון דעם דרא־
מאטישן ספעקטאקל, האט מיט ליצנות געזאגט, אז מ'וועט נאך
לאנג מוזן קאמאנדירן, מושטירן די דאזיקע פרייוויליקע, און ניט
איין קאמאנדיר וועט נאך הייזעריק ווערן, ביז פון דער מאסע
וועלן זיך אויסבילדן ריכטיקע סאלדאטן.

אין דעם „אינוואלידן־הויף" האבן זיך צוזאמענגעטראפן נאך
אנדערע גרופעס פרייוויליקע, וועלכע זיינען געקומען זיך אנשליסן
אין דער פראנצויזישער ארמיי: איטאליענער, גריכן, און א. וו.,
צווישן וועלכע א גרויסער טייל, אויב ניט דער גרעסטער, איז בא־
שטאנען פון אידן...

## ב

# דער „לוסט-און שנעל-צוג"...

יעדן באזונדער פון די נייע פרייוויליקע רעקרוטן האט מען אנגעזאגט אין „אינוואלידן־הויז" דעם 25־טן אויגוסט ביים אנ־גאזשירן זיך, אז ער זאל אויפ'ן מאדגענדיקן טאג, דעם 26־טן, זיין גרייט צום אפפארן, און זאל ווארטן ביים זאמל־פונקט אויפ'ן ליאנער באנהויף, פונקט 8 אזייגער אין דער פרי. מורא האבנדיק צו פארשפעטיקן דעם צוג, האבן זיך די נייע, פריש־געבאקענע רעקרוטן געפעדערט צו קומען אין צייט. אזוי, אז ביז 8 איז שוין דאס פלאץ פאר'ן ליאנער באן־הויף פול געווען מיט די פרייווי־ליקע (ס'רוב אידן), און געקומען זיינען אויך זייערע פאמיליעס, קרובים, פריינט און באקאנטע זיך געזעגענען. אנדערע זיינען געקומען בלויז א קוק טאן אויף די אידישע העלדן וואס לויפן מיט ענטוזיאזם שלאגן די דייטשן...

ארום האלב נאך 9 האט זיך פון באסטיל א לאז געטאן צום פלאץ פון ליאנער באן־הויף א גרויסע מיליטעריש־מארשירנדיקע מאסע. פאראויס איז געגאנגען אן אלטער איד מיט א ברייטער גרייז־גראער פאטריארכאלישער בארד. ער האט געטראגן א פלא־טערנדיקע פאן מיט'ן מגן דוד און אלע האבן געזונגען די „התקוה". דערביי האבן געפלאטערט אויך פראנצויזישע פאנען. צוקומענ־דיק צום ליאנער באנהויף, האט זיך די מאסע אויסגעמישט מיט די פון פריער־אנגעקומענע און ס'איז געווארן א געשריי: „זאל לעבן פראנקרייך! זאל לעבן עלזאס־לאטערינגען! בראווא! בראווא!"... די געשרייען און אפלאדיסמענטן האבן פארהילכט דאס פלאץ... דערנאך האבן זיך אנגעהויבן געזעגענען עלטערן

מיט קינדער, מענער מיט פרויען, פריינט און באַקאַנטע צווישן זיך — און ס'איז געוואָרן אַ יללה: טרערן האָבן גערונען, פאַר־שטיקטע שלוכצן האָבן זיך פון צייט צו צייט ארויסגעריסן פון צעבראָכענע, אָנגעווייטיקטע הערצער: אָבער ס'האָבן אויך גע־הילכט די „בראוואָס" און יובל־געשרייען פון יונגע ענטוזיאַס־טישע ברוסטן, לייכטע פיס האָבן זיך פלינק אַ הויב געטאָן און אויסגעטאַנצט „קאַמארינסקים" אויפ'ן עכטן רוסישן שטייגער...

דערווייל איז צוגעגרייט געוואָרן דער צוג, וואָס איז באַשטאַ־נען פון פי־וואַגאָנען, שמוציקע און גרויע. כדי צו געבן די וואַ־גאָנען אַ שענערן אויסזען, האָבן אייניקע לוסטיקע יונגען באַפּוצט די דעכער און די אריינגאַנגען מיט בלומען און מיט צווייגן גאַנ־צע, פריש אָפּגעריסענע. אייניקע האָבן מיט קרייד אָנגעשריבן אויף די וואַגאָנען מיט גרויסע בוכשטאַבן: „טרעז די פלעזיר" (לוסט־צוג), „ראַפּיד אַ בערלען" (שנעל־צוג נאָך בערלין). אויף אייניקע וואַגאָנען האָט מען אויסגעמאָלט ווילהעלמען מיט זיינע טראַדיציאָנעל־פאַרדרייטע לאַנגע וואָנצעס און מיט אַ מעסער אין האַרצן... און אַזעלכע אויפשריפטן, ווי „טויט ווילהעלמען!", „מיר וועלן זיי קריגן" — האָבן באַדעקט אַלע ווענטלאַך פון די וואַגאָנען. ווען מ'האָט זיך אויסגעקליבן אין וועג אריין און דער לאַנגער עשאַלאָנען־צוג האָט זיך גערירט פון זיין באַזע איז שוין געווען איינס אזייגער נאָך מיטאָג.

צו פערציק מאַן צונויפגעשטופּט אין יעדן פון די אָקסן־וואַגאָנעס, האָט זיך געטרייסלט די מאַסע, אַ הייזעריקע פונ'ם ווילדן שרייען און זינגען. דאָס לאַנגע נודנע שלעפּן זיך פון דעם אָקסן־צוג האָט שוין געהאַט אָפּגעקילט די התלהבות פון די אויסגעמאַטערטע מענטשן, די אויגן האָבן שוין געהאַט זיך אָנ־געזעטיקט מיט דער שיינער דרויסנדיקער לאַנדשאַפט און מיד געוואָרן, און ווען דער אָוונט האָט געגומען פאַרשפּרייטן זיינע ברייטע, טונקעלע שאָטנס איבער'ן האָריזאָנט, האָבן זיך חברה גענומען צוזאַמענקלייבן אין קליינע גרופּעס כדי זיך באַפריינדן און פאַרברידערן: ווער ס'האָט זיך צונויפגעקליבן צו שפּילן אין קאָרטן, ווער — צו זינגען היימישע, טרויעריקע לידער און אַנ־דערע האָבן זיך גאָר פאַררוקט אין אַ ווינקל און גענומען באַרע־כענען, וואָס דער תכלית וועט זיין...

אין אונזער וואגאָן האָט זיך געפונען אַ בעלגיער, וועמען מ'האָט גלייך געקרוינט מיט'ן צונאָמען „דער 49־טער", ווייל ער האָט אונז באַלד אויפ'ן אָרט אויסדערציילט זיין געשיכטע: אַלט איז ער 49 יאָר, אַ געבוירענער פון בריסעל. פון קליינערהייט אָן געאַרבעט אין די מינען, זיין פאַרמעגן — דאָס זיינען זיינע צוויי פאַרהאַרטעוועטע „מאַזאָלידיקע" הענט; און אַזוי ווי די מינען און פאַבריקן אַרבעטן ניט מער, וואו צו פאַרדינען איז נישטאָ, וואָס צו פאַרלירן אין לעבן האָט ער אויך ניט, — האָט ער זיך מיישב געווען און אַריינגעטראָטן אַלס פרייוויליקער אין דער אַרמיי.

אַ צווייטער פרייוויליקער, דער איד נאָטע, געבוירן אין פוילן, דערצויגן אין לאַנדאָן און אויסגעוועזן אַ וועלט, אַ קליין־געוויקסעקער מיט נערוועזע, שרעקנדיקע אויגעלאַך, און בשעת ער רעדט מיט זיין קוויטשענדיק קול'כעל שלינגט ער די ווערטער, — האָט זיך געגנומען מתודה זיין און אויסגיסן זיין ביטער האַרץ: בסך־הכל האָט ער גאַרניט געטראַכט צו ווערן אַ סאָלדאַט. ער איז ניט לאַנג געקומען קיין פּאַריז און האָט פאַרקלערט אַרויסצובאַקומען אַ פּאַטענט אויף צו האַנדלען. געגאַנגען איז ער אין „האָטעל דעז אינוואַליד" ווייל ער איז געווען זיכער, אַז מ'וועט אים אויסבראַקירן — צום סוף האָט מען אים גאָר צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט...

אַ דריטער, סאַשאַ, אַ געזונטער רוסישער איד מיט אַ געשטורפּעלט פּנים און אַ פריי — אָפן האַרץ; האָט קיין מלאכה ניט אין דער האַנט און דאָס איינציקע וואָס ער האָט געקענט פאַרדינגען איז זיין קרעפּטיקן קערפּער און זיינע צוויי מוסקולירטע אָרעמס: פלעגט ער שטיין אין פּאַריז, אויף ראַזיע־גאַס, און ווער ס'האָט געהאַט אַ שווערן פּאַק צו טראָגן האָט שוין געוואוסט, אַז דער טרעגער סאַשאַ וואַרט אויף אים. און פון זיין שווערער אַרבעט פלעגט ער בצמצום האָבן ברויט פאַר זיין פרוי און קינדערלאַך...

אָט דער סאַשאַ האָט אויך איינגעזען, אַז די וועלט איז משוגע און ווייסט ניט וואָס צו טאָן פון וואוילטאָג — נו, נעמט מען זיך רייסן פאַר די העלזער איינער דעם אַנדערן... און וואָס וועט שוין, צווישן אונז רײדנדיק, אַרויסקומען די פראַנצויזן, אַז על־זאָס און ווי רופט מען דאָס... וועט שוין געהערן צו פראַנ־

קרייד ?—וועלן דערפאר ווייניקער מענטשן שלאָפן אונטער'ן סענע־ ברוק ? צי בּרויט וועט מען געבן אַז געלט ? צי וואָס ? לאָמיר זיך ניט נאַרן, אומברייינגען אומזיסט און אומנישט אַזוי פיל מענטשן ? .. לויט זיין פאַרשטאַנד, וואָלטן מענטשן געקענט לעבן גליקלאַך און צופרידן, ווען זיי זאָלן נאָר וועלן פאַרשטיין איינער דעם צווייטן. קיין מלחמות וואָלטן גאָר ניט באַדאַרפט זיין ! ער איז געלאָפן זיך פאַרשרייבן אין דער אַרמיי מחמת ער האָט זיך ניט געקענט העלפן : אַז וואו מ'איז געשטאַנען און וואו מ'איז געגאַנגען האָט מען בלויז געהערט : „דער איז אוועקגעגאַנגען, דער גייט אַוועק, אידן מוזן גיין, אין פאַריז וועט זיין ערגער ווי אויפ'ן פראָנט". און איצט — טענה'ט סאַשאַ — פירט מען אונז ווי די בהמות אין די אָקסן־וואַגאָנעס צו דער שחיטה !

צו אונזער גרופּע האָט זיך צוגעשאַרט אַ איד אין די מי־ טעלע יאָרן און דערציילט פון זיין אומגליק : ער איז נישט לאַנג צוריק געבליבן אַן אַלמן מיט 5 קינדערלעך — צוויי, עלטערע, אַרבעטן און מאַכן זיך אַ לעבן פאַר זיך, די אינגערע דריי זיינען נאָך קליין און דאַרפן האָבן מ'זאָל אויף זיי אויפּפּאַסן... און אַזוי ווי אַ באַלעבאַסטע איז שטוב האָט ער געמוזט האָבן און די שדכנים האָבן אים ניט צורו געלאָזט, האָט ער חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. די אידענע איז אָבער אַזאַ שלאַק, אַז ס'איז אים נימאָס געוואָרן דאָס לעבן און ער איז אַוועק פרייוויליק זיך פאַרשרייבן אין דער אַרמיי ; און זאָל איצט די אַרורה וויסן, ווי גוט עס איז צו זיין אַליין. זיין איינציקע זאָרג זיינען געווען די קינ־ דער, אָבער דאַנקען גאָט וואָס די עלטערע פאַרדינען — זיי וועלן שוין אַכטונג געבן אויף די אינגערע...

— אָבער וואָס וועט איר זאָגן אויף אַזאַ משוגענעם, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט 7 קינדערלעך ? — האָט זיך אָנ־ גערופן אַ איד, וואָס איז געשטאַנען פון דער זייט. — איך בין גע־ לאָפן גלייך מיט אַלע נאַראָנים און זיך אָנגאַזשירט...

אַט אַזוי בין איך געוואויר געוואָרן, אַז פאַרשידענע מאָטיוון און אומשטענדן האָבן באַוואויגן אַזוינע מענטשן אַריינצוטרעטן אַלס פרייוויליקע אין דער אַרמיי.

איך האָב זיך שפּעטער דאָרט באַקאַנט אויך מיט אַזאַ טיפּ,

ווי מענדל שטארקמאן. געשטאמט האט ער פון ווארשע און איז
געקומען קיין פאריז שטודירן און אויך ארבעטן און פארדינען.
פאריז איז ביי אים געווען „די צווייטע אטהען”, און הגם ער איז
געווען גוט באהאווענט אין דער דייטשער שפראך און שטארק ליב
געהאט די דייטשע פילאזאפן: קאנט, העגעל, פיכטע און שאפענ־
הויער, האט ער דאך אויסגעקליבן פאריז, און ניט בערלין, אויף
צו שטודירן, ווייל פראנקרייך איז א טראדיציאנעל לאנד פון פריי־
הייט; פראנקרייך האט איר אייגן פאלק און אויך גאנץ אייראפא
באפרייט פון פעאדאליזם... און אויך דערפאר וואס פראנקרייך
איז געווען דאס ערשטע לאנד וואס האט עמאנציפירט די אידן און
זיי געשטעלט אויף א גלייכער מדרגה מיט אלע מענטשן...

דעם 25טן אויגוסט אין דער פרי איז ער צוזאמען מיט דער
טויזנטקעפיקער מארשירנדיקער מאסע דורכגעגאנגען דעם „קאנ־
קארד”־פלאץ אויפ'ן וועג צום „אינוואלידן־הויז” און, צוקומענ־
דיק צו דער סטאטוע „שטראסבורג”, האט ער זיך פלוצלונג אפ־
געשטעלט און אויסגעשריען: „זאל לעבן עלזאס־לאטרינגען! זאל
לעבן שטראסבורג! זאל לעבן דאס גרויסע נאבעלע פראנקרייך!”
א סך האבן אים אנגעקוקט און ניט געוואוסט, פארוואס דער
יונגערמאן האט זיך גראד אפגעשטעלט ביי דער סטאטוע און פאר
וואס דער ענטוזיאזם פאר איר.

אין וואגאן איז ער געזעסן אין א ווינקל, האט זיך צוגעהערט
צו אלע געשפרעכן, האט אבער אין זיי קיין אנטייל ניט גענומען.

בעת דער צוג איז אריינגעפארן אין א טונעל און האט פא־
מעלאך זיך געשלעפט, האבן א פאר נייגעריקע ארויסגעשטעלט די
קעפ פון וואגאן. דאס האט דעם נערוועזן נאטע'ן שטארק אי־
בערגעשראקן: ער האט באקומען היסטעריקע, געוויינט און גע־
טופעט מיט די פיס, און ס'האט גענומען א היבשע צייט, ביז ער
האט זיך בארואיקט. די סיבה פון זיין היסטעריקע איז געווען א
צופאל, וואס איז מיט א פאר טעג פריער פארגעקומען מיט א
רעקרוטן־צוג, בשעת'ן דורכשניידן א טונעל: מיט איינעם פון
די וואוילע יונגען וואס האבן געהאלטן ארויסגעשטעקט די קעפ
און געוואלט ווייזן בריה'שאפט, האט געטראפן אן אומגליק:
ס'האט אים אראפגעריסן דעם קאפ. ער איז געווען נאטע'ס א

באַקאַנטער, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים אַ פרוי מיט צוויי קינדערלאַך. איצט וויינען זיי נאָך אים און קאָנען זיך ניט טרייסטן...

נאָטע׳ס היסטעריקע האָט אָנגעוואָרפן אַן אומעט אויף אַלע־מען אין אונזער וואַגאָן. מען איז שטיל געבליבן זיצן יעדער אויף זיין אָרט און אין זיין ווינקל, פאַרנומען מיט אייגענע גע־דאַנקען און מער ניט געהאַט קיין חשק צו שמועסן. די גאַנצע נאַכט ביז׳ן ווייסן טאָג אַרייַן האָבן זיך געהוידעט און געוואַקעלט די שאָטנס פון די דרימלענדיקע ביים צאַנקענדיקן נאַפט־לעמפּל...

די זון און מאָרגן־טוי האָבן אָפּגעפּרישט די פאַרמאַטערטע פון וועג, וועלכע האָבן זיך שוין 18 שעה געשלעפּט מיט׳ן „ראַ־פּיד אַ בערלען״.... נייע האָפענונגען און אַ פרישער ענטוזיאַזם האָבן אונז ווידער באַהערשט, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין רואַן, און דאָ איז אונזער עשאַלאָן שטיין געבליבן אויף אַ קליי־נער ווילע. מיר האָבן זיך מיט געזאַנג אָוועקגעלאָזט אין שטאָט אַריין. פאַראויס איז געגאַנגען אַ לאַנגער, געזונטער רומענישער איד, וועמען מיר האָבן געקרוינט מיט׳ן נאָמען „מאָן־פּאָטאָ״, און ער האָט געטראָגן די פראַנצויזישע פאָן; נאָך אים איז געגאַנגען דער גאַנצער עולם און געזונגען די „מאַרסעליעזע״ און אַנדערע מיליטערישע לידער.

אין שטאָט זיינען מיר באַגריסט געוואָרן פון די נאָר וואָס אויפגעוואַכטע איינוואוינער, וועלכע האָבן לכתחילה ניט פאַר־שטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. געקוקט דערשראָקן און מיט אומ־צוטרויען. נאָר דערוויסנדיק זיך, אַז דאָס זיינען אויסלענדער, פריש געוואָרענע פראַנצויזישע פּאַטריאָטן וואָס האָבן זיך פריי־וויליק אָנגעשלאָסן צו העלפן פראַנקרייך, האָבן זיי באַקומען צו־טרוי צו אונז און זיך אויך אָנגעהויבן משמח זיין מיט די מאַ־ניפעסטאַנטן. אייניקע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט קושן מיט די רעקרוטן און זיי גערופן „רעטער פון פראַנקרייך״. מאָנפּאָטאָ האָט זיך געכאַפּט קושן מיט אַ 70־יאָריקע זקנה אַזוי שטאַרק, אַז ס׳איז שווער געווען זיי צו צענעמען. צום בעסטן האָבן אונז די קינדער פאַרשטאַנען, זיי האָבן זיך באַלד מיט אונז גע׳חבר׳ט. די שענקן האָבן געגעבן טרינקען אָן געלט, די שפּייז־קראָמען, האָבן געגעבן שפּייז פריי.

וואָס ווייטער דער צוג איז געלאָפן, אַלץ מער האָט געשטיגן דער ענטוזיאזם. ביי יעדער סטאַנציע, וואו דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַ באַגייסטערטער עולם מאַניפעסטירט מיט פאָנען. מיר האָבן דערביי געקראָגן לופט־קושן און שמייכלען פון פרויען, באַגריסונגען פון עלטערע פּערזאָנען און נאַאיווע אומארמונגען פון קינדער.

ניט ווייט פון סענט־עטיען האָט מיט׳ן עשאַלאָן געטראָפן אַ שטיקל סיבה: מאַנעווערנדיק, האָט זיך אונזער צוג אָנגעשלאָגן מיט אייניקע פּראַכט־וואַגאָנען; דער צוריק־שטוים איז געווען אזוי שטאַרק, אַז אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אין די וואַגאָנען זיינען אומגעפאַלן איינע אויף די אַנדערע. די מערסטע האָבן זיך לייכט צעקלאַפּט. אָבער עס זיינען אויך געווען אַ פּאָר ערנסט פאַרוואונדעטע וואָס מ׳האָט געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל.

צווישן די צעשעדיקטע וואָס מ׳האָט געבראַכט אין סענט־עטיענער שפּיטאָל איז געווען איינער נאָך גאָר אַ יונגער בחור. זיינע זיבעצען־אַכצען יאָר האָבן גלייך ארויסגעקוקט פון זיין איידל פּנים, פון די פולע רויטע באַקן און פייערדיקע אויגן.

זיין צושטאַנד איז געווען ניט געפערלאַך. נאָר דער דאָקטאָר וואָס האָט אים באַטראַכט און מיר אַלע וואָס זיינען געווען דערביי, האָבן זיך שטאַרק פאַרוואונדערט ווען מיר האָבן דערזען, אַז דער יונגערמאַן מיט׳ן מיידעלשן, פאַרביקן פּנים האָט צוויי פאַרגרעבטע, אומגעלומפּערטע הענט.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען אין וואַגאָן, האָבן מיר גענומען זיך דערציילן איטלאַכער זיינע אייגענע איבערלעבונגען און פּאַסירונגען, כדי צו פאַרטרייבן די צייט.

— איך וויל אייך דערציילן, — האָט דאָס אינגל מיט׳ן פרישן מיידלשן פּנים זיך אָנגערופן, — ווי אזוי איך מיט מיינעם אַ חבר האָבן זיך אַמאָל ניט דערקענט איינער דעם צווייטן אין אַ משך פון בלויז אַכט שעה זיך ניט זען.

— דערצייל! דערצייל! — האָבן אַלע מיט נייגעריקייט געבעטן.

„איך האָב געהאַט אַ חבר — האָט ער אָנגעהויבן דערציילן — דאָס הייסט איך האָב אים נאָך אַצינד אויך, ער איז

אבער ניטא דא, ער הייסט זעליק. איך בין מיט אים אויסגעוואקסן אין א בעסאראבער שטעטעלע, א טיר נעבן א טיר, געגאנגען צו־זאמען אין חדר, געשפילט זיך צוזאמען. ווען מיר זיינען אלט געווארן פופצן יאר האבן מיר גענומען קלערן וועגן א תכלית. ביי אונז אין שטעטל איז ניט געווען וואס צו טאן. האב איך באַ־שלאסן צו פארלאזן דאס שטעטל. קיינעם האב איך ניט געזאגט פון מיין באשלוס, אויסער זעליק'ן. ער האט באלד ארויסגעזאגט זיין ווונש מיר נאכצופאלגן. מיר האבן פארטיק געמאכט אונ־זערע פעקלאך און זיך געלאזט אין וועג אריין. איך, דער איני־ציאטאר פון דער נסיעה, בין געווען אויך דער „באנקיר" וואס האט פינאנסירט די אונטערנעמונג... איך האב פארמאגט א רובל מיט 80 קאפיקעס...

די רייזע אונזערע ביז צו דער באן האט גענומען א טאג מיט א נאכט. ווען מיר זיינען אנגעקומען צום וואקזאל, איז דארטן געשטאנען א צוג. מיר האבן קיין סך ניט געטראכט, אריין אין ערשטן בעסטן וואגאן, זיך אויסגעצויגן אונטער די בענק איינער קעגן צווייטן און איינגעשלאפן. פלוצלינג האב איך דערפילט ווי א פאר פעסטע הענט האבן מיך ראפטאם ארויסגעשלעפט פון מיין באהעלטעניש... און אינמיטן דער נאכט האב איך זיך געפונען אויף א פוסטער סטאנציע. נאר גליקלאך בין איך געווען, ווען איך האב דערזען לעבן זיך מיין חבר זעליק.

די ערשטע לעקציע וואס מיר האבן געקראגן אויף אונזער באקוועמער באן־רייזע האט אונז אבער ניט אנגעלערנט. הגם מיין חבר זעליק איז געווען איינגעשפארט און האט ניט געוואלט באצאלן פאר אזא לוקסוס־רייזע מיט צעבראכענע ריפן, האט ער דאך געמוזט ענדלאך אנעמען מיין עצה, אז ס'איז שוין גלייכער צו פארן אונטער א באנק ווי גיין צופוס און זיך אנמאכן בלאטערן אויף די פיס. ביז מיר האבן אבער געקראגן נאכאמאל א גע־לעגנהייט צו פארן האט גענומען עטלאכע טעג. אזוי האבן מיר געוואנדערט זיבן וואכן. איך וויל דא ניט דערציילן אלע איינצעל־הייטן; איך וויל מיך נאר אפשטעלן אויף דער רייזע וואס איך האב געמאכט פון ווין ביז פאריז מיט'ן עקספרעס אונטער די וואַ־גאנעם צווישן די רעסארן, און אין יענעם פארצווייפלטן מאמענט האב איך זעליק'ן אויפ'ן וועג פארלארן.

פאסירט האט עס אזוי:

נאכדעם ווי אונז האט זיך איינגעגעבן ארויסצודרייען זיך פונ'ם עסטרייכישן זשאנדארם'ס הענט און מיר זיינען צופוס אנגעקומען קיין וויען, האבן מיר ערשט דערזען וואו מיר געפינען זיך אין דער וועלט: קוויטיקע און אפגעריסענע, אן א גראשן געלט, זיינען מיר אריינגעפאלן אין א ים פון פרעמדע מענטשן; צו וועמען זיך צו ווענדן האבן מיר ניט געוואוסט, פיל קלערן האבן מיר ניט געקאנט, ווייל דער הונגער האט אונז געמאטערט. איז געבליבן, אז מיר זאלן זיך לאזן ווייטער אין גאטס וועלט אריין, און דוקא מיט'ן דירעקטן עקספרעס קיין פאריז, פארוואס גראד מיט דעם צוג? איז געווען א טעם דערביי: אזוי ווי מיר פלעגן זיך אויפהאלטן די גאנצע צייט אין וועסט־באן־הויף און נעכטיקן צווישן די וואגאנעס, האבן מיר איינמאל געפונען אין די וואגאנעס פון עקספרעס־צוג א גאנצן אוצר פון שטיקער ברויט, האלבע פלעשער געטראנקען, פושקעס סארדינען — דאס האט אונז אזוי גערייצט, אז ס'האט אונז שוין געצויגן צו דעם צוג...

אין די וואגאנעס האבן מיר שוין דאס מאל מורא געהאט אריינצוגיין צו באהאלטן זיך אונטער די בייגק: ערשטנס, זיינען די וואגאנעס געווען שוין צו גרויסארטיק פאר אונז; צווייטנס, ווען מ'וועט אונז כאפן — וועלן מיר שוין דארפן באצאלן א צו גרויסן פרייז. מיר וועלן שוין מיט קיין גאנצע ביינער ניט ארויס... האבן מיר באשלאסן צו פארן צווישן די רעסארן פון די וואגאנען, וואו קיינער וועט אונז ניט באמערקן. איין איינציקע זארג האט אונז געמאטערט: דער מעכאניקער וואס פרובירט די רעדער, קלאפענדיק אין זיי מיט א האמער, זאל אונז בשעת־מעשה ניט באמערקן.

בארואיקט האבן מיר זיך ערשט דאן, ווען דער שנעל־צוג האט אנגעהויבן צו לויפן מיט זיין טיפלשן אימפעט.

בשעת'ן פארן האט זיך מיר דער קאפ אזוי פארדרייט, אז איך האב ניט געוואוסט מער אויף וואסער וועלט איך געפין זיך און וואס מיט מיר קומט פאר; אינסטינקטיוו האב איך בלויז געפילט די געפאר און זיך איינגעקלאמערט מיט די לעצטע קרעפטן פון מיינע הענט און פיס צווישן די אייזערנע רעסארן... יעדער

באגריף פון צייט און שטח איז ביי מיר פארשוואונדן, קיין זאך האב איך ניט געפילט, אויסער אן אונענדלאכן קאשמאר. ווען דער צוג האט זיך ענדלאך גענומען אפשטעלן מיט א שטארקן טרייסל, האב איך געפילט אז איך גליטש זיך ארונטער פון מיין ארט; מיט די פיס האב איך אנגערירט די שטיינדלאך פון וועג, אבער מיט די הענט האב איך מיך נאך אלץ פעסט אנגעהאלטן אין די רעסארן...

ארויסגעקומען בין איך פון צווישן די וואגאנעס שווארץ ווי קויל. און קיינער פון די אויפזעער האט מיר גארניט געזאגט, ווען איך בין ארויס פון באן־הויף; מ׳האט געווים געמיינט, אז דאס בין איך דער הייצער פון לאקאמאטיוו. מיין ערשטער גע־דאנק איז געווען: זעליק! איך האב אים אומעטום געזוכט, אבער אן דערפאלג. דער פארלוסט פון מיין חבר האט מיך אזוי צע־בראכן, אז איך בין געבליבן זיצן א מאכטלאזער ביי א הויפן קוילן לעבן דער סטאנציע און בין אזוי איינגעשלאפן.

אויפגעוועקט האב איך מיך פלוצלינג פון די געשרייען ארום מיר. ווען איך בין צו זיך געקומען, האב איך דערזען נעבן מיר שטיין צוויי ארבעטער, וואס זייערע פנים׳ער זיינען געווען אזוי פארשמירט מיט קוילן־שטויב, אז אויסער די פינקלדיקע אויגן האט מען אין זיי קיין „מענטשלאכע צורה" ניט געקאנט באמערקן. זיי האבן צו מיר עטוואס גערעדט, נאר זייער שפראך איז מיר געווען אומפארשטענדלאך, האב איך ניט געוואוסט וואס זיי פאר־לאנגען פון מיר. דאן איז צו מיר צוגעגאנגען אן אנדערער, מיר דערלאנגט א לאפאטע אין דער האנט און געוויזן, ווי אזוי איך זאל ווארפן די קוילן אין וואגאן אריין. ער אליין מיט נאך צוויי ארבעטער האבן גענומען טאן דאס זעלבע. האב איך שוין קיין ברירה ניט געהאט און מיט די לעצטע כחות זיך אנגעשטרענגט און געווארפן די קוילן, ביז דער קאפ האט זיך מיר פארדרייט און אין די אויגן האט מיר אנגעהויבן צו שווינדלען... ווען איך האב צוריק געעפנט די אויגן, זיינען די זעלבע פארקוילטע ארבעטער געשטאנען ארום מיר: איינער האט געגאסן פון א פלאש רויטן וויין אין א בלעכענער כלי, דער צווייטער האט מיר דעם וויין געגאסן אין מויל אריין, בשעת דער דריטער האט מיר צוגעהאלטן דעם קאפ.

אזוי ארום, ביז איך געווארן א קוילן־ארבעטער ביי דער באן. כ'האב פארדינט גענוג אויף אפצושפארן אביסל געלט.

אין א צוויי חדשים ארום בין איך געוואר געווארן, אז זעליק לעבט און אז ער געפינט זיך אין דער שווייץ; ער קלייבט זיך צו קומען קיין פאריז צו מיר. מיט אים האט געטראפן אין באזעל דאסזעלבע וואס מיט מיר ביים אנקומען קיין פאריז. ער איז ארויסגעפאלן פון אונטער די רעסארן, און אפגעשניטן האט ער ערגער ווי איך. אחוץ צעבראכענע ריפן, זיינען ביי אים אויך א האנט און א פוס אויסגעלענקט געווארן. דאס האט אים גראד געראטעוועט: מחמת ער האט ניט געקאנט גיין, האט מען אים אפגעפירט אין א שפיטאל, האט ער זיך אויסגערוט עטלאכע וואכן און איז געקומען צו זיך. דערנאך האט ער אביסל געאר־בעט און זיך דערשלאגן קיין פאריז. די ערשטע צייט האט ער געלעבט פון מיינע פארדינסטן. געוואוינט האט ער ביי מיר.

זעליק'ן איז אבער מיין מלאכה ניט געווען געפעלן: „צוליב דעם האבן מיר זיך אזוי אנגעפלאגט און אנגעשטריינגט צו קומען קיין פאריז, כדי פארשווארצט צו ווערן ביי די קוילן?!"

האב איך אוועקגעווארפן מיין ארבעט און גענומען צוזאמען מיט מיין חבר זוכן אן אנדער באשעפטיקונג. מיר האבן אויס־געמאסטן די גאסן פון פאריז; ס'איז אוועק א טאג, צוויי, דריי, פיר, א וואך, צוויי, דריי וואכן — נישטא קיין ארבעט! דאס ביסל געלט איז צעקראכן געווארן, דעם באלעבאס פון האטעל זיינען מיר שוין שולדיק געווען פאר א וואך דירה־געלט, און, איינ־מאל, ווען מיר זיינען געקומען שלאפן, האט אונז דער באלעבאס ניט ארייננעלאזט און אפילו נישט דערלויבט ארויסצונעמען דאס ביסל ארעמקייט אונזערס, ביז מיר וועלן אים ניט באצאלן דעם חוב. איז אונז אנדערש ניט געבליבן, ווי איבערנעכטיקן אונטער די בריקן פון דער סענע, מיט וועלכער מיר זיינען שוין פון פריער געווען באקאנט.

אויף מארגן האבן מיר באשלאסן צו פארלאזן פאריז. אבער פריהער בין איך נאך געגאנגען געוואויר ווערן צו מיין שווארצער ארבעט. די ארבעטער האבן מיך גוט אויפגענומען; קיין ארבעט איז שוין אבער ניט געווען, האבן זיי מיך געראטן צו פארן קיין

סענט־עטיען אין די קוילן־גראבנס און דערביי מיר געלערנט, ווי אזוי צו קומען אהין אן רייזע־הוצאות.

ווען מיר זיינען אנגעקומען אויפ׳ן ארט פון די קוילן־גראבנס, האבן זיך ערשט אנגעהויבן צרות: אומעטום וואו מיר האבן געבעטן ארבעט האט מען אונז אפגעזאגט. די סיבה דערפון האבן מיר זיך ערשט דערוואוסט ביי דער מיידל פון דער קיך: מיט קראגענס און ווייסע העמדער נעמט מען ניט צו אין די גראבנס. האבן מיר אויסגעטאן פון זיך דעם „פריץ", פארקאשערט די ארבל ביז איבער די עלנבויגנס, צעכראסטעט די העמדער און אזוי אוועקגעגאנגען זוכן ארבעט, און מיר האבן טאקע באלד געקראגן. דאס זעלביקע מיידל האט אונז געגעבן אפצועסן צוויי גרויסע שטיקער ברויט, פוטער און וואורשט, דערקלערט די רעגלען פון די מינעס און אנגעוויזן אן ארט צום שלאפן.

דעם צווייטן טאג, גאנץ פרי, זיינען מיר שוין געשטאנען מיט אנדערע ארבעטער ביי דער ווינדע גרייט אראפצולאזן זיך אין די טיפע הײלן פון דער ערד. געמיינט האבן מיר, אז מיר וועלן באטש זיין צוזאמען: צום סוף האט מען אונז גאר צעשיידט. מיך האט מען אוועקגעשטעלט ביי די אייזערנע וואגאנטלאך, וועלכע איך האב געדארפט אנפילן מיט קוילן און אויסליידיקן; זעליק׳ן האט מען געשיקט מיט אן אנדער פארטיע האקן די קוילן. גאנצע אכט שעה האבן מיר אזוי געארבעט אן אפרו און אן עסן (מיר זיינען אפגעקומען בלויז מיט שווארצע קאפע.) איך האב קוים דערלעבט צו זען די ארבעט צייט געענדיקט. פון די געדערים פון דער ערד האבן זיך ווי מוראשקעס געצויגן פארטיעס מענטשן, אויפגעהויבן געווארן מיט דער „ווינדע" און ארויס אויף דער פרייער וועלט. איך זוך צווישן די מענטשן, קוק מיר ממש אוים די אויגן — מיין זעליק איז נישטא! די לעצטע פארטיע ווערט שוין ארויפגעצויגן מיט דער „ווינדע". ניט ווילנדיק רייסט זיך ביי מיר ארויס א אידישער קרעכץ... „וואס, דו ביסט דאס, חיים!" — גיט זיך א רוף אפ איינער ביי מיין זייט. „זעליק! איך זוך דיך דאך ארום. אוי ווי דו זעסט אוים. גאר ניט צו דערקענען!" — „איך האב דיך אויך געזוכט און וואלט דיך קיינמאל אין דער וועלט ניט דערקאנט, ווען דו רופסט זיך ניט אפ מיט דיין קרעכץ!"...

דער דערציילער איז שטיל געבליבן און האָט זיך פאַרטראַכט.

— און פון וואָס זיינען ביי דיר די הענט אַזוי אויסגעקרימט?

— האָבן איינציקע אַ פרעג געטאָן נייגעריק.

— טאַקע פון די קוילן־גראַבנס. דאָס איז שוין פאַרגע־קומען אין שאַרלרואַ. דאָרטן האָבן מיר געאַרבעט דעם גאַנצן ווינטער. איך — ביי די וואַגאָנטלאַך און זעליק ביי אַן אַנדער אַרבעט, מחמת ער איז ניט געווען גענוג שטאַרק צו דער אַרבעט פון די וואַגאָנטלאַך. אין דעם גראָבן איז דוקא ניט געווען קאַלט, הגם מיר האָבן געאַרבעט האַלב נאַקעט; אָבער פון דער דרויסנ־דיקער קעלט, פלעגן די הענטלאַך פון די וואַגאָנטלאַך אַזוי פאַר־פרוירן ווערן, אַז די הויט פון אונזערע הענט פלעגט זיך שפּאַלטן פונ׳ם אָנרירן זיי. ביינאַכט פלעגט די הויט צוזאַמענגעצויגן ווערן און ביי טאָג, בעת דער אַרבעט, פלעגט זי זיך ווידער שפּאַלטן. ווי טאָן פלעגן די הענט ערשט ביינאַכט בשעת׳ן שלאָף, און אַזוי האָבן זיך מיינע פינגער אויסגעקרימט.

— און וואו איז אַצינד דיין חבר?

— אין פּאַריז. מ׳האָט אים ניט געוואָלט צונעמען פאַר אַ פּרייוויליקן ווייל ביי אים זיינען פאַרבויגן דריי פינגער פון דער רעכטער האַנט און ער האָט אַן אויסגעקרומטן פוס.

— פון וואָס איז דאָס אים געקומען?

— פון די זעלבע קוילן־גראַבנס, און בלויז אים מיט נאָך צוויי אַרבעטער האָט מען אָפּגעראַטעוועט; די איבריקע זיינען דאָרטן פאַרשטיקט געוואָרן אויף טויט...

מער קיין פראַגעס האָט מען אים שוין ניט געשטעלט און מיר זיינען ווייטער געפאָרן, שווייגנדיקע.

אין סענט־עטיען האָבן מיר געהאַט די זכיה באַשיינפּערלאַך צו זען זאַלאַ׳ס העלדן — די מינען־אַרבעטער: צעבויגענע קער־פּערס, אויסגעלאָשענע אויגן, שוואַרצע געזיכטער און ברודיקע פאַרקריפּעלטע הענט...

דער עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט, די לוסטיקע יונגען זיי־נען אַרויס פון די וואַגאָנען און אָנגעהויבן באַווייזן זייער קענט־ניש אין טאַנצן „קאַזאַצקעס", אין האָפּקען פריילאַכס און אין זינ־גען אויף די העכסטע טענער. די אַלטע קוילן־גרעבער זיינען גע־שטאַנען מיט זייערע ווייבער און קינדער און געקוואַלן.

קיין ליאָן זיינען מיר אָנגעקומען ערשט אַרום 10 אַזייגער אין אָוונט נאָך אָנדערטהאַלבן מעת־לעת פאָרן פון פּאַריז. גע־ריכט האָט מען זיך אויף אַ גרויסאַרטיקער אויפנאַם סיי מצד דער באַפעלקערונג, סיי מצד דער מיליטערישער מאַכט, וועלכע האָט געזאָלט ווייניקסטנס אַנטקעגן קומען מיט מוזיק, — צום סוף האָט אַפילו קיין האָן ניט געקרייט ווען מיר זיינען אויסגעשטיגן פון צוג און קיינער איז ניט געקומען זיך וויזן... מיר האָבן לאַנג אַרומגעבלאָנקעט און געבלאָנזשעט איבער די פינצטערע ליאָנער גאַסן, זוכנדיק אַ מקום־מנוחה וואו אָפּצורוען די מידע ביינער — נאָך עטלאַכע און דרייסיק שעה טרייסלען זיך אין די אָקסן־וואַ־גאָנעס — מיר זיינען אויך דורכגענעצט געוואָרן פון דעם דראָב־נעם רעגן. ווען מיר האָבן זיך, צעבראָכענע און פאַרמאַטערטע, שוין דערפרעגט צו אַ קאַזאַרמע, האָט מען אונז ערשט געוויזן די טיר און אָפּגעשיקט צום טייפל... אַזוי איז געווען אין אַ צווייטער קאַזאַרמע, אין אַ דריטער. ביז נאָך האַלבער נאַכט האָט מען זיך אַרומגעשלעפּט אַהין, אַהער, ביז וואַנען איינער אַ סער־זשאַנט האָט זיך אויף אונז מרחם געווען און אונז אָוועקגעפירט אויף „רי דע לאַ גילאָטיער" אין אַ ליידיקער שולע, דאָרטן האָבן מיר זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד.

די וואָס האָבן גע'חלום'ט אַז פראַנקרייך וועט די פריוויליקע לייגן אויף גאָלדענע בעטלאַך, זיינען די נאַכט שוין ניט געשלאָפן און אויפגעשטאַנען זיינען זיי אויף מאָרגן מיט צעבראָכענע גלי־דער... און פאַרלוירענע טרוימען...

עטלאַכע טעג כסדר זיינען מיר געווען אַזוי פאַרשפּאַרט אין דער שולע (מ'האָט שוין קיינעם ניט געלאָזט אַרויסגיין אַליין אין דרויסן), וואו ס'איז אַפילו ניט געווען געזונג וואַסער אויף צו וואַשן זיך. עסן האָט מען אונז געגעבן אין גרויסע צעבערס, אַז לעפל און אַז שיסלען — עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטן ניט געווען קיין מענטשן, נאָר — פיר פיסיקע...

אין ליאָן זיינען געווען עטלאַכע זאַמל־פּונקטן פאַר די פריי־וויליקע, וועלכע זיינען אַהער געקומען פון פּאַריז, ווי אויך פון דער שווייץ; די וויכטיקסטע פון זיי זיינען געווען אַווענו־דע־סאַקס און רי דע לאַ גילאָטיער. — די ערשטע עטלאַכע טעג איז געגאַנ־

גען אַ סדרה — ציילן: פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אונז געהאַלטן אין איין ציילן. פאַרטאָג האָט מען אונז אין די ברייטע הויפן אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער רייע און געציילט. דערנאָך ווידער געציילט און איבערגעציילט, און מ׳האָט אונז געהייסן זיך פונאַנדערגיין. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען ווידער גערופן און מ׳ציילט שוין באַנייעס, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין... נאָכ׳ן ציילן איז נעגאַנגען די סדרה — פאַרשרייבן נעמען. דאָס האָט צוגענומען נאָך מער צייט ווי ציילן, ווײַל די פרעמדע אויסלענדישע נעמען זיינען פאַר די פראַנצויזן געווען צו האַרט צו צעקייען...

שפּעטער האָט מען אונז אָנגעהויבן לערנען הלכות סאָלדאַטשינע. אָבער דאָס איז געווען גאָרניט לייכט. די אינסטרוקטאָרן זיינען געווען ספּעציעל אַראָבגעבראַכט פון סידי־באַלאַבעס (מאַראָקאָ), — אַלטע לעגיאָנערן וואָס האָבן שוין אויפגעגעסן די ציין זייערע אין דער אייזערנער דיסציפּלין פון פרעמדן־לעגיאָן.

ג

# אין פרעמדן-לעגיאָן

אין פרעמדן לעגיאָן האָבן געדינט מענטשן פון פאַרשידענע ראַסן: כינעזער, נעגער, אַראַבער, אינדיאַנער און נאָך ראַסן וואָס די עטנאָגראַפיע ווייסט אפשר ניט פון זיי. אויך מענטשן פון פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס, ווי אַנטלאָפענע פאַרברעכער, קאַטאַר־זשניקעס, גנבים, שיכורים, מענטשן וואָס האָבן שוין זייער מענטשן־געפיל און ווערט פאַרלוירן, און דאַרפן זיך מיט דעם עפנטלאַכן לעבן מער ניט רעכענען. דאָרטן ווערן זיי פאַרלוירן, פאַרגעסן פון דער אויסערלאַכער וועלט. זייער איינציקע פליכט איז די גרויזאַמע, אונמענשלאַכע סאָלדאַטישע דיסציפּלין. דורך זייער אַרבעט פון „ציווילי‌זירן" די שטילע איינוואוינער פון אַפריקאַ: מאָרדן די מענער, שענדן די פרויען און אויך דורך פאַרשיידענע מיליטערישע מסירות, דערדינען זיי זיך צו אַ גראַד; ווערן אַ קאַפּאָראַל און קריגן אַ קופּערנעם סאָלדאַטישן מעדאַל. דאָס איז די גאַנצע מאָראַל, דער לעבנס־אינטערעס און ציעל זייערער.

אַט די דאָזיקע נפשות קומען צו אונז „גרינע" און ווערן די וועגווייזער, לערער און פירער אונזערע אין שלאַכט און זיינען די רעטער פון דער ציוויליזאַציע און מענטשלאַכקייט...

זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז מיט אַזעלכע האַרטנעקיגע און „פאַרשטאָפּטע קעפּ", ווי מיר זיינען, איז ניט אַזוי גרינג איינצוחזר'ן די סאָלדאַטישע פילאָזאָפיע און מאָראַל. דאַרף מען דאָך ווייזן, אַז מען איז עפּעס לעגיאָנערן און מ'איז געקומען, פון אונז „פּוילענצער" מאַכן פּייאיקע סאָלדאַטן, הויבט זיך אָן אַ סדרה פון שימפּ־ווערטער, גראָבע אונמענטשלאַכע באַהאַנדלונג, ביז גאָט העלפט און „מ'ווערט מענטשן"...

און צום סוף איז זיי דאך זייער שווער אנגעקומען איינצו־צוימען אלע פרייוויליקע עלעמענטן וואס זיינען געקומען אהער מיט גאר אנדערע אינטערעסן און פניות, ווי די אלטע לעגיאנערן. און ווען די אינסטרוקטארן האבן זיך אנגעשטויסן אויף עקשנים און זיי אויפגעווארפן אז זיי האבן זיך אנגאזשירט בלויז צוליב דעם „גאמעל" (מאלצייטן), האט דאס אונז שטארק פארדראסן, ווייל וואס מ'האט ניט געקאנט אויפווארפן די פרייוויליקע, האט מען אבער אזא בלבול אויף זיי ניט געטארט אויסטראכטן.

פאר אונזער סעקציע זיינען פון אט יענע נפשות באשטימט געווארן צוויי נייע סערזשאנטן און א פאר קאפראלן. דעם ערשטן טאג האבן זיי געכאפט א קאיַ, זי געטויטעט, אפגעקאכט און פון איר געלעקט די פינגער. די סערזשאנטן זיינען געווען: איינער א נעגער און דער צווייטער אן אייראפייער. דער נעגער האט אונז ניט פיעל שלעכטס געטאן. עס ווייזט אויס, אז ער האט זיך גע־פיהלט פארט ווי פון א „נידעריקער ראסע" און איז צופרידן גע־ווען, ווען מ'האט פון אים ניט אפגעלאכט. דער אייראפייער אבער האט זיך שוין ניט געהאט מיט וואס צו שעמען און האט גענומען א הויכן טאן. — אליין איז ער באשטאנען פון צוויי רויטע פארדרייטע וואנצעס, צוויי קליינינקע גנבה'שע אויגע־לאך, א סאלדאטישן שטעל, אן אויטאמאטיש־שטרייננג אנגעצויגן געזיכט, וואס ווייזט אויף יעדן טריט און שריט אז דאס איז ע ר.

טרעפט זיך אמאל, ער קומט אריין אין אונזער צימער, וואו ס'האבן זיך געפונען 35 אידישע סאלדאטן מיט אן אלטן סער־זשאנט און קארפאראל, אויך אידן, און גיט א באפעל: „רופט אויס די סאלדאטן".

— דאס איז שוין געטאן געווארן — רופט זיך איינער אפ.

— רופט אויס ! ! — שרייט שוין דער אונטער־אפיציער מיט זיין סאלדאטישן טאן און גיט א טופע מיט'ן פוס.

אייניקע זיינען שוין געווען געשלאפן, האבן זיי זיך פון שרעק אויפגעכאפט. ער האט זיינס אויסגעפירט. אויף מארגן זיינען נאך דערצו אלע באשטראפט געווארן דערפאר, וואס מען האט תיכף ניט דורכגעפירט וואס ער האט באפוילן.

דאן האט זיך אנגעהויבן צעפלאקערן אין אונז דער געפיל

פון נקמה. יעדערער האָט געשוואוירן צו נעמען ראַכע פון דעם רשע: אויף׳ן שלאַכטפעלד וועט מען אים מכבד זיין מיט אַ קויל... אָבער מיר האָבן נאָך פריער דערלעבט אַ „נקמה" אין דעם סערזשאַנט.

פּאַסירט האָט עס אַזוי:

דער קאַלאַנעל איז איינמאָל, אומדערוואַרט, אַריינגעקומען אין דער קאַזאַרמע און דעם סערזשאַנט ניט געטראָפן. יענער האָט אין שטאָט זיך אָנגע׳שיכור׳ט און איז צו שפּעט געקומען. האָט מען אים דערפאַר די גאַלאָנען אָפּגעריסן און באַשטראָפט מיט 15 טעג תפיסה און אים דעגראַדירט צו זיין אַ סאָלדאַט פון דער צווייטער קאַטעגאָריע, אַז בענדלאַך, אין אַז אַלטן מונדיר אין איין ריי מיט די גרעסטע קאַליקעס סאָלדאַטן.

אָבער מיר — אַנשטאָט צו פרייען זיך מיט דער מפּלה פון דעם „המן", האָבן גאָר דערפילט אַ רחמנות צו אים.

— איר ווייסט — האָט זיך אָנגערופן צו מיר איינער וואָס איז אַ דאַנק אים געזעסן 8 טעג אין קאַרצער — איך האָב איצט מיט אים מיטלייד. ווען איך האָב די מאַכט, וואָלט איך אים געגעבן צוריק די בענדלאַך. אַ צווייטער זאָגט מיר, אַז ער שעמט זיך צו קוקן אין די אויגן דעם אַראָפּגעזעצטן סערזשאַנט, טאָמער וועט זיך יענער פאַרשעמען...

אָט אַזוי האָבן מיר „טריאומפירט" מיט אונזער נקמה...

ביים אָנטאָן זיך די מיליטערישע קליידער איז אויך פאַרגעקומען אַן אינצידענט: ווי אויף צו־להכעיס, איז אויסגעפאַלן אויף אַ קליינעם סאָלדאַט דווקא אַ פּאָר לאַנגע הויזן און אויף אַ לאַנגן — אַ פּאָר קורצע; אַ דיקער האָט געקראָגן אַ וועסט, וואָס איז זיך אויף אים ניט צונויפגעגאַנגען און אַ דאַרער האָט געפּאַקט אַ ברייטע וועסט, אַז ער איז פון איר ממש אַרויסגעפאַלן; אַזוי איז אויך געווען מיט די שיך און קאַשקעטן. דעם ערשטן טאָג, ווען די „נייע פאַרשטעלטע" האָבן זיך באַוויזן אין הויף פון די קאַזאַרמעס, איז געוואָרן אַזאַ געלעכטער, אַז ס׳איז געווען אוממעגלאַך איינצושטילן דעם לאַכנדיקן עולם. די עלטסטע האָבן זיך געבייזערט. געוואַרנט. אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן, און מ׳האָט געמוזט באַפעלן די סאָלדאַטן זיך פאַנאַנדערצעגיין אין די קאַזאַרמעס.

דער זיידענער יונגערמאַנטשיק, אונזער אַלטער באַקאַנטער, דער וואָס האָט אַזוי הויך קאָמאַנדירט, פירנדיק די מאַסע פּריי־וויליקע פון׳ם „פּלעצל" ביז׳ן „אינוואַלידן־הויז", איז געקומען פון פּאַריז אַהער, מיט עטלאַכע טעג שפּעטער, אָנגעטאָן אין אַ פּאָר פיינע געלע „כאַליאַוועס", אין אַ סאַפּערט קאָסטיום און מיט אַ בייטשל אין דער האַנט — אַ גאַנצער פּראַנט. יעדעס מאָל ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם הויף פון קאַזאַרמע, פלעגט ער, מעשה קאַפּיטאַן, פּאַררייסן דעם קאָפּ און איגנאָרירן אונז, די וועמען ער האָט אין פּאַריז צוגערעדט צו פאַרשרייבן זיך אַלס פרייוויליקע... אויפגעהאַלטן האָט ער זיך אין ביוראָ פון דער פּאַרוואַלטונג און האָט געגלויבט, אַז פאַר די „טובות" וואָס ער האָט געטאָן צו פראַנקרייך, האָט ער פאַרדינט מ׳זאָל אים צוטיילן גרויס כבוד און פּריווילעגיעס; צום סוף, האָט מען אים גאָר באַפוילן אָראָפּ־נעמען די כאַליאַוועס, אויסטאָן דעם ספּאָרט־קאָסטיום, אָוועקלייגן דאָס בייטשל און ווערן אַ סאָלדאַט גלייך מיט אַלע אַנדערע. דאָס האָט דעם נעבעכדיקן קאָמאַנדיר לחלוטין ניט געשמעקט און ער האָט זיך אָנגעבראָגז׳ט, אָבער ס׳האָט אים גאָר ניט געהאָלפן. די דיס־ציפּלין האָט געבראָכן זיין פּוסטן שטאָלץ.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די איבונגען. אַ גאַנצן טאָג (אַ חוץ מיטאָג־צייט), האָבן מיר זיך ביים פעסטונגס־פּלאַץ פּאַר־דער־לאַ־מאָד געאיבט אין לויפן און שפּרינגען איבער גריבער, אין דראַפּן זיך אויף די גלייכע ווענט און דאָס גלייכן. איינמאָל ביי אַזאַ מאַנעוור פון שפּרינגען האָבן פיר סאָלדאַטן זיך צעבראָכן די פיס, פיר אַנדערע האָבן זיך די פיס אויסגעלענקט. אומקערנדיק זיך אין קאַזאַרמע נאָך אַזעלכע איבונגען, פלעגט דער גרעסטער טייל פון די סאָלדאַטן אַנידערפאַלן אויף די בעטלאַך, געווען צו מיד אפילו צו עסן.

ווען דער פּראָצעס פון איבונגען איז געווען פאַריבער, האָט מען גענומען אויסטיילן אונז ביקסן. און דאַן האָט זיך אויף ס׳ניי אָנגעהויבן אַ סדרה — ציילן: פאַרשרייבן די נעמען, מעטרי־קולן און נומערן פון די ביקסן וואָס זיינען אויסגעטיילט געוואָרן. יעדער סאָלדאַט האָט געמוזט וויסן דעם נומער פון מעטריקול און דעם נומער פון זיין ביקס כדי ער זאָל זי, חס־ושלום, ניט פאַר־

לירן אדער פארבייטן; אויב דאס געשעט, איז שיסן פאר אזא זאך ווייניק... „די ביקס — האבן גע'טענה'ט די אינסטרוק־טארן — איז ביים סאלדאט זיין ווייב און געליבטע. ער איז מחויב זי צו פוצן, צערטלען, שמירן און אפהיטן, ווי דאס אויג אין קאפ!

און אז מיר האבן זיך שוין אויסגעלערנט ווי צו האלטן א ביקס, ווי אזוי צו מאנעוורירן און סאלוטירן מיט'ן געווער א. א. וו., האבן זיך ערשט אנגעהויבן די רעכטע מיליטערישע איבונגען ביים „פאר־דע־לא־מאד": שיסן — צוערשט אויף 25 מעטער דיסטאנץ, דערנאך אויף 250 מעטער און אפילו 400 מעטער, אין פאל ווען א קאוואלעריע אטאקירט אינפאנטעריע.

נאכדעם האט מען אנגעהויבן מיט אונז צו מאכן לאנגע מאר־שרוטן, צומאל נאכט־מארשרוטן, מיט דער גאנצער אמוניציע וואס מען מוז האבן צום שלאכט. מען האט געטראגן מיט זיך: די קאלדרע, די „פאלאטקע" מיט'ן קלאפער־געצייג זי אויפצושטעלן, די רעזערווע שיך, העמדער און זאקן; סוכארעס, קאנסערווירטע פלייש, צוקער און קאפע גענוג אויף צוויי טעג. א חוץ דעם האט מען געטראגן אויף זיך א בייטל, אין וועלכן ס'האבן זיך געפונען: א וואסער פעלד פלאש, א בלעכענע כלי אויף אויפצואווארעמען קאפע, א פאטראנען־האלטער מיט 300 קוילן און די ביקס מיט'ן שפיז. אזוי אז יעדער סאלדאט איז ארוים אויף א מאנעוור־מאר־שרוט אנגעלאדן ווי א קעמל און אזוי געמושטירט געווארן דורכ־מאכנדיק פון 20 ביז 25 קילאמעטער. נאך אזא מין שפאציר איז שוין ביי אונז ניט געבליבן קיין פרייער ווילן. אין משך פון א חודש צייט זיינען די „פרייערס" מיט די שיינע מאניערן, לאנ־גע קודלעס האר פארוואנדלט געווארן אין נידעריק אפגעשוירענע סאלדאטן, דיסציפלינירטע און געהארכזאמע ביז גאר.

מיר האבן אנגעהויבן צו מאכן די ריכטיקע מאנעווערס. מיר פלעגן זיך צעשפרייטן איבער'ן פעלד, איינער פונם צווייטן אפגע־רוקט אויף 2 מעטער, און גענומען אטאקירן דעם „פיינט", וועל־כער האט זיך געפונען אויפ'ן בארג אדער אין וואלד. מיר פלעגן קריכן אויף די בייכער און, באהאלטנדיק זיך אויפ'ן וועג אין די גריבער און ראווזן, זיך פאר'גנב'ענען אויפ'ן בארג אדער אין וואלד אריין. דער „שונא" האט אונז באלד דערשמעקט און אנ־

געהויבן צו שיסן אויף אונז. מיר האָבן געענטפערט. ווען ס'האָט זיך געהערט אַ קנאַלן פון קאַנאָנען, האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד און איינגעגראָבן דעם קאָפּ צווישן די הענט. אונזער אַרטילעריע האָט געענטפערט. דערנאָך, ווען דער „שונא" האָט זיך דערנענטערט, זיינען מיר איבערגעגאַנגען צו אַן אַטאַקע מיט באַיאָנעטן. מיט ווילדע געשרייען, איז מען געלאָפן איינער קעגן דעם צווייטן און „געשטאָכן".

## ד

# פרידמאַן

אין ליאָן האָבן מיר זיך צוזמענגעטראָפן מיט דער שווייצאַ־רישער גרופּע פּריוווילִיקע, וועלכע זיינען אהער געקומען פון דער פראַנצויזישער און דייטשער שווייץ און געוואַרט אויף זייער ריי ארויסגעשיקט צו ווערן צום פראָנט. צווישן דער שווייצארישער גרופּע זיינען געווען א סך רוסיש־אידישע סטודענטן וואָס זיינען ניט צוגעלאָזט געוואָרן אין די רוסישע אוניווערסיטעטן און אלער־ליי רעוואָלוציאָנערן וואָס האָבן זיך ארויסגעריסן פון די צארישע הענט אָדער רוסישע טורמעס. די מערסטע פון זיי זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער זייגער־אינדוסטריע. אלע זיינען זיי געקו־מען מיט דער זעלבער אידייע: קעמפן קעגן דער מיליטאַריס־טישער דייטשלאַנד.

א סך פון די „פּאַריזער" האָבן געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די „שווייצאַרער" א דאַנק דער פאַרמיטלונג פון פרידמאַנען, וואָס איז געקומען מיט דער „שווייצארישער" גרופּע. פרידמאַן האָט פריער געוואוינט אין פּאַריז, און דאָ, אין ליאָן, האָט ער אָנגע־טראָפן פילע פון זיינע באַקאַנטע צווישן די פּאַריזער פּריוווילִיקע.

פרידמאַן האָט געשטאַמט פון א קליין שטעטל אין אוקראַינע. געווען אַן „עקסטערניק". געווען אויך א רעוואָלוציאָנער וואָס האָט דורכגעמאַכט א סך רוסישע טורמעס און מיט'ן עטאַפּ געגאַנגען פון דער וואָלגא ביז'ן דניעסטער.

קיין אויסלאַנד איז ער אַנטקומען ענדע יאָר 1905, ווען מ'האָט די באַפרייטע רעוואָלוציאָנערן ווידער גענומען זוכן און פאַרשיקן. ער איז געווען אין דייטשלאַנד, עסטרייך־אונגאַרן, אי־

טאַליע, פראַנקרייך, צולעצט געאַרבעט און שטודירט אין דער שווייץ, פון וואַנען ער איז אַהער אַנגעקומען מיט אַ גרופּע רוסישע סטודענטן און אַרבעטער וואָס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אַלס פריי־וויליקע אין דער פראַנצויזישער רעפּובליקאַנישער אַרמיי קעגן דעם דייטשן אימפּעריאַליזם.

מיט דער זעלבער גרופּע זיינען געקומען אויך קאָזאַקן, וועל־כע האָבן נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק מיט די שווערדן און קנוטן געשניטן דיזעלבע אַרבעטער און סטודענטן אין רוסלאַנד און דאָ זיינען אַלע געוואָרן די בעסטע חברים. די אַרבעטער און סטו־דענטן האָבן די קאָזאַקן אָפּגעצאָלט מיט גוטע עצות, מיט שטיצע און זיי געלערנט שרייבן און לייענען רוסיש און פראַנצויזיש.

פרידמאַן איז געווען דאָס האַרץ פון דער שווייצאַרער גרופּע. האָט זיך געטראָפן אַ צרה, איז מען געקומען צו אים; פאַר יעדן האָט ער פאַרמאָגט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט און אַן עצה.

אזוי, למשל, ווען די אונטערריכטער האָבן באַפוילן, אַז אַלע פרייוויליקע זאָלן זיך לאָזן אָפּשערן די האָר פון קאָפּ גלאַט ביז צו דער הויט, האָט דאָס פאַרדראָסן און באַליידיקט דעם עולם: ס'טייטש! און אַז איינער וויל טראָגן לאַנגע האָר? וועמען שטערט דאָס? און מ'האָט זיך אַנגעהויבן בונטעווען. אַ סך האָבן זיך אויסגעהיט ביים דורכגיין דעם הויף פון דער קאַזאַרמע, אַנדערע האָבן פּשוט זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּצונעמען די היטלען ווען מ'האָט זיי באַפוילן דאָס צו טאָן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז דער שער־רער זאָל אין דער שטיל אונטערקומען הינטער אַ סאָלדאַט, ביי אים אַראָפּכאַפּן דאָס היטל און נעמען שערן... ס'איז אפילו דער־גאַנגען צו אַ קאַמף צווישן די אינסטרוקטאָרן און פרייוויליקע. ווער ווייסט מיט וואָס די געשיכטע וואָלט זיך געווען פאַרענדיקט, ווען פרידמאַן מישט זיך ניט אַריין.

— איר זענט געקומען — האָט ער גע'טענה'ט צו די פריי־וויליקע — מיט'ן גוטן ווילן צו העלפן די פראַנצויזן; קיינער האָט אייך ניט געבעטן און ניט געשלעפּט ביי דער קאַפּאָטע זיך איינ־צושרייבן. איר זענט גרייט צו גיין אויפ'ן פראָנט פאַרטיידיקן — און אפשר שטאַרבן פאַרטיידיקנדיק — די פראַנצויזישע פרייע רעפּובליק, און גלייך אין אָנפאַנג האָט איר שוין טענות און זענט

ניט צופרידן וואס מ'באַרויבט אייך אַביסעלע פון אייער פרייהייט, ווען דאַס איז אפילו פון אייער טובה וועגן: מ'שערט אייך אָפּ, אַז ס'זאָל זיך צו אייך קיין שמוץ און קראַנקהייט ניט צוטשעפּען.

די רייד האָבן געווירקט, דער עולם האָט זיך אונטערגעגעבן און דאָס שערן איז דורכגעגאַנגען גלאַט.

אַן ענלאַכער אינצידענט איז פאַרגעקומען, ווען די אַלטע לעגיאָנערן פון מאַראָקאָ, אונזערע אונטעררריכטער, האָבן גענומען באַליידיקן די פּריוויליקע אויף יעדן שריט און טריט: — פּוילענ־צער! טויגעניכצן! איר זענט געקומען צוליב דעם „גאַמעל" (קעסטל). דאָס האָט די רעקרוטן אַזוי אויפגעבראַכט, אַז מ'האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרקלאָגן צו דער העכערער מאַכט און, אויב מ'וועט ניט קריגן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער, זאָל מען מאַכן אַ הונגער־סטרייק און ניט גיין אויף די איבונגען.

— איר ווילט פאַרקלאָגן די קאַץ פאַר'ן נאַשער? — האָט זיי פרידמאַן אָפּגעשלאָגן פון זייער פּלאַן — פאַרשטייט איר דען ניט, אַז קעץ האַלטן איינער מיט'ן צווייטן? איגנאָרירט זיי און הערט זיך ניט צו צו זייערע זידל־ווערטער, וועלן זיי אַליין אויפ־הערן. פאַרגעסט ניט, אַז זיי זיינען נאָך ניט פראַנקרייך, פּונקט אַזוי ווי לודוויק דער 14־טער איז נאָך ניט געווען דער שטאַט, ווי ער האָט דאָס געמיינט. דאָס וואָס מיר טוען פאַר'ן פראַנצויזישן פאָלק שטייגט איבער די קליינליכקייטן. דאָס וואָס מיר ווערן באַ־שמוצט און אויסגעלאַכט מיינט גאָרניט. אַלע גרויסע גייסטער און אידעאַליסטן זיינען פאַרפאָלגט און באַליידיקט געוואָרן, ווייל מ'האָט זיי ניט פאַרשטאַנען... די אידעאַליסטן ליידן אַלעמאָל דווקא פון די מענטשן, פאַר וועלכע זיי זיינען זיך מקריב.

דאַקעגן איז אָבער פרידמאַן געווען דער איניציאַטאָר פון אַ מאָראַלישן פּראָטעסט קעגן דער באַליידיגונג: — „זיך אנגאַ־זשירט צוליבן גאַמעל". דאָס איז געווען ערב יום כפור. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט, אַז מאָרגן זאָלן אַלע פאַסטן אַלס פּראָ־טעסט: ערשטנס, וועט דאָס הייסן, אַז מיר זיינען ניט קיין פרע־סער און קאָנען אָפּפאַסטן אַ גאַנצן מעת־לעת און דערצו נאָך מאַכן די איבונגען; צווייטנס, וועלן מיר קאָלעקטיוו קויפן שפּייז אויף אָפּצופאַסטן, כדי צו ווייזן, אַז מיר נויטיקן זיך ניט אַזוי שטאַרק




אַ אידישער פרייוויליקער, אילוסטרירנדיק דעם ,,גאַמעל"
(עס־פענדל) וואָס מען האָט פאָרגעוואָרפן די פרייוויליקע
אַז צוליב דעם עסן האָבן זיי זיך אַנגאַזשירט אין דער
אַרמיי.

אין „זייער גאמעל". און אזוי איז טאקע געווען. מוצאי יום־כפור, נאך די איבונגען, זיינען מיר זיך צוזאמענגעקומען, געגרייט צום טיש אייגענע ווארשט, ווייס ברויט און ביר און זיך גענומען געמיטלאך און פאמעלאך עסן, דערקלערנדיק די אונטערריכטער וואס זיינען דערביי געשטאנען, אז זיי זאלן אכטונג געבן, ווי אזוי מ'האט זיך אנגאזשירט צוליב'ן „גאמעל" און ווי אידן זיינען בכלל להוט נאכ'ן עסן . . .

די אפיצירן האבן שטארק געלויבט די אויסגעהאלטנקייט און אחדות פון אידן, זייער הארטנעקיקייט, וואס א דאנק דעם זיינען זיי ניט אונטערגעגאנגען אין די אלטע צייטן און וועלן קיינמאל ניט אונטערגיין . . .

די אונטער־אפיצירן און אינסטרוקטארן, וועלכע פלעגן אויפ־ווארפן דעם „גאמעל", זיינען פאר בושה ארויסגעגאנגען פון די קאזארמעס און זיך ניט געוויזן פאר אונז דעם גאנצן אוונט.

די פרייוויליקע פון אנדערע פעלקער וואס האבן בייגעוואוינט דעם ספעקטאקל האבן אפלאדירט דעם איינפאל פון אונזער פראָ־טעסט. ער האט געווירקט מיט זיין אלגעמיין־מאראלישן כא־ראקטער.

ח

# אַוויניאָן

ווען מיר האָבן דורכגעמאַכט די „שבעה מדורי גיהנום" אין ליאָן און אויסגעהאַלטן די פּראָווו פֿון אַלערליי מאַנעווערעס מיט'ן פֿולן פּאַק אויף די פּלייצעס, האָט מען פֿון אונז ערשט אויסגעקליבן די פּיאַיקסטע (מיך אַריינגערעכנט) און אַוועקגעשיקט קיין אַוויניאָן. (די אַמאָליקע קרוין־שטאָט פֿון די פּויבסטן אין גלות). דאָרטן האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין דעם היסטאָרישן „פּאַלע דע פּאַפּ" — דער פּויבסטלאַכער פּאַלאַץ וואָס איז געבליבן אַן אָנדיינק פֿון דער מחלוקת צווישן די פּויבסטן אין מיטלאַלטער. בעת רו האָבן מיר זיך גאָרניט אָנגעזען און כמעט ווי פֿאַרלוירן געגאַנגען אין די קאָלאָסאַלע פּוסטע און קאַלטע צימערן פֿון דעם פּויבסטלאַכן שלאָס מיט די פֿעסטע ריזיקע שטיינערנע ווענט און זאַלן; ווען אָבער דער „קלעראָן" האָט אונז גערופֿן אויפֿשטיין 5 אַזייגער פֿאַרטאָג, האָבן זיך ווי פֿון דער ערד אַרויס באַוויזן אַ גרויסע מאַסע באַוואָפּנטע און קריגפֿאַרטיקע סאָלדאַטן.

אין אַוויניאָן האָבן מיר שוין אָנגעהויבן צו שמעקן פּולווער און אויף אַן אמת זיך גרייטן צו דער מלחמה. דאָ האָבן מיר, אַלע שלאַכט־גענאָסן, גענומען זיך פֿאַרברידערן איינער מיט'ן צווייטן. יעדער סאָלדאַט האָט געמוזט קענען זיין קאַפּיטאַן, זיין סעקציע־שעף, דעם סערזשאַנט, זיין קאַרפּאָראַל, — פּונקט אַזוי ווי ער האָט געוואוסט זיין מעטריקול און דעם נומער פֿון זיין ביקס. דערצו האָט נאָך יעדער איינער געמוזט האָבן אַ שלאַכט־חבר פֿון דעמזעלבן עסקוואַד, מיט וועמען ער האָט געדאַרפֿט זיך טיילן אויפ'ן שלאַכטפֿעלד מיט די לעבנס־מיטלען, העלפֿן אין פֿאַל

פון פארוואונדונג אדער קראנקשאפט און זיך ביידע ניט צעשיידן ביז׳ן טויט.

אויף מיין גורל איז אויסגעפאלן אלס ערשטער שלאכט־חבר אין אוויניאן איינער אן אפערא־זינגער, א געבוירענער אין מאנטא קארלא. ער האט א געוויסע צייט גאסטראלירט אין דער פראַ־ווינץ, דערנאך — אין אויסלאנד. שפעטער, איידער ער האט זיך אנגעגעבן אלס פרייוויליקער, האט ער געשפילט אין דער פאריזער אפערא.

מען האט אונז גענומען צוגרייטן און אויספוצן צו דער „חתונה", ווי די אמת׳ע מחותנים. אויף די הענט האט מען אונז אנגעטאן אייזערנע בראסלעטן־קייטלאך מיט בלעכלאך, אויף וועל־כע ס׳איז געווען אנגעשריבן דער פאמיליע־נאמען, נאמען און נומער פון מעטריקול, כדי מ׳זאל האבן די מעגלאכקייט צו דער־קענען דעם סאלדאט אין פאל, ווען מ׳וועט אים געפינען א טויטן... פאר׳ן אפפארן אויפ׳ן פראנט האט מען יעדן פון אונז געגעבן א שטיק פיר־עקיק ווייסע לייוונט, געהייסן דאס ארומנייען אדום דעם רענצל און דערויף אנשרייבן דעם נאמען און מעטריקול פון אייגנ־טימער, כדי אין פאל פון טויט זאל מען דורכ׳ן רענצל דערקענען דעם גע׳הרג׳עטן...

מיין שלאכט־חבר האט דאן אויסגעזונגען די ווערטער פון האמלעט׳ן: „איך האב זיך אנטוישט, נאר ס׳איז פארפאלן!"... ער איז איבערהויפט געווען זייער א פריילאכער און לעבעדיקער יונג וואס האט געלעבט פון האנט אין מויל און ניט געקלערט פון דעם מארגן. פאר אונזער אפפארן פון אוויניאן האט ער באַ־קומען א רעקאמענדירטן בריוו פון פאריז. איך האב באמערקט, ווי טרערן קייקלען זיך אים פון די אויגן בעת׳ן לייענען און אז ער האלט אין דער האנט עפעס, שטארק צוגעדריקט צו זיין ברוסט. איך האב ניט אויסגעהאלטן און אים געפרעגט וואס מיט אים איז דער מער.

— דאס וואס איך האלט אין דער האנט — האט ער מיט א זיפץ געענטפערט — איז מיין גאנץ פארמעגן! פאר מיליאנען גיב איך דאס ניט אפ!

איך האב אים באטראכט און ניט געוואוסט, אין וואס דא

האנדלט זיך. ער האט אויפגעעפנט זיין האנט און מיר געוויזן 5 קליינע פעקעלאך: אין יעדן פעקעלע האט זיך געפונען אביסל האר און דערויף אן אויפשריפט, צו וועמען די האר געהערן.

— אט דאס איז מיין אוצר! — האט ער מיט התלהבות אויסגעזונגען — די פיר קלענערע הערעלאך געהערן צו מיינע פיר מלאכים׳לאך און דאס פינפטע איז מיין פרוי׳ס...

יענעם טאג האט ער שוין מער ניט געזונגען, נאר די גאנצע צייט ארומגעשפאנט. זיין פנים איז געווען אומעטיק־פארטראכט.

אינגיכן האט מען אנגעהויבן פארמירן באטאליאנען אויף צו שיקן צום פראנט. צום ערשטן האט מען אוועקגעשיקט די באטאליאנען א. ב. ג. און ד. ליאנער און אוויניאנער פרייוויליקע האבן צוזאמענגעשטעלט דעם ערשטן אויסלענדישן רעגימענט — „לעזשיאן עטראנזשער". דער צווייטער רעגימענט איז פארמירט געווארן פון די פרייוויליקע פון באיאן און בלוא. אזוי איז אויסגעקומען אז דער ערשטער און צווייטער רעגימענט פון „פרעמדן לעגיאן" האבן באלד נאך דער מארנע־שלאכט פארנומען ערשטע פאזיציעס אויף דער ערשטער ליניע אין שאמפאן, צווישן שאלאן און ריימס.

און אין מיטן נאוועמבער האט מען אונזער פרעמדן לעגיאן אריבערגעווארפן אין די טראנשייען פון שאמפאן.

ו

# שאמפאן

די ווינטער־חדשים האָבן מיר פאַרבראַכט אין שאמפאַן אויף א גרויסן סטראַטעגישן מאַנעוור־פּלאַץ וואָס האָט פאַרנומען א שטח פון 12,000 העקטאַר. דאָרט האָט זיך געשליינגלט א לאַנגע ליניע פון זיגזאַגישע טראַנשייען. דורך דעם דאָזיגן לאַבירינט פון פאַרפּלאָנטערטע טראַנשייען זיינען דורכגעגאַנגען רעגימענטן, בריגאַדעס, דיוויזיעס און דאָרט ווי פאַרשלונגען געוואָרן. קיין אָפענע פעלד־שלאַכטן זיינען דאָן ניט פאָרגעקומען, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט מען זיך העפטיק איבערשיסן מיטן שונא און ניט ווייניק קרבנות זיינען דערביי געפאַלן.

אייניקע פונקטן האָבן באַקומען ספּעציפישע נעמען צוליב די בלוטיקע געשעענישן וואָס האָבן זיך אין זיי אָפּגעשפּילט. אזוי האָט א טייל פון דעם ריימסער וואַלד באַקומען דעם נאָמען „בוא־דע־זואוו" (זואוון־וואַלד). דער דאָזיקער טייל וואַלד איז אין משך פון צוויי טעג איבערגעגאַנגען א צען מאָל „פון האַנט צו האַנט", און לעבן יעדן בוים האָבן זיך געוואַלגערט טויטע קערפּערס אין גרויע און בלויע מונדירן, ביז די זואוון האָבן דעם וואַלד פאַרכאַפּט און פאַר קיין פּרייז אים ניט געוואָלט אַרויסלאָזן פון זייערע הענט... אמת, זיי האָבן דערפאַר טייער באַצאָלט — דריי פערטל פון זייער עפעקטיוו — אָבער דער נאָמען פונם וואַלד איז געבליבן: „בוא־דע־זואוו." די טראַנשייע־האַריקא, די עקסטרעמסטע צו „בוא־דע־זואוו," קעגנאיבער דער פעסטונג לאַ פּאָמפּעל, איז געווען דער שרעק פון דער ערשטער ליניע. פון דאָרטן פלעגן די אָפּטיילונגען קומען מיט א פאַרלוסט פון א

דריטל און טיילמאָל אויך מיט אַ העלפט פון זייער מאַנשאַפט. דורך די „קרענאַס" (ספּעציעלע לעכער צום שיסן) פון דער „האַריקאַ" האָט מען געקאַנט זען אויסגעלעגט צווישן די געדרייטע שטעכיקע דראָטן, גאַנצע שורות פון טויטע צעפּרעסענע מענטשלאַכע קערפּערס. וואו־ניט־וואו האָבן זיך נאָך געזען ווייסע פענדלאַך — די איינציקע עדות ביי דער גסיסה פון די געפאַלענע. ביי דער „האַריקאַ" האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ שטיין אַלס מצבה נאָך יצחק לעווי, דער ערשטער געפאַלענער קעמפער פון די פריי־וויליקע!... ביי דעם „קבר" איז אויסגעקומען יעדן „סענטינעל" צו שטיין אויף דער וואַך דריי מאָל טעגלאַך און פיר מאָל אין דער נאַכט דורך די לאַנגע ווינטער־חדשים.

ביים באַגעגענען ניי־יאָר 1915, האָט מען אויך ניט פאַרגעסן די טראַנשייע־איינוואוינער. מ'האָט אונז מכבד געווען מיט שאַמפּאַניער און ביסקוויטן. צוליב דער דאָזיקער שמחה האָבן חברה איינגאַנצן פאַרגעסן וואו זיי געפינען זיך און אָנגעצונדן אַ חלב'ן ליכטל און פאַררויכערט ציגאַרעטלאַך. מחמת אומפאַרזיכטיקייט, האָט די שטרוי אונטער די פיס זיך אָנגעצונדן. די דייטשן האָבן שוין געהאַט אַ ציל־פּונקט און געטראָפן אויפן ריכטיקן אָרט; עטלאַכע טויטע און שווער פאַרוואונדעטע איז געווען דער רעזולטאַט פון דער ניי־יאָר־פייערונג...

לעבן דער טראַנשיי „מאַרקיז", איז מיט דער צייט „אויסגעוואַקסן" און האָט זיך צעבליט אַ „פּרעכטיקער" בית־עולם מיט סימעטרישדיקע רייען הילצערנע צלמים און מיט יונגע בוימעלאַך אויף אידישע קברים...

דערפאַר אָבער איז די טראַנשיי „בוא־דע־לאַמאַר" געווען דער „גן־עדן" פון די ערשטע ליניעס. די דאָזיקע טראַנשיי האָט פאַרנומען אַ שטח פון עטלאַכע קילאָמעטער נידעריקן באָדן. אַהין פלעגט מען קומען פון די אַרומיקע טראַנשייען נאָך וואַסער, אויף צום טרינקען און דער עיקר, אויף אויסצוואַשן דאָס ברודיקע העמד וואָס פלעגט צוואַקסן צום לייב און ווערן אַ גינסטיקער באָדן פאַר די לייז. די דאָזיקע טראַנשיי האָט געהאַט נאָך אַ מעלה: דאָרטן זיינען די סאָלדאַטן געווען אַביסל פרייער, געקאָנט, אַ דאַנק דעם נידריקן באָדן, גיין מיט אויפגעהויבענע קעפּ און ניט אַזוי

מורא האָבן פאַר אַ קויל. דעריבער האָבן זיך געשעצט גליקלאַך יענע אָפּטיילונגען, וועמען דער גורל האָט באַשערט צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אין דעם „געבענטשטן" לאַנד. אַז אַלע זיינען דאָרט געווען שטאַרק זיכער מיטן לעבן — קאָן מען אויך ניט זאָגן: ניט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ פאַרלוירענער „77" (שראַפּנעל), אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל, האָבן אויך דאָרטן געפונען זייערע קרבנות; אָבער מ'איז דאָך ניט געצוואונגען געווען צו גיין אין דרייען געבויגן, אוים פּחד פאַר אַ זשומעדיקן שראַפּנעל אָדער פאַר אַ סווישטשענדיקער קויל. מיט אומגעדולד פלעגן די אָפּטיילונגען אין די שכנות'דיקע טראַנשייען וואַרטן אויף זייער ריי צו קומען קיין „בוא-דע-לאַמאַר."

איינמאָל, אין דעמזעלבן „בוא-דע-לאַמאַר," באַלד נאָכדעם ווי מען האָט זיך דערוואוסט אַז די רוסן האָבן פאַרכאַפּט ביי די עסטרייכער די שטאָט פּשעמישל — האָבן חברה פון דער צווייטער סעקציע, פון דער דריטער קאָמפּאַניע, פון באַטאַליאָן „ד," מיטן אַדיוטאַנט-שעף בראש גענומען אַ לאַנגע ברעט און אָנגעשריבן אויף איר מיט גרויסע אותיות אין דייטש: „פּשעמישל איזט געפאַלן; קערט צוריק!"; און ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן זיך די זעלבע חברה באַזאָרגט מיט דראָטן און צוועקעס, זיך שטיל צוגעשלייכט צו די דייטשע טראַנשייען און דאָרטן אויף אַן אָפּגעשאָסענעם בוים די שילד אויפגעהאַנגען. דאָס דאָזיקע שפּיצל האָט געקאָסט פיל קרבנות פון ביידע זייטן: די דייטשן האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נאָר געוואָלט אַרונטערנעמען די שילד וואָס האָט זיי געשטאָכן אין די אויגן. די פראַנצויזן ווידער האָבן דווקא געוואָלט אַז די שילד זאָל בלייבן הענגען. דער דאָזיקער ספּעקטאַקל האָט אַביסל אַרויסגעבראַכט די מוטלאָזע קריגער פון זייער מאָנאָטאָנער שטימונג און פאַרשאַפט אַרבעט די שפּיטאָל-אָנגעשטעלטע...

דעם ערשטן פּורים אין די טראַנשייען איז זיך צונויפגעקומען אַ גרופּע אידישע פרייוויליקע צו פּראַווען די סעודה. מ'האָט זיך גענומען צו די פּעקלאַך גוטע, געשמאַקע זאַכן, וואָס די איינענע און פריינט האָבן אויף דעם יום-טוב צוגעשיקט. מ'האָט זיך פאַרקליבן אין אַ שוץ-גראָבן אין דער צווייטער ליניע, נאָך

האַלבער נאַכט, און דאָרטן זיך געזעצט צו דער סעודה. און אַזוי ווי אויף מאָרגן האָט מען געזאָלט איבערלאָזן די טראַנשייען און גיין אין וועג אַריין, האָט מען מיטגעבראַכט דאָס גאַנצע געפּעק מיטן געווער. צייט איז געווען, האָט מען זיך ניט געאײַלט און געמיטלאַך אויפגעגעסן אַלע צוגעשיקטע זאַכן, כדי די משא אויפן רוקן זאָל זײַן לײַכטער בעת'ן לאַנגן מאַרשירן. אייניקע האָבן פון מידקייט געכאַפּט אַ דרימל... אין אַ מאָמענט פון גרייטן זיך אין וועג אַרײַן איז דער שלאָף זייער אַנגענעם. דער עולם כראָפּעט און שנאָרכעט אויף וואָס די וועלט שטייט.

פּלוצלינג האָט אָנגעהויבן דונערן פון האַרמאַטן און ס'האָט אויפגעשטורעמט דעם „אַברי" מיט אַזאַ קראַפט, אַז שטיקער ערד האָבן גענומען פאַלן אויף די דרימלער און די באַקאַנטע פּאַקעטן־קוילן האָבן געגרילצט ממש גלייך אין די אויערן אַרײַן. מ'כאַפּט זיך אויף פון שלאָף: די „אַברי" איז אין פלאַמען און די דייטשן האַלטן אין איין באָמבאַרדירן, אַז מ'זאָל ניט קאָנען לעשן דאָס פייער.

עמיצן האָט זיך פאַרוואָלט אָנצוּואָרעמען דעם שאָקאָלאַד — רופט זיך אָפּ איינער — און די דייטשן האָבן אונז דערווייל אָפּגעשפּילט אַ חתונה...

— וואָס שטייען מיר, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער, — לאָמיר זען וואָס מיר קענען טאָן! אויב ניט — זײַנען מיר אַלע פאַרלוירן!

אָבער ס'איז ניט געווען ניט קיין וואַסער, ניט קיין כלים אויף צו לעשן. האָבן מיר מיט קליינע לאָפּעטקאַלאַך און מיט די הענט צעגראָבן די האַלב־פאַרפרוירענע ערד און געוואָרפן אויף דעם פייער. האָבן אָבער די דייטשן גענומען נאָך שטאַרקער באָמבאַרדירן. איז אונז געבליבן איינס פון די ביידע: אָדער געטראָפן ווערן פון אַ קויל, אַ שראַפּנעל, אָדער גאָר געבראַטן ווערן פאַרן פעלד־געריכט פאַר מאַכן פייער אין די טראַנשייען. פּלוצלונג — אַ מאַרש־סיגנאַל! האָט מען אַלעם געלאָזט און גענומען לויפן אין אַן אומבאַשטימטער ריכטונג...

און מיר זײַנען צוגעקומען צום „קאַנאַל"...

דער „קאַנאַל," אַ צווייג פון דער מאַרנע, איז געווען גע־

רעכנט אלס דריטע ליניע, — דער אפּרו־ארט נאָך אַ פּאָר וואָכן טראַנשיי־לעבן אין די ערשטע צוויי ליניעס. אין אמת'ן איז מען דאָ אויך ניט געווען זיכער מיטן לעבן, מחמת דער אָפטער באָמ־באַרדירונג פון דער שווערער ארטילעריע. אויסער דעם, איז דאָ אונז אויסגעקומען צו גראָבן טראַנשייען אַ גאַנצע נאַכט און אויף מאָרגן — דעם גאַנצן טאָג זיך רייניקן... ווען ניט די פּריווילע־גיע וואָס מ'באַקומט דאָ אָפּט פאַסט און פּעקלאך פון דער היים, וואָלט שוין גלייכער געווען צו זיין אויף די ערשטע ליניעס.

ניט ווייט פון דאַנען איז געלעגן פּרונע, אַ שטעטל, וואו מ'האָט צענומען די רעלסן, כדי צו שיצן די טראַנשייען. איצט איז געבליבן דערפון בלויז אַ סימן פון אַ געוועזענעם ישוב, אַ צעבראָכענער סקעלעט. אַ שטיקל טורם פון דער חרוב'דיקער קירכע, און שטיקער ווענט וואָס סטאַרטשען אַרויס, ווי עדות פונם אַמאָ־ליקן שטעטל. אַצינד לאַגערט דאָ דער שפּייז־צענטער פאַר דעם גאַנצן סעקטאָר, מיט קיכן פאַר אַ פּאָר רעגימענטן. אַהין קומט מען דורך געדרייטע, זיגזאַגישע, אונטערערדישע וועגן נאָכן „זופּ" און אַנדערע שפּייזן, פאַר די סאָלדאַטן אין די טראַנשייען. ס'טרעפט אָפט אַז די זעלנער וואָס קומען אַהער נעמען דאָס עסן, ווערן אויפן וועג דער'הרג'עט און זייערע חברים אין די טראַנ־שייען מוזן הונגערן...

ווערעזענע, אַ שטעטל, עטליכע קילאָמעטער פון די טראַנ־שייען, האָט שוין פאַרמאָגט אַ לעבעדיקן ישוב; אַהין פלעגט מען קומען זיך אָפּרוען נאָך אַ חודש טראַנשיי־לעבן. דאָ האָט מען שוין געקאָנט קויפן אַנדער שפּייז ווען די סאָלדאַטישע מאכלים האָבן זיך צוגעגעסן, און אַנדערע האָבן זיך באַרימט אַז אויך „פּרויען" קריגן זיי דאָ... נאָר דאָס האָט מען געמוזט צורעכענען צו זייער צערייצטער פאַנטאַזיע...

אין ווערעזענע האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַז ערך הונדערט געקליבענע אידישע פּרייווילינקע, צו מאַכן אַ הספד אויף דעם נאָר וואָס פאַרשטאָרבענעם י. ל. פּרץ. דער דאָזיקער צונויפ־קום איז געווען דער לעצטער ביי וועלכן ס'האָבן זיך צוזאַמענ־געטראָפן אַ היבשע צאָל אידישע העלדן. צום ערשטן האָט איינער געמאַכט אַז „אל מלא רחמים" דעם פאַרשטאָרבענעם, דערנאָך

האָבן אייניקע דעקלאַמירט זיינע לידער, מען האָט פּאַרגעלייענט גע־
שיכטן פון דעם גרויסן קינסטלער און צום שלום געזונגען פאַר־
שידענע לידער... מיר האָבן זיך פאַרטראַכט, יעדערער וועגן זיין
אייגן לעבן און דערפילט, אַז ניט אַלע וועלן זיך פון די שלאַכטן
אומקערן... אַזוי זיינען מיר געזעסן ביזן ווייסן טאָג אַריין, ביז
דער שופר, (דער קלעראַן), האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן און אונז
רופן צום „אַפּעל"...

אין פרילינג, 1915, האָבן מיר, פאַרמאַטערטע טריגלאַדיטן,
וועלכע האָבן שוין געהאַט פאַרלוירן יעדן שפּור פון דער אויי־
סערלאַכער וועלט, צוריק דערוואַכט צום לעבן.

די ביטערע דערפאַרונג פון די לעצטע סעפּטעמבער־שלאַכטן
אויף דער מאַרנע איז צעשוואומען און אויסגעוועבט געוואָרן —
צוזאַמען מיטן לעצטן שניי. מיט אַ פריילאַכן אימפּעט האָבן
גענומען אַרויסקריכן פון די שויץ־לעכער ניט־דערשלאָפענע, ברוי־
דיקע, פאַרוואַקסענע און מורא'דיקע ברואים, אָנגעטאָן אין צע־
קנייטשטע פאַרבלאָזע מונדירן. ס'האָבן זיך דערטראָגן צו אונז
„גוטע בשורות": מען גרייט זיך צו אַ גרויסער, אָפענער שלאַכט.
און דאָס וועט אַנטשיידן דעם גורל פון פעלקער...

אַן אַלגעמיינע רעוויזיע איז דורכגעפירט געוואָרן. צום ערשטן
האָט מען איבערגעקוקט די „טאַנט" (געצעלט), די קאָלדרע (וועל־
כע האָט געהאַט אַ טבע אַליין זיך רירן פון אָרט...) די שיך און
קליידער; דאָס רענצל (וואו ס'האָט זיך געפונען דער פּאַטראָנען
טרעגער מיט דריי הונדערט קאַרטושן.), די שפּייז־טאָרבע, — אַלץ
האָט מען באַדאַרפט ברענגען אין אָרדנונג, כדי מיר זאָלן זיין
גרייט, ווען מ'וועט אונז רופן אין וועג אַריין. אָבער שווער איז
אונז געווען צו שיידן זיך מיט די טראַנשייען, וועלכע מיר האָבן
אין די לאַנגע ווינטער־נעכט געגראָבן און וואו מיר האָבן שוץ
געפונען פון דעם שונא'ס אָנפאַלן. איינגעבאַקן אין האַרצן זיינען
אונז געוואָרן די ערטער, וואו מיר האָבן געליטן, וואו אונזערע
נאָהענטע און חברים זיינען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן. ליב
און טייער זיינען אונז געוואָרן די בוימעלאַך און אַפילו די צלמים
מיט וועלכע די פעלדער פון שאַמפּאַן זיינען געווען פאַרזייט...
ס'איז ניט גרינג געווען זיך צו צעשיידן אַפילו מיט די מייז און אַנ־

דערע שרצים פון די ערד־גראבנס, וואס פלעגן אויפעסן אלץ וואס עס האט זיך ביי אונז געפונען אין די שפייז־טארבעס און אויך פון אונז גופא רייסן שטיקער לעבעדיקערהייט. אלץ איז אונז געווען אזוי היימיש, אזוי צוגעפאסט צו די אומשטענדן, אין וועלכע מיר האבן זיך געפונען, אז קיינער האט זיך שוין גאר ניט געקאנט פארשטעלן אז ס'איז אמאל אנדערש געווען, אדער ס'וועט נאך אנדערש ווערן . . .

פארשידענע קלאנגען האבן זיך ארומגעטראגן וועגן דער פארשטייענדיקער שלאכט. אבער וואו, ווען און ווי אזוי, האט קיינער ניט געוואוסט. ווען מ'האט פארטיילט נייע שיך, קליידער און אנדערע חפצים און די אלטע צוריקגענומען, האט מען שוין פארשטאנען, אז מ'גרייט זיך אין א וויטן וועג אריין.

אין די ערשטע טעג פון אפריל זיינען געקומען פראנצויזישע רעגולערע טרופן און איבערגענומען אונזער סעקטאר. מיר, אנ־געלאדענע, ווי די קעמלען, האבן זיך געלאזט אין וועג אריין מיט די ליניעס פון די טראנשייען. אלע פינף־זעקס קילאמעטער האט מען זיך געמוזט אפשטעלן און אפאטעמען, ווי לאסט־פערד ארויף א בארג; אמאל האט מען אזוי בעת אפרו איינגעדרימלט און דערנאך מיט געוואלד זיך אויפגעריסן פון פלאץ צום ווייטערן מארשרוט.

ז

# אראס

## מאי 9טן, 1915

עטלאכע טעג פאר דעם בלוטיקן ספעקטאקל האט מען אונז געלאזט וויסן, דורך א ספעציעלן באפעל, אז ס'איז שוין א סוף מיט די טראנשייען. שוין צייט מיר זאלן אנפאנגען צו פירן אן אפענע פעלד־שלאכט; מיר זאלן זיך גורטן די לענדן און זיין גרייט צו טרייבן און טרייבן די דייטשן אזוי ווייט, ביז זיי אליין וועלן שוין שרייען: גענוג!...

און באלד האט מען זיך טאקע גענומען גרייטן. די שטימונג איז וואס ווייטער געווארן אלץ געשפאנטער, ערנסטער און... גערדריקטער. די אפיצירן האבן אנגעהויבן רעדן אין מילדערע טענער צו אונז און זיך באצויגן מעשה חבר... אפילו די שטראפן זיינען מילדערע געווען. זיי האבן אונז געלערנט ווי אזוי מיר זאלן זיך פירן אין צייט פון אן אטאקע, ווי אזוי מיר זאלן זיך באנוצן מיט די באנדאזשן און מעדיקאמענטן, ווען מיר וועלן פארוואונדעט ווערן. אויך, ווי אזוי זיך נוהג צו זיין אין פאל, ווען מ'ווערט געפאנגען פונם שונא.

און וואס ווייטער א טאג איז פארביי, אלץ מער איז די נייגעריקייט געשטיגן. פארשידענע קלאנגען, ווי אין די פערציג טעג פארן חורבן בית־המקדש, האבן זיך צווישן אונז געטראגן, כל־ערליי לעגענדעס און געשיכטעס — אייניקע גינסטיקע, אנדערע ניט־גינסטיקע, וועלכע האבן אנגעווארפן א פחד אויף אונז.

אזוי, צום ביישפיל, האבן מיר אייניקע באקאנטע דערציילט, אז זיי האבן געהערט פון געוויסע מענטשן, אז די דייטשן וויסן שוין פריער אז מיר ווילן זיי אטאקירן און זיי זיינען אויך גרייט

אונז צו באגעגענען מיט אפענע ארעמס. זיי האבן אנגעגרייט א סך מיטראיעזן, קאנאנען, רעוואלווערן און פארשידענע באמ־בעס, גראנאטן און אויך אזעלכע ברענענדע, שטיקנדע, פארגיפ־טענדע גאזן, און אז איידער מיר וועלן נאך צוקומען צו זייערע דראטן און טראנשייען, וועלן מיר בלייבן אן א דופק. אייניקע האבן געזען פלוג־בלעטער וואס א דייטשער עראפלאן האט ארונ־טערגעלאזט אויף אונזער ליניע, וואו די דייטשן האבן אונז גע־ווארנט אז, ווען מיר וועלן זיי אטאקירן, וועלן מיר האבן א שווארצן סוף. אנדערע האבן געזען, ווי די דייטשן האבן ארויס־געשיקט פון זייערע טראנשייען א הינטל מיט א צעטעלע ארום האלז צוזאמען מיט א דייטשער קויל, און זיי האבן געשריבן, אז אויב מיר רעכענען אז זיי ווייסן ניט, אז מיר גרייטן זיך זיי צו אטאקירן, זיינען מיר אין א טעות! אט האבן זיי שוין אפילו פאר אונז צוגעגרייט א סך קוילן, פון דעם מין וואס דאס הינטל טראגט אויפן האלז. מיט זיי וועלן זיי אונז אויפנעמען! אזעל־כע און נאך אנדערע קלאנגען האבן זיך געטראגן פון מויל צו אויער, פון געזעען און געהערט, אזוי, אז מ'האט ניט געקענט ווייסן, פון וועלכע קוועלן די „לעגענדן" זיינען גענומען געווארן. און וואס ווייטער זיינען אלץ נייע און נייע געשיכטעס, שווידער־לאכע, מורא'דיקע, געבוירן געווארן! אט האט מען דערציילט, אז אן אפיציר פון דער ארטילעריע האט דעזערטירט צו די דייטשן און ס'איז גאר א סברא, אז ער איז געווען א שפיאן און וועט איבערגעבן דעם גאנצן פלאן צו די דייטשן; און אז איינער פון די בעאבאכטערס (אבזערוואטארס) האט אויך דעזערטירט.

נאר באלד איז די שווערע שטימונג פארשוואונדן, און אן אנדערע, א האפערדיקע שטימונג האט פארנומען איר פלאץ: א פרייל'אכע נייעס איז אנגעקומען צו אונז, נעמליך, אז איטאליע וועט דערקלערן קריג צו דייטשלאנד מיט עסטרייך, ווען מיר וועלן נאר אנהויבן צו אטאקירן, און דאן איז דער זיג זיכער אויף אונזער זייט! אן אפיציר האט אונז דערציילט, אז דער גענעראל פון אונזער קארפוס האט געזאגט: מיר האבן זיך ניט וואס צו שרעקן, ער איז זיכער, אז מיר וועלן האבן א גרויסן זיג. ערשטנס, איז אונזער ארטילעריע פיל שטארקער און בעסער פון דער פיינט־

לאַכער, צווייטנס, איז אונזער אינפאַנטעריע אַ בעסערע, אַ גע־
שיקטערע, און דערצו זיינען מיר פיל מער אין צאָל ווי די דייטשן
— מיר זיינען פיר פראַנצויזן אויף איין דייטש. און מיר וועלן
זיי קענען פאַרטרייבן וואו דער שווארצער פעפער וואַקסט! —
אַזעלכע און ענלאַכע געשיכטעס זיינען דערציילט געוואָרן אין
דעם לאַגער די לעצטע צייט פאַר דער אַטאַקע.

# הכנות

דערווייל האָט מען צוגעגרייט שפּיטאָלן געמאַכט פון ברעטער,
לאַנגע' גרויסע לאַגער־שפּיטאָלען מיט פעלד־בעטלאַך אין די טוי־
זנטער; רעצעפּטן, באַנדאַזשן, א. ד. גל.

אויך האָט מען אונז געגעבן מאַסקעס אַזעלכע מיט נאָסע
באַנדאַזשען אָנצוטאָן אויף די געזיכטער, צו פאַרשטעלן דאָס
מויל און די נאָז, אין פאַל די דייטשן וועלן ארויסלאָזן אויף אונז
גיפטיקע גאַזן. אויסער דעם האָט זיך יעדערער אָנגעגרייט וואַ־
סער מיט מענט־טראָפּן אויף זיך צו קוויקן אין דער צייט ווען
מ'וועט זיין פאַרוואונדעט.

איז מען ארומגעגאַנגען ווי אויף אַן עולם התוהו. די אַלע
פאַרבאַרייטונגען האָבן זיך געלעגט ווי אַ שווערע משא אויף די
הערצער. יעדער איינער איז ארומגעגאַנגען אין זיין באַזונדער
וועלט, פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט — דער וועגן זיין פאַמיליע, זיינע
פריינט, דער וועגן חשבון־הנפש און אַנדערע האָבן זיך גלאַט
געשראָקן פאַר דעם אומפאַרמיידלאַכן. אייניקע האָבן געגעבן
זייערע אַדרעסן צו די „בראַקאַרדיע״ — די טרעגער פון קראַנקע
און טויטע, — אַז אין פאַל מיט זיי וועט עפּעס געשען, זאָלן זיי
געבן צו וויסן זייערע פאַמיליעס, באַקאַנטע, א. אז. וו. און מען
האָט זיך אָנגעפאַנגען צוצוגרייטן צום טויט.

דערווייל זיינען אַלץ נייע, פרישע „טעלעגראַמעס״ געקומען,
אַז ניט מיט אונז וועט מען מאַכן די אַטאַקע, נאָר פראַנצויזישע
רעגימענטן וועלן ספּעציעל געבראַכט ווערן צו אַטאַקירן און ווי
קען מען זיך דען פאַרלאָזן אויף אונז, פרייוויליקע טויגניכטסן? ..

דערצו דארף מען גוט־דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן פאַר גאָר ניט קיין מורא, און וואָס רייסן זיך אין פייער ווי צו א טאַנץ... און אָט איז געקומען א פּאָסט, אז נאָך דעם, ווי עס איז אַנטלאָפן אַן אָפיציר און ער וועט איבערגעבן די דייטשן וואָס מיר ווילן טאָן, וועט די אַטאַקע אינגאַנצן ניט פאָרקומען. נאָר די רעגלמעסיקע איילעניש און הכנות האָבן מער דערצײלט פון א פעסטן באַשלוס, ווי די אַלע זאָגעכצן און קלאַנגען.

* * *

יעדן פאַרנאַכט, פאַר'ן זון־אונטערגאַנג, פלעגן קליינע גרופּן סאָלדאַטן זיך פאַרזאַמלען אויף די פרייע פעלדער, הינטער די לאַגערס, און אויסגיסן זייערע הערצער אין הייליקע, שטילע תפלות... און אין טרויעריקע געזאַנגען. די געזאַנגען פון פאַר־ביטערטע, באַטריבטע מענטשלאַכע הערצער האָבן זיך צונויפגע־גאָסן מיט די געזאַנגען פון די פייגל. און ס'האָט זיך געדוכט אַז אַ ל ע האָבן זיך צוזאַמענגערעדט אָפּצוגעבן א שבח צו דער זון, וואָס זיי זעען, אפשר, צום לעצטן מאָל, צום הימל מיט זיינע פּראַכטיקע פארבן, צו דער ערד, צו דער גאַנצער וועלט, וואָס איז אזוי שיין, פול מיט לעבן און גלאַנץ! און ווייט, גאָר ווייט אַוועק, האָט דאָס געזאַנג זיך געצויגן, און פון דער טיפער ווייטקייט האָבן די בת־קול'ן אָפּגעקלונגען און זיך אויסגעמישט מיט'ן געזאַנג.

די גאַנצע נאַטור האָט מיטגעזונגען — די גראָזן, די וועל־דער, די בערג, וואָס האָבן פון ווייט אַריבערגעקוקט צוזאַמען מיט די וואַסערן, אין וועלכע די זון האָט זיך אזוי צויבערהאַפט אָפּ־געשפּיגלט. און אין דער דעמערונג האָבן בלאַסע, געהיימניספולע שאָטנס זיך אומגעדרייט. אומרוהיקע נשמות האָבן, ציטערנדיק אין דער לופטן געשוועבט און וועגן שרעקלאַכע בשורות דערציילט, נאָר דער רוים און די אייביקייט האָבן אַלץ אין א סוד פאַר־זיגלט...

יעדערער פון אונז האָט געפילט, אַז אָט־אָט וועט ער אַוועק־געריסן פון דער גרויסער, פרייער, ליכטיקער וועלט, און דערפאַר איז דאָס געזאַנג וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקער, שאַרפער, זיסער און פליסנדיקער. אין יעדן ליד איז געלעגן אזוי פיל געפיל, אזוי פיל גלויבן און ליבע, אז מען האָט עס גאָר ניט געוואָלט אי־בעררייסן. און צוזאַמען מיט די געזאַנגען האָבן זיך געפלאָכטן

טענץ. אלע פיס האבן זיך געהויבן איבער די גראזן און וואס ווייטער איז דער טאנץ געווארן אלץ שטארקער, ראשיקער, און דער עקסטאז האט זיך אזוי ווייט געהויבן, אז אויפן מאמענט האט מען גאר פארגעסן, וואו מען געפינט זיך. מ׳האט ניט געהערט דאס קנאלן פון די קאנאנען, וואס האט אז אויפהער געדונערט און אויך ניט געזען די שפיטאל־בעטלאך וואס מ׳האט פאר אונז אנגעגרייט און די טיפע גריבער, די אפענע קברים, וואס זיינען שוין געשטאנען גרייט אונז איינצושלינגען. מ׳האט אלץ פאר־געסן, מ׳האט ניט געדענקט וועגן די טייערע און נאענטע, וואס וועלן ניט אויפהערן אונז צו באקלאגן. — יעדנס בליק איז געווען געצילט אין דער אונענדלאכער ווייטקייט און אויף דעם ברעג פון האריזאנט האט יעדערער געזעען ווי זיינע „טרוימען" ווערן פארווירקלאכט און דער טאנץ און געזאנג איז ווייטער אנגעגאנ־גען...

דאס איז געווען א טויטן־טאנץ; יעדערער האט דעם טויט געזעען הינטער דעם אנדערנס רוקן שטיין און לאכן.

אינ׳ם אוונט פון שבת־צו־נאכטס, דעם 8־טן מאי, האבן מיר זיך צום לעצטן מאל פארזאמלט. מ׳האט געזונגען און גע־טאנצט מער ווי אלע מאל. די שטימונג איז געווען אי שפאנענד אי געדריקט. צולעצט זיינען פארגעקומען רירנדיקע סצענעס: פריינט מיט פריינט האבן זיך געזעגנט, געדריקט, געקושט און שטילע, אן ווערטער, מיט טרערן אין די אויגן זיך צעשיידט...

די נאכט האט איר פינצטערן שלייער פארצויגן אויף דער ערד, און מיר זיינען נאך אלץ געשטאנען צוזאמען: יעדערער האט געפילט, אז ס׳איז צום לעצטן מאל, צום לעצטן מאל וואס מ׳זעט זיך נאך צוזאמען — און דערפאר איז געווען אזוי שווער זיך צו שיידן. דעם „אפעל" האבן מיר שוין לאנג פארשפעטיקט. נאר ווער האט דאן אין זינען געהאט דעם „אפעל," אז מ׳גייט שטארבן? פארן טויט פארגיט מען נאך גרעסערע „פארברעכענס."

צולעצט האבן מיר נאך געזונגען א געזעגענונגס־מארש און יעדער איינער איז געגאנגען אין זיין פאלאטקע שלאפן.

דעם 9־טן מאי־ 1915, ארום האלבער נאכט, האט מען אונז אויפגעריסן פון שלאף... מיר האבן געכאפט האק־און־פאק און

זיך געלאָזט צום „הר־המוריה.“... ווען מיר זיינען צוגעקומען צו די טראַנשייען, אויפן ערשטן פראָנט, האָט די זון שוין פריי געשפּאַצירט אויף איר מאָרגן־וועג. ס'האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און איר ליכט איז פאַרטונקלט געוואָרן פון שוואַרצע וואָלקנס קאַנאָנען־רויך. די לופט איז פאַרשטיקט געוואָרן פון פּולווער און גיפטיקע ריחות. דאָס קנאַלן און דונערן איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און פעסטער. פייערדיקע וואולקאַנען האָבן שטיקער ערד אויפגעריסן און געלאָזט נאָך זיך טיפע טאָלן. ווי סדום האָט געברענט דער גאַנצער אַרום... מענטשן זיינען געוואָרן ווילד, וואַנזיניק. געקוקט מיט שטאַרע אויגן און ווי דער־שראָקענע חיות זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן... עס האָט געהערשט אַ פינצטערער כאָאָס...

און פון צווישן דעם כאָאָס האָט זיך געטראָגן אַ ווידער־קול פון אַ דייטלאַכער, שרייענדיקער שטים: —

אַן־אַוואַן! (פאָרויס) אַן־אַוואַן!...

# ח

# „היגל 140"

א שטאָק־פינצטערע נאַכט.

איך שאַר זיך פּאַמעלאַך, קריך אויפן בויך ווי א שלאַנג, טאַפּ דעם וועג ווי א בלינדער, שפּיץ־אויף די אויערן ווי א האָז און יעדע רגע שטעל איך זיך אָפּ: צי קומט ניט עמיצער מיט א שפּיז פון אונטן, מיר דעם רוקן דורכלעכערן, צי קריכט ניט ווער אַנטקעגן מיט א מעסער־זעג, מיר דעם גאָרגל איבערשניידן? עס באַדעקט מיך א קאַלטער, אַנגסטלאַכער שוויים און א ציטער לויפט דורך מיין לייב. די גרוויזאַמע שטילקייט וואָס הערשט צווישן די טויטע, דאָס יאָמערלאַכע קלאַגן און קרעכצן פון פאַר־וואונדעטע, איז מורא'דיקער פונם טויט אַליין. וואָס טוט מען? בלייבן ליגן אויפן פעלד? — ניין. שוין גלייכער אַזוי צו קריכן, ווי א בלינדער וואָרעם, וואו דער אינסטינקט וועט פירן, און זאָל געשען וואָס עס וועט געשען...

— ביסט פאַרוואונדעט? — טאַפּ איך אָן א שטיק מאַסע.

— ניין! — הער איך אַן ענטפער.

— פון וואָסער רעגימענט און באַטאַליאָן ביזטו? — פרעג איך סתם אין דער וועלט אַריין.

— דריטע קאָמפּאַני, באַטאַליאָן „ד" —

איך טאַפּ ווייטער און דערפיל א האַרטן קעגנשטאַנד.

— וואָס האָסטו מיט זיך? — פרעג איך שוין אַביסל דרייסטער.

— א מיטראַיעז (א קוילנוואַרפער) — ענטפערט מיר דער־זעלבער.

— ווי קומט צו דיר א קוילנוואַרפער?!

— דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע צו דערציילן.

די אומדערוואַרטעטע באַגעגעניש מיט אַ לעבעדיקן מענטשן, אין אַ מאָמענט פון שרעק און פינצטערניש, האָט מיטאַמאָל אַראָפּ־גענומען די שווערע משא פון הארצן, צוגעגעבן אַביסל מוט און האָפענונג זיך צו טרעפן צווישן אייגענע...

ניט וואַרטנדיק, אַז איך זאָל אים בעטן, האָט דער פעלד־חבר שטיל, לאַנגזאַם און אין אַ רואיקן טאָן אָנגעהויבן דערציילן:

— דאָס פעלד איז געוואָרן אָפּגעריינינגט פון די שטעכיקע דראָטן וואָס האָבן זיך געפונען אַרום אונזערע און די דייטשע ערשטע ליניעס. אין דער זייט פון אונזער לינקן פליגל איז גע־שטאַנען דער באַטאַליאָן „צ.“ צו מיין איבעראַשונג, זע איך פּלוצלונג ווי דער דאָזיקער באַטאַליאָן רוקט זיך אַרויס פון זיינע גראָבנס און לאָזט זיך גיין קאָלאָנענווייז, מיט אַ קליינעם אינ־טערוואַל, גלייך אויף די דייטשן. דער „קלעראָן“ און די פּויקן רופן צו דער אַטאַקע, די שפּיזן זיינען אַרויפגעשטעקט אויף די ביקסן און פינקלען און שפּיגלען זיך אין דער זון. גלייך האָבן די דייטשע שפּראַנעלן זיך גענומען אויפרייסן און אָנגעמאַכט חורבנות אין די רייען פון די מאַרשירענדע קאָלאָנעס. דערנאָך האָט די דייטשע אַרטילעריע גענומען שיסן גלייך אויף די צע־לאָפענע רייען... איך האָב מיך פאַרלוירן, זעענדיק דאָס בילד. און גענומען זיך דראַפּען און אַרויסקריכן פון דער טראַנשיי, אויטאָמאַטיש, ווי דאָס טוען די אויסגעלערנטע קאַוואַלעריע־פערד, ווען מ׳פייפט מיטן טרומייט צו גיין פאָראויס...

איך בין שוין געווען דריי־פערטל אויפן פאַראַפּעט פון דער טראַנשיי, ווען עמיצער טוט מיך אַ ציִ פאַר אַ פוס צוריק. איך קוק זיך אום: מיינער אַ חבר פונם עסקוואַד שטייט אונטן און שלעפּט מיך מיט אַלע כוחות צוריק אין דער טראַנשיי אַראָפּ.

— וואוהין לויפסטו, משוגענער?! — האַלט ער אין איין שרייען אויף מיר — מען וועט דיך דאָך דערשיסן! איז דיר שוין אַזוי נמאס געוואָרן דאָס לעבן, וואָס דו רייסט זיך אַזוי צום טויט?

— איז דען ניט אַלץ איינס — ענטפער איך אים — איצ־טער צי שפּעטער? די קויל וועט מיך שוין אויסגעפינען, וואו איך זאָל ניט זיין.

— אָבער וואַרט אַ מינוט — לאָזט ער מיך ניט אָפּ — דאָס מאַשין־געווער שיסט נידעריק און נאָענט. עס שניידט ממש ווי מיט סערפּן! פּלוצלונג לאָזט ער מיך אָפּ, און איך דערהער אַ משונה׳דיקן קרעכץ. איך קוק זיך אַרום: ער ליגט אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט פון טראַנשיי און בלוט רינט אים אויף זיין מאַנטל... אַ קויל האָט אים דורכגעלעכערט דעם קאָפּ. איך בין פלינק אַרויפגעשפּרונגען אויף דער טראַנשיי און זיך געלאָזט לויפן פאַראויס...

דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער. אויף יעדן שפּאַן אַ טיפע גרוב פון אַ קאַנאָנען־קויל, אויף יעדן טראָט — אַ גע־פאַלענער... דערביי האָבן זיך נאָך געפּלאָנטערט פאַר די פיס שטיקער שטעכיקע דראָטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט איבערן גאַנצן פעלד. קעגנאיבער, ביי אַ קליין בערגל, ליגן עטלאַכע סאָל־דאַטן אויסגעלייגט אין זייער גאַנצער לענג, און צילן זיך אין דער ריכטונג, וואו איך גיי. איך בלייב שטיין אין גרויס פאַר־לעגנהייט: איך זע דייטלאַך, אַז דאָס זיינען אונזערע סאָלדאַטן מיט די ווייסע פּירעקעכיקע שטיקלאַך צוגענייטע לייוונט אויף די רוקנס (דאָס איז געווען דער צייכן, אַז אונזער אַרטילעריע זאָל אויף זיי ניט שיסן), און זיי דאַרפן מיך אויך דערקענען. אָבער וואָס קאָן באַטייטן זייער ליגן אין אַ פאַרקערטער פּאָזיציע? — נאָר באַלד גיט מיר איינער פון זיי אַ געוויסן צייכן, אַז איך זאָל זיך אויך אַנידערלעגן. ווען איך בין שוין געלעגן אויף דער ערד אויסגעצויגן, האָב איך ערשט דערזען ניט ווייט פון מיר אַ דייטשע טראַנשיי, פון וועלכער ס׳האָבן אַרויסגעקוקט רערלאַך פון אַ פּאָר געווער־מאַשינען, ווי שרעקלאַכע אויגן פון אַ נאַכט־פויגל, געצילט אויף מיר. אַ פּחד איז מיך באַפאַלן, אַ גרויל! איך האָב מיך גענומען פאַרפּלען און גראָבן די ערד, ווי אַ קראָט, און געזוכט וואָס גיכער פאַרשווינדן צו ווערן פונם געפאַר וואָס דראָעט מיך. אַרום מיר פאַלן מענטשן. אייניקע לאָזן אַרויס אַ מאָדנעם געשריי און בלייבן טויט אויפן אָרט. אַנדערע ווערן פאַרוואונדעט און יאָמערן מיט באַנומענע קולות, אַנדערע שרייען ניט, נאָר כאַרכלען ווי די געשאַכטענע בהמות וואָס גייען אָפּ מיטן לעצטן בלוט. פּלוצלונג איז דורכגעפלויגן פאַר מיינע אויערן

א סווישטשענדיקע קויל, דערנאָך א צווייטע און א דריטע. איין קויל האָט אפילו דורכגעלעכערט מיין אייזערנע קאַסקע; דער קלאַפּ איז געווען אזוי שטאַרק, אז כ'האָב געמיינט — דער קאָפּ מיינער ווערט מיר צעשפּרונגען אויף שטיקלאַך. דאַן איז מיר איינגעפאַלן א געדאַנק: כ'האָב געכאַפּט א טויטן קערפּער וואָס איז געלעגן נעבן מיר און אים צוגעשלעפּט אויף דעם ביסל ערד וואָס האָט מיך פאַרשטעלט. ווען איך האָב אים גענומען דרייען אויף אַלע זייטן, האָט ער ארויסגעלאָזט פון זיך פאַרשטיקטע קלאַנגען, איך האָב אים באַלד אָפּגעלאָזט, זיך צוגעשאַרט צו א צווייטן קערפּער, וועלכן כ'האָב פאַרשלעפּט אויף מיין אָרט; דערנאָך האָב איך צוגעשלעפּט א דריטן קערפּער, און אזוי אַרום איז מיר געלונגען זיך צו שיצן פון די קוילן.

ווי לאַנג איך בין אזוי געלעגן אונטער דער באַריקאַדע פון טויטע, ווייס איך ניט, איך ווייס נאָר איין זאַך: די גאַנצע צייט האָב איך מיט א באַזונדער פאַר'עקשנ'טער אָנשטרענגונג ארויס־געקוקט פון מיין באַהעלטעניש, צו זען צי ס'רוקט זיך ניט פון ערגעץ א געפאַר.

פּלוצלונג דערזע איך ניט ווייט פון מיר א געשטאַלט פון א מענטשן; איך קוק זיך איין אין דעם געזיכט: איך קאָן שווערן, אז דאָס איז מיין פאָטער — דאָס רונדע בערדל, די גרויסע אויגן, דער בולט'ער שטערן מיט די געקרייזלטע האָר אויפן קאָפּ, דער וואוקס זיינער. איז דאָס מעגלאַך?! — טוט מיר א בליץ א געדאַנק. איך רייב מיר אוים די אויגן — יאָ, מיין פאָטער! מיין פאָטער! ווי קומט ער גאָר אהער? ניין! ס'איז אומ־מעגלאַך! מיין פאָטער איז א טונקל־גראָער אוניפאָרם פון א סאָלדאַט? דאָס געשטאַלט שטרעקט אוים די הענט אין דער לופטן און נעמט שרייען מיט א יאָמערדיקער שטימע: „חברים, חברים! שיסט ניט! א פאָטער פון פיר קינדער! א פאָטער פון פיר קינדער!" — ווייזט ער א צייכן מיט פיר צעשפּרייטע פינגער. — א פאָטער פון פיר קינדער — שיסט ניט!... — פּלוצלונג טוט ער זיך א וואַקל, א דריי און פאַלט אויף צוריק מיט א ווילדן קרעכץ, און — שאַ, שטיל...

מער פאַרבלייבן אויף מיין אָרט האָב איך שוין ניט געקאָנט.

כ'האב געמיינט, אז כ'וועל משוגע ; אין קאפ האט מיר שרעק־לאך געקלאפט. איך האב זיך מיטאמאל א ווילדן ריס־געטאן פון דער ערד און זיך געלאזט לויפן, וואוהין די פיס וועלן מיך פאר־טראגן..."

מיין פעלד־חבר איז מיטאמאל שטיל געבליבן.

איך האב זיך אנגערופן צו אים :

— לאמיר וואס שנעלער פארלאזן דעם גיהנום, מיר וועלן דא אומקומען פאר שרעק און צער אדער גאר משוגע ווערן.

— וואוהין ווילסטו גיין ?

— איך ווייס ?

— און דעם קוילנווארפער וואוהין וועלן מיר אהינטאן ?

— צו וואס דארפסטו זיך זארגן פארן קוילנווארפער ?

— איך בין אבער פאראנטווארטלאך פאר אים.

— ביסטו געווען מיט א קוילנווארפער־אפטיילונג ?

— ניין, נאר די געשיכטע איז אזוי:

— לויפנדיק, אין יענעם מאמענט, נאכדעם ווי איך האב „געזעגנט" מיין פאטער א גע'הרג'עטן, האב איך זיך אנגעשלאגן אן דער קאמפאניע פון קוילנווארפער. א לייטענאנט האט מיר געהייסן גלייך פארנעמען א פאסטן, ניט פרעגנדיק מיך אפילו פון וועלכער סעקציע איך בין. דער לייטענאנט אליין האט פארנומען א פלאץ לעבן מיר און מיר דערלאנגט די באנדן. אונזער אטאקע האט געצוואונגען די דייטשן זיך צוריקצוציען און ס'איז שטיל געווארן. פלוצלונג גיט מיך דער לייטענאנט א פרעג:

— פון וועלכער סעקציע ביסטו ?

— איך בין אן אינפאנטעריסט פון באטאליאן „ד," דריטע קאמפאניע.

דער לייטענאנט איז געבליבן פארגאפט. ער האט זיך גע־וואונדערט וואס איך האב מיט אזוי פיל געשיקטקייט געארבעט ביי דעם קוילנווארפער. ער האט פארשריבן מיין נאמען, דעם מעטריקול, און איז אוועקגעגאנגען. פארן אוועקגיין האט ער מיר אבער שטרייננג אנגעזאגט, איך זאל היטן דעם קוילנווארפער און ניט אפטרעטן פון ארט, ביז ער וועט צוריקקומען.

— אויב אזוי, פארשטיי איך שוין, פארוואס דו קענסט זיך ניט צעשיידן מיטן קוילנוואַרפער; אָבער, וואָס וועסטו טאָן, אויב ער וועט ניט צוריקקומען? — ער איז דאָך אויך ניט מער ווי אַ מענטש, און אַ קויל קען דאָך אים אויך טרעפן?

— מיר מוזן וואַרטן ביז ס'וועט ווערן ליכטיק, דאַן וועלן מיר זעען וואָס מיר האָבן צו טאָן. איצט איז שווער זיך צו אָריענטירן און וויסן, וואוהין צו גיין.

מיטן פרימאָרגן איז געקומען דער ליטענאַנט און באַפוילן זיך צוריקציען מיטן קוילנוואַרפער, ווייל אנדערע טרופן וועלן פאַרנעמען אונזערע ערטער און אויפ'סניי אָנהויבן די אָפענסיווע.

## ט

# צלם און שווערד

ס'איז שוין דער דריטער טאָג, ווי די אַטאַקעס, קאָנטר־אַטאַקעס און קאָנטר־קאָנטר־אַטאַקעס הערן ניט אויף, אויף אַ שטח פון פיל קילאָמעטער, אויפן וועג פון בעטהין, צווישן ליל און אראַס. עס נעמט גאָר קיין סוף ניט! — אָט זיינען שוין די דייטשן ארויסגעטריבן פון זייערע דרייפאַכיקע טראַנשייען און שוץ־גריבער — מיר יאָגן זיי שוין אויפן פרייען פעלד אין דער ריכטונג פון דועט און לאַנס. אָבער דאָס רעדל טוט זיך פלוצלונג אַ דריי און אָט זיינען מיר שוין ארויסגעשטויסן פון די ערשט־פאַרנומענע פונקטן און זיינען געצוואונגען זיך צוריקציען אין דער ריכטונג פון סט־עלוא, נעוויל, ס־ט. וואַאסט און קאראַנסי. און אזוי כסדר. די דועל־קאַמפן צווישן 75־קער, 90־קער, 105־טער, 150־טער און 155־ער לייכטע הארמאַטן צערייסן ממש די לופט מיט זייער קנאַקן. ס'טרעפט אָפט אַז די אַרטילעריע שיסט אינם רוקן פון די אייגענע רייען און מאַכט אַן גרויסע צרות. ווען אַזאַ אַרטילעריע־קאַמף צעפלאַקערט זיך, קאָן מען זיך שוין מער ניט אָריענטירן, וואו די אייגענע געפינען זיך און וואו די פרעמדע, — און מ'שיסט אויף גאָט'ס באַראַט... דערפאַר איז די שווערע אַרטילעריע שוין זיכערער מיט אירע אָפּעראַציעס: זי ווייסט, אַז אירע שלוחים וועלן סוף־כל־סוף געפינען די געוואונטשטע פונקטן — דעם רעזערוו —, וועלכער איז, אייגנטלאַך, דער גאַנצער ציל פון זייערע אַטאַקעס. טרעפט טאַקע, אַז אַ „270־ער" אָדער אַ „300־ער" פאַלט ארויף אויף אַ שוץ־גראָבען, צעשמעטערט אים און פאַרשיט לעבעדיקערהייט אַ גרופּע סאָלדאַטן אָדער ער צע־

רייסט זיך אין מיטן שלאַכט־פעלד און מאַכט אַ קאַשע פון עטלאַכע צענדליק סאַלדאַטן. דאַרף מען דאַן זוכן אַן אַנדער ווינקל, אַן אַנדער שוץ־אָרט, ווייל דער שונא ווייסט שוין אונזערע פּאָזיציעס און צילט גלייך אַהין. אַזוינס איז אויך געשען מיט אונזער רעזערוו. ביז מיר האָבן אויסגעפונען דאָס ריכטיקע שוץ־אָרט, זיינען אונזערע רייען געוואָרן שיטערער. שטייען מיר אַזוי און וואַרטן אויף אונזער גורל — אויפן באַפעל: „אַן אוואַן! — פאָרווערטס! איבער אונזערע קעפּ יאָגן זיך און פליען שראַפּנעלן: דזזזז... בום־מ־ם... דזזז... בום־מ־ם!! ביי יעדן שאָס בויגט מען זיך איין אין דרייען, אָדער מ'ציט זיך גאָר אויס אויף דער ערד. ווען דער שאָס מיידט אונז אויס, איז מען שוין גאָר וואוילע יונגען און מ'טרייבט שפּאַס... אַ ברירה האָט מען!...

מיר זיינען געווען די איינציקע סעקציע וואָס איז פאַרבליבן אין רעזערוו פון דער גאַנצער קאָמפּאַני קוילנוואַרפער; די איבעריקע דריי סעקציעס מיטן קאַפּיטאַן בראש האָבן זיך געפונען אויף די ערשטע ליניעס פון דער אַטאַקע. שוין דריי טעג, אַז מיר האָבן פון זיי קיין ידיעה ניט און ווייסן ניט וואָס מיט זיי איז געוואָרן. יעדע פאַרבינדונג מיט זיי איז איבערגעריסן. די פאַרוואונדעטע וואָס קערן זיך אום פון די ערשטע ליניעס, קאָנען אונז אויך וועגן זיי גאָרניט זאָגן. בלייבט, מיטצונעמען די צוויי „סענט־עטיען" וואָס זיינען אונז געבליבן, מיטן איבעריקן רומל, און זיך אַוועקלאָזן זוכן די פאַרלוירענע סעקציעס מיטן קאַפּיטאַן: סיי־ווי־סיי לויערט אויף אונז דער טויט, איז שוין בעסער צו שטאַרבן אויף דער ערשטער ליניע. בעת מיר קלערן אַזוי און זיינען זיך מיישב, קומען אַן דריי לייכט־פאַרוואונדעטע „קאָרוויי־לייט" פון די פאַרלוירענע סעקציעס, שוואַרץ ווי די ערד, מער טויט ווי לעבעדיק — ניט אַזוי פון די וואונדן, ווי פון די שווי־דערלאַכע איבערלעבונגען וואָס זיי האָבן אין די דריי טעג מיט־געמאַכט.

— דער 9־טער מאַי איז אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט די אַטאַקעס פון די לעצטע פּאָר טעג, — רופט זיך אָן איינער פון די צוריקגעקומענע.

— איר מעגט זיך אַלע גליקלאַך שעצן, וואָס איר זיינט ניט דאָרטן, — רופט זיך אָן דער צווייטער.

— פון די זיבן סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך אָוועקגעלאָזט מיט די פעלד־פלעשער נאָך וואַסער זיינען מיר קוים דריי לעבעדיק צוריקגעקומען. אויב מיר וועלן נאָך היינט זיי ניט ברענגען קיין וואַסער, וועלן זיי דאַרפן אַלע אויסגיין פון דאָרשט. אויסער די היץ, די שווערע לופט און דער געשטאַנק פון די הרוגים, שיקן נאָך די דייטשן גאַז־באָמבעס וואָס פאַרגיפטן צום איבעריקן. איי־ניקע פון דער דריטער סעקציע זיינען געבליבן פאַרשטיקט מיט די מאַסקעס זייערע אויף די פּנים׳ער. פון די אַלע דריי סעקציעס איז קוים געבליבן איין סעקציע. פון די קוילנוואַרפער־מאַשינען זיינען אונז פאַרבליבן נאָר צוויי. מיר באַנוצן זיך אויך מיט אַ „מאַקסים" וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט, אָבער אויך צו אים דאַרף מען האָבן וואַסער.

— זיינען אַלע איבעריקע פון אונזער קאָמפּאַניע טויט? — פרעגן מיר.

— יאָ, טויט. מ׳באַריקאַדירט מיט זיי די טראַנשייען. פאַרגעסט ניט, אַז מיר געפינען זיך אַ 20־30 מעטער פון די דייטשן. זיי וואַרפן האַנט־גראַנאַטן און גאַז־באָמבעס גלייך אין אונזערע טראַנשייען.

— אָבער צו־וואָס זאָל מען באַריקאַדירן מיט די טויטע, — פרעגט איינער נאָאיוו.

— די טראַנשייען זיינען ניט גענוג טיף און דערצו נאָך זייער שמאָל, אַזוי, אַז מ׳מוז דאַרט שפּאַנען מיט אַ זייט. ווען מ׳זאָל נאָך די טויטע איבערלאָזן אין די טראַנשייען, וואָלט שוין גאָר קיין אָרט פאַר די לעבעדיקע ניט געבליבן.

ביי די ווערטער פאַרגייט שוין דער אַפּעטיט פון נייגעריקייט. אויך דער אַדיוטאַנט, וואָס איז מיט אונז פאַרבליבן ביז אַ ווייטערדיקן באַפעל, איז שטאַרק דערשלאָגן פון דעם דאַזיקן גרוס און באַשליסט ניט צו שטופּן דעם קאָפּ אין פייער אַריין: כל־זמן ער האָט אַזאַ באַפעל פונם קאַפּיטאַן ניט געקראָגן, איז ער ניט מחויב צו גיין. אַזוי ווי אָבער ס׳איז נויטיק צו ברענגען וואַסער פאַר די לעבעדיקע מענטשן און אַזוי ווי די דריי אַריבערגעקומענע האָבן קיין חשק ניט אַליין זיך צוריקקערן אין דעם גיהנום, ווערט באַשלאָסן, אַז ווער עס וויל זאָל פרייוויליק די דאָזיקע שליחות נעמען אויף זיך. ס׳האָבן זיך באַלד געמאָלדן פינף פון אונז.

דער וויציקער איטאַליענער — ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרזיכערט צו ברענגען אונז בשלום צו דעם אָרט פון דער „גאָלדענער וואָל," אַזוי ווי זיין עלטער־עלטער־זיידע האָט געפירט ז י י ן עלטער־זיידן אין די שבעה מדורי־גיהינום, פון וואַנען קיין נפש האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט...

דער צווייטער, וואָס האָט זיך געמאָלדן, איז געווען דער האָלענדער. אַ „פילאָזאָף" וואָס האָט שטענדיק געדרונגען, אַז וואָס גרעסער די געפאַר איז, אַלץ אינטערעסאַנטער איז דאָס לעבן און אַז דער טויט איז ניט מער ווי אַ פאַרטזעצונג פון אונזער עקזיסטענץ; מיר גופא זיינען ניט מער ווי גילגולים פון חיות און פאַרצייטיקע באַשעפענישן.

דער דריטער — דער רומענישער איד, „מאַנפּאַטאַ". ער איז געווען דער העכסטער אין וואוקס און פלעגט דעריבער שטענדיק זיין דער פאָן־טרעגער אין צייט פון שטילשטאַנד, מאַ־נעוור און פאַראַד; ער איז אויך געווען ניט קיין קליינער וויצלינג, געטריבן שפּאַס מיט יעדן באַזונדער, דערצו זייער אַ בראַווער יונג.

דער פערטער — דער שפּאַניער, וואָס פלעגט ניט פאַרפעלן ביי יעדער קלייניקייט צו שעלטן און זידלען גאָט, די הייליקע „האָסטיא" און אַלע הייליקע צוזאַמען. ער איז געווען אַ גרויסער שלים־מזל, שטענדיק האָט ער עפּעס פאַרלוירן. איינמאָל האָט ער פאַרלוירן אַ שוך אין אַ טיפער בלאָטע און אַזוי געמוזט איינציקע קילאָמעטער טאַפּטשען די בלאָטע מיט איין שוך און געהאַלטן אין איין שעלטן. אַ צווייטן מאָל האָט ער פאַרלוירן די ביקס און געקראָגן אַ שטראָף, און ווייטער געשאָלטן.

די דריי צוריקגעקערטע האָבן מסכים געווען צו זיין אונזערע וועג־ווייזער. זיי האָבן מיט ביטול אונז אָנגעקוקט און געשאָקלט מיט די קעפּ, זעענדיק ווי מיר גרייטן זיך אַזוי ברייטלאַך אין וועג אַריין, ווי איינער זאָגט: „וואַרט אַ ווײַלע, חברה, ווען מיר זען, וואָס איר וועט שפּעטער זאָגן!"... מיר האָבן זיך אַרומגעגאַרטלט און גענומען יעדער אויף זיך זעקס פעלד־פלעשער, אַביסל שפּייז אין די טאָרבעס און מיט די טראַנשייען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דערווייל איז שוין געוואָרן גרויסער טאָג. די זון האָט גענומען שטייגן צום זעניט און אירע שטראַלן האָבן אונז אָנגע־

הויבן צו בראטן ווי צעגליטע פיילן. די היץ, די לופט וואס איז געווען פארפעסטעט פון פולווער, שטיקנדיקע גאזן און צעלייגטע טויטע קערפערס, די משא אויף אונזערע רוקנס, — דאס אלץ האט אונז געגעבן צו פילן, אז די אונטערנעמונג איז גאר ניט קיין לייכטע. א פאר הונדערט מעטר זיינען מיר אזוי אפגעגאנגען אין די געדרייטע שמאלע טראנשייען, וואו פארוואונדעטע, באוועגלאַכע און אומבאוועגלאכע, האבן פארצאמט די דורכגענג און וואו די טויטע, וועלכע מ׳האט נאך ניט באוויזן ארויפצוואַרפן אויף די פאראפעטן פון די טראנשייען, האבן זיך געוואלגערט און געפלאנטערט אונטער די פיס. ווייטער אזוי האבן מיר שוין ניט געקאנט גיין. דאן האט דער שפאניער געעפנט זיין מויל און אנגעהויבן שעלטן דעם הער־גאט און אלע הייליקע צוזאמען.

— דו וועסט האבן איוב׳ס סוף, — האט זיך דער רומענער מיט אים גערייצט.

— וואס וועלן מיר זיך דא ארומשלעפן צווישן די טויטע קערפערס, לאמיר פרואוון גיין מיטן פרייען פעלד; וואס קאן שוין זיין ערגער? — האט אונז געראטן דער איטאליענער.

די דריי צוריקגעקערטע סאלדאטן האבן זיך קעגנגעשטעלט דעם דאזיקן פארשלאג. אבער מיר האבן זיך דאך אוועקגעלאזט מיטן פרייען פעלד אין דער ריכטונג פונם בארג „140,” וואס האט בולט זיך געזען פון ווייטנס. דאס איז אבער, ווייזט אויס, ניט געפעלן געווארן די דייטשן, און זיי האבן באלד גענומען האגלען אויף אונז מיט קוילען. האבן מיר זיך דוקא איינגע׳עקשנ׳ט און נעגאנגען אונזער וועג. האבן זיי גענומען אונז באשיטן מיט הארמאטן: דזזז.... בומ־ם...

— חברה! דאס שיסט מען אויף אונזער אדרעס! — שוין בעסער צו קריכן מיט די פיס אין די אפענע געדערים פון די טויטע און שווער פארוואונדעטע, ווי אליין צעריסן ווערן פון א דייטשן 77־ער!

— איך בין געטראפן! — שרייט פלוצלונג אוים דער שפאַניער.

מיר האבן זיך מיט גרויסע שוועריקייטן דערשלאגן צו א טראנשיי און גענומען באטראכטן דעם „גליקליכן” שפאניער...

— גיי, דו שלים־מזל! ס'איז דאך גארנישט, א שטיקל אויער בלויז... דערפאר וועט מען דיך ניט עוואקואירן — רייצט זיך מיט אים דער רומענער — קום מיט אונז און לאז די הייליקע אביסל צורו.

בעת מיר דראפען זיך אזוי און קריכן איבער די טויטע און פארוואונדעטע, דערזען מיר מיטאמאל פאר אונז א וואנט — א צונויפמיש פון מענטשלאכע קערפערס, שטיקער ערד, מלבושים און געווער — און דערפילן א שטארקן געדרוך פון פולווער... ווייטער צו גיין איז אוממעגלאך. א פאר פארוואונדעטע קוקן אונז אן מיט מיטלייד און ווארענען אונז ניט צו גיין ווייטער: ס'איז א שרעק! מיר, אבער, קריכן ווייטער. מיטאמאל — באם!! א כלי, ווי א מענטש די גרויס, פאלט אראפ ביי אונזערע פיס און ציט זיך אוים אין איר גאנצער לייגג אין דער טראנשיי. צום גליק האט זי זיך ניט אויפגעריסן.

— איך האב אייך געזאגט, אז מ'האט מיך גע'טובל'ט אין „סטיקס," — האט דער איטאליענער אפילו דאן ניט אויפגעהערט זיך צו וויצלען.

— גיב אכטונג אויף דעם קנאכן, ביי וועלכן מ'האט דיך געהאלטן בשעת'ן טובל'ען, ווארום ס'איז ניט אויסגעשלאסן... — חקירה'ט דער האלענדער...

— הערט אויף מיט אייערע חכמות! מיר ברענט דאס אויער און כ'האב קיין באנדאזש ניט!

מיר האבן זיך אפגעשטעלט צו באנדאזשירן דאס אויער פונם שפאניער, דערווייל אויך אונטערגעלענט אביסל די פארקלעמטע הערצער און געגאנגען ווייטער. צוקומענדיק צו איינער פון די פארלאזענע דייטשע טראנשייען, האבן מיר דערזען אזא בילד: א דייטשער סאלדאט שטייט, דער קאפ איז ביי אים מיט ביידע הענט אונטערגעשפארט און אנגעלענט אויף דעם פאראפעט פון דער טראנשיי, גלייך ווי ער שלאפט; אין רוקן ביי אים שטעקט ביז העכער העלפט א פראנצויזישער באיאנעט מיטן „לעבל" אראפגע־האנגען ביז צו דר'ערד. אביסל ווייטער קניט א פראנצויזישער סאלדאט מיטן פנים, פארשוואלן און בלוי ווי א מילץ, צום דייטש געריכטעט; ביי אים אין זיין הינטערשטן טייל האט געשטעקט

אַ דייטשער באַיאָנעט און נעבן אים האָט זיך געוואַלגערט אַ גאַנ־
צער אָרעם מיטן אַרבל פֿון אַ דייטשן מונדיר. איניקע טריט
ווייטער שטעקן צוויי פֿיס אַרויס אין דער לופֿט; דער איבעריקער
טייל קערפּער ביז איבערן גאַרטל איז פֿאַרשאָטן אין דער ערד.

מיר גייען ווייטער און דערזעען אַן אַנדער בילד: צוויי סאָל־
דאַטן — אַ דייטש און אַ פֿראַנצויז — שטייען האַרט איינער
נעבן צווייטן, פּנים אל פּנים; ס'האָט אויסגעזען, ווי זיי סוד'ען
זיך און שמועסן צוזאַמען. אין בויך פֿון דייטש שטעקט אַ פֿראַנ־
צויזישער באַיאָנעט ביז צום רעך פֿון געווער און די ברוסט פֿונם
פֿראַנצויז איז צעשניטן דורכן צוויי־שאַרפֿיקן מעסער פֿונם דייטש.

— דאָס איז פֿאַר ליבשאַפֿט — באַמערקט דער רומענער און
טרעט אַריין אין אַן אָפֿענעם בויך פֿון אַ צעלייגטן קערפּער. —
פֿוי, טייפֿל! — שפּייט ער אויס מיט עקל.

— ס'מאַכט ניט, — רופֿט זיך אָן איינער — דו וועסט
פֿאַרשפּאָרן צו שמירן דיינע שיך מיט פֿעטס; זיי וועלן שוין זיין
גענוג ווייך אַזוי...

— פֿאַל ניט, שלים־מזל, — האַלט אונטער דער איטאַליענער
דעם פֿאַרבאַנדאַזשירטן שפּאַניער. — גיב אַכטונג וואו דו גייסט...

צוויי קערפּערס זיינען געלעגן איינער נעבן צווייטן אויף דער
ערד און זיך געהאַלטן פֿאַר די העלדזער...

— „מאַטש־נול!" ניט אַזוי, מאַנפֿאַטאַ? — רופֿט זיך ווידער
אָן דער וויצלינג.

צוקומענדיק צו אַ קרייצוועג, וואו צווייגן פֿון גראָבנס האָבן
זיך געצווייגט פֿון אַלע זייטן, האָבן מיר דערזען ליגן אויסגעצויגן
אין זיין גאַנצער לייגג אַ גרויסן פֿאַרשוואָלענעם קערפּער אָנגעטאָן
אין אַ שפּאָגל־נייעם מונדיר, אויף די אַרבל פֿון וועלכן ס'האָבן
געבלישטשעט פֿיר גאָלדענע פּאַסעקלאַד...

— מיין קאָמענדאַנט! — שרייט אויס דער רומענער אויס־
ציענדיק זיך מיליטעריש, און די האַנט צום דאַשעק. — איך
מעלד געהאָרכזאַם, אַז מיר, אַכט גבורים, האָבן איינגענומען אַ
גרויסע שטרעקע מיט טראַנשייען, אָנגעפּאַקט מיט טויטע קערפּערס
וואָס פֿאַרפּעסטן די לופֿט. זייט אַזוי העפֿלאַך און מאַכט פֿאַר
אונדז פּלאַץ פֿאַרטצוזעצן אונזער מאַרשרוט!...

— איצט איז אים אַלץ איינס, — באַמערקט דער פֿילאָזאָף.

— יעדער איינער מוז מיטמאכן דעם טויטן־טאנץ, אן אויסנאם.

— וואס פאר א סענטימענטן אין מיטן דרינען! די צייט שטייט ניט! — רופט זיך אן דער שפאניער און נעמט זיך שעלטן, ווי זיין שטייגער איז געווען.

צוקומענדיק צו „אווראזש־בלאנק" האט א געדיכט פינצטער־ניש אונז ארומגערינגלט און מיר האבן זיך געפונען פאר א גרויס פינצטער מויל פון א טונעל. דא זיינען געלעגן גאנצע הויפנס טויטע און פארוואונדעטע סאלדאטן. ס'האט זיך געדאכט, אז דאס שרעקלאכע מויל פונם מאנסטער־טונעל האט די מענטשן ארויסגעשפיגן. אייניקע פארוואונדעטע האבן גענומען זיך בעטן ביי אונז, מיר זאלן זיי ראטעווען — „טרינקען," — „האט רחמנות און גיט אונז טרינקען." — האבן מיר זיך איינגעבויגן און זיי דערלאנגט צו ביסלאך וואסער, גענוג בלויז די ליפן זייערע צו באנעצן.

— מ'מוז טייער באצאלן, ווען מ'וויל לעבעדיק זיך דורכ־שיפן דעם אכעראן, — רופט זיך אן דער איטאליענער.

מ'לאזט אונז אבער ניט אפ, און וואס מער מיר גיבן וואסער, אלץ מער פארלאנגט מען: „וואסער!" „טרינקען!" „טרינקען!" „וואסער!" אייניקע וואס קאנען שוין ניט ריידן, בעטן זיך מיט די אויגן, מאכן מיט די ליפן און דרייען מיט די קעפ — א גרויל!

— אריאנע, שיינע כישוף־מאכערין, וויקל אויף דעם שנור פון האפנונג אין דעם פינצטערן לאבירינט. לאז אונז דא ניט אומקומען. איך שווער ביי צעאוס'ן און קריסטוס'ן, אז איך וועל דיך שוין ניט מער פארלאזן, — האט דער איטאליענער אויסגע־שריגן מיט מער ערנסט ווי שפאס. קניענדיק האט ער פארלעגט די הענט, פארגלאצט די אויגן ווי צו א געבעט...

— בהמות! וואס האט איר זיך דא אלע צעלייגט; מיר וועלן דאך באלד קיין וואסער אין אונזערע פלעשער ניט האבן, וואס וועלן מיר ברענגען אונזערע דארטן? — האט זיך צעשריגן דער שפאניער.

ווי אפגעבריטע זיינען מיר אויפגעשפרונגען און געלאזט זיך גיין ווייטער. אבער דא האט איינער פון די פארוואונדעטע, מחמת זיינע שטארקע דורשט־קראמפן, זיך איינגעביסן מיט די ציין ביים האלענדער אין דער פאלע פון זיין שינעל. מ'האט גע־

מוזט זיך נעמען אפשניידן די פאלע, און ביז מ'האט „באפרייט" דעם האלענדער, איז דער „עקשן" אויסגעגאנגען...

מיר זיינען אריין אין דעם „מויל" פון טונעל און דארטן האבן מיר געהאלטן אין איין רייבן שוועבעלאך, ווייל אין דער פינצטערניש האבן מיר כסדר געשטרויכלט און זיינען געפאלן איינער אויפן צווייטן. דער טונעל איז געווען פול מיט פוילנדיקע טויטע קערפערס. מיר האבן אבער שוין מער דערויף קיין אכטונג ניט געלעגט און זיינען געלאפן ווי פארפאלגטע, כדי וואס גיכער אנקומען, איידער ס'וועט ווערן שטאק־פינצטער.

ווען מיר זיינען ענדלאך ארויסגעקומען פונם גרויזאמען טונעל, זיינען מיר געווען געצוואונגען זיך צו פארקערעווען אויף רעכטס, ווייל די דייטשן האבן זיך שוין געפונען קעגנאיבער דעם טונעל. א פאר קאמפאניעס רעגולערע פראנצויזישע סאלדאטן האבן אויסגעפילט די טראנשייען, באוואפנט פון קאפ ביז פיס; דערשראקענע, בלייכע און צעטומלטע, האבן זיי געקוקט און געווארט. מיטאמאל האט זיך באוויזן א שווארץ גלח־קלייד באגלייט פון צוויי ברענענדיקע אויגן, מיט א שוים אויף די ליפן; אין דער רעכטער האנט האט דער גלח געהאלטן א גרויסן צלם און מיט א הייזעריק קול, ווי גאר ניט קיין מענטשליכעס, האט ער גענומען שרייען:

— פארווערטס! פוילענצער, טויגניכצן, פארווערטס! — פארוואס רירט איר זיך ניט?!

די סאלדאטן, נאך מער איבערגעשראקענע, האבן זיך געטורליעט און געדריקט איינער צום צווייטן, ווי די שאף, ווען זיי ווערן פון א שונא געדראעט...

— פאראויס, זאג איך, און גיכער! וואו איז דער קאפיטאן?

— צעשרייט ער זיך ענדלאך, ווילד פאר כעס, ווען ער זעט, אז קיינער וויל זיך פון ארט ניט רירן. — וואו איז ער, פרעג איך אייך! ער וועט אייך שוין ווייזן, פוילענצער און גארנישטן!

אבער קיינער האט קיין פיפס ניט געטאן.

מיט גרויסע שוועריקייטן האט זיך אונז, סוף־כל־סוף, איינגעגעבן זיך דורכשלאגן א וועג צווישן די טראנשייען. פון ווייטנס האט זיך נאך אלץ געהערט די הייזעריקע, טייוולאנישע שטימע פון גלח.

ווען מיר זיינען אנגעקומען צו דער טראנשיי, וואו אונזערע האבן זיך געפונען, איז שוין די זון געווען פארגאנגען. דער ערשטער, וועלכער האט אוים נייגעריקייט ארויסגעשטעקט דעם קאפ איז געווען דער רומענער. ער האט גלייך געקראגן א קויל אין שטערן אריין און איז געפאלן א טויטער. מ׳האט אים באלד ארויפגעווארפן אויפן פאראפעט. צוויי זיינען פארוואונדעט גע־ווארן פון א גראנאט. באמבעס און אנדערע משחיתים האבן געהאלטן אין איין אויפרייסן זיך...

בעת מיר האבן זיך געטוליעט און געדריקט איינער צום צווייטן, אוים מורא פאר א נייעם גראנאט, דערהערן מיר א גראב קול וואס באפעלט: „פארווערטס... לויפן... אטאקירן...
וואס טוט איר דא, טויגעניכצן, שמוציקע הינט וואס איר זייט...
פאראוים, אטאקירן!! אנגרייפן!!

דורך די שים־לעכער אין דער טראנשיי האט מען געקאנט זען א דייטשן אפיציר, ווי ער האט געפאכעט מיט זיין בלויזער שווערד איבער די קעפ פון די סאלדאטן, בעת ער האט אין דער צווייטער האנט געהאלטן א רעוואלווער און מיט אים געדראעט די זעלבע צעשראקענע און צעטומלטע סאלדאטן. ער האט זיך ווידער צעשריגן: „פאראוים! פארפלוכטע הינט!” מער האט ער אבער שוין גארניט געקאנט ריידן: אונזערע א קויל האט אים פארשטומט אויף אייביק; ער איז אנידערגעפאלן עטלאכע מעטר פון אונזער טראנשיי...

די גאנצע נאכט ביזן ווייסן טאג אריין האבן מיר געהאלטן אין איין שיסן דורך די שים־לעכער. די רערן פון די ביקסן זיינען צונטער־רויט געווארן, אבער מיר האבן ניט אויפגעהערט. און אין אונזערע אויערן האט נאך אלץ געקלונגען דעם אפיציר׳ם קול: „פארשאלטענע קאנאליעס! פאראוים!”... ווי אויך דאס קול פונם גלח אין שווארצן מלבוש, מיטן צלם אין דער לופטן: — „פאראוים! טויגעניכצן, פוילענצער, פאראוים!”

י

# צוויי „וואָלאַנטערן"

צוויי זיינען זיי געווען מיט אונז, צוויי געטרייע נאָכפּאָלגער ביזן קבר; און דערפאַר האָבן די ווענטן זיי האָבן נאָכגעפאָלגט, זיי געקרוינט מיט איין־און־דעם־זעלביקן נאָמען — וואָלאַנטער.

מיט דעם ערשטן האָב איך מיך באַקאַנט באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין ליאָן. אין דער קאַזאַרמע סאַקס. איך האָב דאָרטן דערזען אַ געל־האָריקן, גרויסן הונט מיט ליבע און פריינטלאַכע אויגן, ער האָט זיך אַרום אונז געדרייט, יעדן נייעם רעקרוט אָנ־געקוקט, אַרומגעלעקט און, אַזוי אַרום זיך מיט אים באַפריינדעט און פאַרבריידערט. ער פלעגט שטענדיק צולויפן אָט צו דעם, אָט צו יענעם, נעמען שפּילן זיך, אַרומטאַנצן, לעקן די הענט, וואַרפן זיך אויף דער ערד און מאַכן פאַרשידענע שטיק, כדי אַרויסקריגן אַ שמייכל, אַ גלעט איבער דער קודלע און אַמאָל טאַקע — אַ געשמאַקן ביין אָדער אַ שטיקל פלייש. ער איז געווען זייער געהאַרכזאַם, שטיל און געטריי, האָט אויף קיינעם ניט גע־האַווקעט, — ווי די טבע איז פון אַנדערע הינט; — געווען מיט יעדן אַ גוטער ברודער. קוריע, דער בעסטער פריינט פון די סאָל־דאַטן, — כאָטש אין פּייער אַריין אים צו שיקן! צו אייניקע האָט ער געהאַט גאָר אַ באַזונדער סימפּאַטיע און פלעגט טאָג ווי נאַכט אַרום זיי קלעפּן. שלאָפן פלעגט ער אין איין צימער מיט אונז, און ער האָט זיך גיכער צוגעוואוינט צום קאַזאַרמע־לעבן, ווי אַ סך פון אונזערע יונגע רעקרוטן. לכתחילה האָט יעדערער אים גערופן מיט אַ באַזונדער נאָמען, נאָר צום סוף האָבן זיך אַלע געאייניקט אויפן נאָמען — „וואָלאַנטער."

פונוואַנען „וואָלאַנטער" שטאַמט, צו ווען ער האָט פריער געהערט, און ווי אַזוי ער איז אַנגעקומען צו אונז אין דער קאַזאַרמע — דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. אייניקע האָבן גע־דרונגען, אַז ער שטאַמט פון אַפריקע און האָט געהערט צום „אַלטן" סערזשאַנט פונם „פרעמדן־לעגיאָן." אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דער איטאַליענער וואָס שלאָפט כסדר מיט אים צו־זאַמען, אַט דער, וואָס איז געקומען פון מאַרסעל קיין ליאָן זיך פאַרשרייבן אַלס פרייוויליקער, האָט אים אַהער געבראַכט. איי־נער, אַ ליאָנער, האָט פאַרזיכערט, אַז ער קען אים שוין זייט עטלאַכע יאָר און אַז ער האָט אים אָפט באַמערקט אין ליאָן. נאָר דאָס זיינען אַלץ געווען השערות. פאַר אונז איז וואָלאַנטער'ס „יחוס" געבליבן אַ סוד.

ער האָט מיטגעמאַכט מיט אונז אַלע מאַנעווערעס, און איז געווען דער „וועג־ווייזער" און „פירער" אונזערער. ער איז שוין געווען גוט באַקאַנט מיט די ערטער, וואו מיר פלעגן מאַכן אונ־זערע געווער־איבונגען און גימנאַסטיק; ביי יעדן אָפּשטעל וואָס מיר האָבן געמאַכט פלעגט ער זיך צו אונז דערנענטערן, יעדן אַרומלעקן, אַרומגלעטן און טרייסטן מיט זיין פריינטלאַכן קוק, ווי איינער רעדט: „זאָרגט ניט, פריינט! איר וועט דאָס איבער־קומען, נאָר אַביסל געדולד". מיר פלעגן אים פאַרשטיין און אָפּענטפערן מיט אַ גלעט. ער פלעגט זיך דאַן אַוועקלעגן אויפן רוקן, מאַכן מיט די פיס, אַרויסשטעלן דעם צונג, סאָפּען און קוועלן פאַר תענוג. און באַלד ווי ס'האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל, — פלעגט ער זיך דער ערשטער געבן אַ וואָרף, צולויפן צום סערזשאַנט און אויף אים אויסגלאָצן גרויסע, בעטענדיקע אויגן — דאָס האָט געהייסן: „מאַטער נישט די סאָלדאַטן אַזוי שטאַרק."

„דינסט איז דינסט!" פלעגט דער סערזשאַנט, אַ בייזער, אים אָפּשטופּן פון זיך. — „נישטאָ צופיל! מ'מוז פאָלגן און געגנוג!" וואָלאַנטער פלעגט אויסהערן דעם מוסר־זאָגער און זיך אומקערן צו אונז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ: „וואָס זאָל מען טאָן, קינדער? איר הערט: מ'מוז האָבן געדולד."

דעם גרעסטן איינדרוק האָט „וואָלאַנטער" אויף מיר געמאַכט

די ערשטע נאַכט פֿון אונזער אָנקומען אין די טראַנשייען. ס'איז געווען אַ שטאָק־פֿינצטערע, קאַלטע און רעגנדיקע נאָוועמבער־נאַכט. מיר שלעפּן זיך איבער די בלאָטיקע פעלדער, בלאָנדזשען און ווייסן ניט וואו־הין צו גיין. די קאָמאַנדירן אונזערע פירן אונז דורך טאָלן, בערג, גריבער, און ווייסן אַליין ניט דעם וועג. וואָס ווייטער מיר גייען, אַלץ העפטיקער הערט זיך דאָס דונערן פֿון די קאַנאָנען. פּלוצלונג הויבט אָן צו האָגלען אויף אונז מיט קוילן; באַלד טוט איין דונער, אַ צווייטער, אַ דריטער, — מיר פֿאַלן אַלע אום פֿאַר שרעק. איניקע זיינען פֿאַרוואונדעט. מיר בלייבן שטום און וואַרטן אויף אַ באַפעל. איך הויב מיר אויף פֿון דער ערד אַ פֿאַרשמירטער, אַ פֿאַרבלאָטיקטער, און אַ דורכגענעצטער ביז די ביינער. איך זע, עפּעס אַ שוואַרצער שאָטן באַוועגט זיך פֿון ווייטנס. איך קוק זיך איין: אַ־האַ! ס'איז „וואָלאָנטער". פֿון וואַנען האָט ע ר זיך אַהער גענומען? — שוין אַ שטיק צייט, ווי כ'האָב אים פֿאַרלוירן פֿון אויג, — זייט מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, — אין מיטן דרינען, ער איז דאָ! איך האָב מיך מיט אים שטאַרק דערפֿרייט, ממש ווי מ'דערפֿרייט זיך מיט אַ בעסטן פֿריינט, וואָס מ'האָט לאַנג ניט געזען און פּלוצלונג באַגעגנט מען אים. ער, ווייזט אויס, האָט מיך באַלד דערשמעקט, איז צוגעלאָפֿן צו מיר און גענומען צו מיר ריידן אויף זיין שפּראַך. ס'איז מיר געוואָרן היימלאַכער אויפֿן האַרצן. איך האָב דערפֿילט, אַז איך בין ניט אַליין, אַז איך האָב פֿאַר וועמען זיך אויסצורעדן און באַקלאָגן זיך אויף מיין מזל. ער האָט, אַפּנים, פֿאַרשטאַנען מיין געמיט; האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן פֿאָראויס און, צוריקקומענדיק אין עטלאַכע מינוטן אַרום, מיר „איבערגעגעבן," אַז ניט ווייט זיינען דאָ אונזערע סאָלדאַטן, — ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן, — און אַז מיר וועלן מיט דער צייט זיך צוגעוואוינען צום האָגל פֿון ביקסן און האַרמאַטן־קוילן. אַזוי איז ער אויך אַרומגעלאָפֿן אַרום אַנדערע סאָלדאַטן און געהאַלטן אין איין „איינרעדן," אַז ס'איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן...

פֿון דעמאָלט אָן האָבן מיר אים שוין פֿון די אויגן ניט אָפּגעלאָזט; ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן נעבן אונז אין די טראַנשייען. ווען מיר פֿלעגן אוועקגיין אויפֿן אָפּרו, אַ 25 קי־

לאַמעטער פון די טראַנשייען, פלעגט ער מיט אונז מיטגיין; און ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין די טראַנשייען, איז ער ווידער געווען מיט אונז. ער האָט מיטגעמאַכט מיט אונז דאָס טראַנשיי־לעבן. געליטן הונגער און קעלט, איבערגעלעבט טויטשרעקן בעת די שטורמדיקע באָמבאַרדירונגען. ווען מיר פלעגן גיין, ביינאַכט, אַ פּאַטרול פון אַ מאַן זעקס, אויף אַן „אַמביסקאַד", פלעגט ער דאַן, שטיל ווי אַ שלאַנג, זיך שלייכן באַגלייך מיט אונז אויפן בויך. ער איז געקראָכן דער ערשטער, אויסגעקוקט די ערטער און געקומען צוריק אונז „דערציילן," אַז דאָ ניט ווייט ליגט אַ דייטשער „סענטינעל," אַז דאָרטן גייט אַ דייטשער פּאַטרול, אַזוי, אַז ווען ער איז מיט אונז מיטגעגאַנגען, איז קיינער ניט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן, ער פלעגט אונז צוזאַמענפירן און אויך אָפּהיטן פון אַן אומגליק.

איינמאָל, אין אַ רעגנדיקער מערץ־נאַכט, ווען אַ געמיש פון שניי און בלאָטע האָט פאַרדעקט די פעלדער, זיינען מיר, עטלאַכע סאָלדאַטן, אויסגעקליבן געוואָרן צו גיין אויף אַן „אַמביסקאַד." מיר האָבן אויסגעזוכט „וואָלאָנטער'ן" און אים איינגעלאַדן צו גיין מיט אונז. ער האָט אויסגעזען טרויעריק, זיינע אויגן זיינען געווען פייכט און מרה־שחורה'דיק, ער האָט קיין חשק ניט געהאַט צו גיין. האָבן מיר זיך אַליין אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין. ווען מיר זיינען געווען נאָך ניט ווייט אָפּגעגאַנגען, איז „וואָלאָנטער" אַרויס פון דער טראַנשיי, אַראָפּגעשפּרונגען, האָט גענומען נאָכלויפן און אונז באַלד דעריאָגט. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט עפּעס פליען איבער אונזערע קעפּ, און באַלד האָט גאַנץ נאָענט אַ גראַנאַט זיך אויפגעריסן. מיר זיינען גלייך אָפּגעטראָטן אויף אייניקע שפּאַן און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. און אָט פליען עטלאַכע באָמבעס איבער אונזערע קעפּ. מיר האָבן זיך שנעל אויפגעהויבן און געלאָזט זיך לויפן. מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר, בלויז פיר מענטשן, זיך דערשלאָגן צו אונזערע טראַנשייען. די אַנדערע צוויי זיינען פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און ערשט מיטן טאָג צוריקגעקומען.

פון דעמאָלט אָן האָבן מיר שוין „וואָלאָנטער'ן" מער ניט געזען און האָבן ניט געוואוסט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט...

דעם צווייטן „וואָלאַנטער" האָבן מיר אַנגעטראָפן מיט אַ צייט שפּעטער. דער איז געווען אַ מיטלוואוקסיקער, גרויער הונט. אויגן האָט ער געהאַט גרויע, האַלב־אויסגעלאָשענע, דערפאַר אָבער גוטע, געטרייע. אויפן ערשטן בליק האָט ער געמאַכט אַ שרעקנדיקן, אָפּשטויסנדיקן איינדרוק; נאָר ווען מ'האָט זיך צו אים צוגעוואוינט, האָט מען אים ליב באַקומען. ער איז געווען, ווי דער ערשטער, אַ שטילער און געלאַסענער. האָט יעדן געפּאָלגט און איז מיט יעדן געווען חבר. ער פלעגט אונז נאָכפאָלגן אומעטום, און האָט מיטגעמאַכט מיט אונז די שרעקלאַכע אַטאַקעס פון אַראַס.

צום לעצטן מאָל האָב איך אים געזען בשעת דער אַטאַקע דעם 16־טן יוני, 1915. ער איז אַרומגעלאָפן אויפן שלאַכטפעלד, געגראָבן די ערד מיט די לאַפּעס, גענישטערט, געזוכט און געבילט. איך בין צו אים צוגעגאַנגען, ער, ווייזט אויס, האָט מיך ניט דערקענט און איז אַוועקגעלאָפן... פון דעמאָלט אָן האָב איך אים שוין ניט געזען...

אָט אַזוי זיינען אויף די שלאַכטפעלדער אויך אומגעקומען אונזערע בעסטע, געטרייסטע פריינט — „די צוויי וואָלאַנטערן."

## יא

# אויף אַפּרו

ווען מיר, אַנגעפּלאָגטע סאָלדאַטן, — רעשטלאַך פון די שטאָלצע רייען פּרייוויליקע, — זיינען נאָך די גרויזאַמע אַטאַקעס צוריקגעפאָרן פונם פראָנט, אויף אַפּרו און דערזען פאַר זיך די ליכטיקע וועלט, — האָט זי אויסגעזען פאַר אונז פרעמד און אויסטערליש, און מיר האָבן זיך געפילט מאָדנע. די נאַטור אין איר פולער בליאונג; די שטאָלצע, ניט־צעשעדיקטע בוימער, די צופרידענע, ניט־פאַרקריפּלטע באַשעפענישן, די פּראַכטיקע פעל־דער און טאָלן — דאָס אַלץ איז פאַר אונז געווען אַזוי ניי, אַזוי אומפאַרשטענדלאַך; מיר האָבן אונזערע אויגן ניט געגלויבט, אַז מענטשן זאָלן קענען אַרומגיין פרידלאַך און רעדן צווישן זיך געמיטלאַך, און אַז קינדער זאָלן שפּילן זיך, לויפן און שפּרינגען אַזוי לוסטיק, גליקלאַך און צופרידן!

און ווען מיר זיינען מיט גרויסע לאַסט־אויטאָמאָבילן דורכ־געפאָרן אַ באַן־סטאַנציע אין אַ שטעטל, האָט יעדער פון אונז ווי אַ ווילדער, וואָס זעט צום ערשטן מאָל אַ ישוב פון ציוויליזירטע מענטשן, פריער זיך שטאַרק גע׳חידוש׳ט, נאָכדעם גע־שריען און געליאַרמט פאַר פרייד. ווען מיר זיינען אויסגעשטיגן ביי אַ באַן־סטאַנציע און דערהערט אַ פייף פון אַ צוג, האָבן מיר זיך תחילת, אינסטינקטיוו, דערשראָקן. באַלד אָבער האָבן מיר אָנגעהויבן שרייען און פּילדערן, אַז ס׳איז געווען אַ שרעק. יעדער איינער האָט, ניט ווילנדיק, אַרויסגעלאָזט אַזעלכע פרייד־געשרייען, אַזעלכע היסטערישע געלעכטערס, אַז מ׳האָט אונז געקענט אָנ־נעמען פאַר משוגעים. ווען דער היסטערישער פיבער איז פאַרביי,

איז פאַרגעקומען אין אונז אַ רעאַקציע: אונטער דער ווירקונג פון דער מילדער נאַטור זיינען מיר געוואָרן שווין צו שטיל, פאַר־טראַכט און ערנסט. פון צייט צו צייט האָט זיך ביי יעדן אַרויס־געריסן אַ טיפער זיפץ, אַן אויסגעצויגענער „אוי," — און ווידער האָט אונז אַרומגענומען אַ שטילקייט, אַ טיפע, הייליקע שטיל־קייט; יעדערער האָט אין זיך דערפילט, ווי זיינע מערדערישע מלחמה־אינסטינקטן פאַרשווינדן ביסלאַכווייז... און ער הויבט אָן צוריק באַנעמען די וועלט... יעדער איינער איז געווען אַריינ־געטאָן אין זיך און האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל פּלוצלונג זיך ניט אויפכאַפּן פון אָט־דעם שיינעם חלום און אַריינפאַלן צוריק אין דער גרויזאַמער, ווילדער און שרעקלאַכער ווירקלאַכ־קייט...

אויף די סטאַנציעס וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר באַלד געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די ציווילע מענטשן. די ערשטע וואָס זיינען גאַנץ נאָענט צוגעגאַנגען און אונז אָנגע־באָטן זייער הילף, אויב מיר דאַרפן עפּעס איינקויפן — זיינען גע־ווען קינדער. (אונז איז געווען פאַרבאָטן צו גיין אין שטאָט אַריין.) נאָכדעם זיינען צוגעקומען דערוואַקסענע און זיך גע־שטעלט קוקן אויף אונז מיט באַדויערונג.

אויף איין סטאַנציע זיינען אַרויסגעקומען מיידלאַך און גע־בראַכט פאַר אונז הייסע קאַקאַו אין קריגעלאַך. בעת מיר האָבן געטרונקען די קאַקאַו, איז צו אונזער גרופּע צוגעקומען אַן אַל־טער, עלעגאַנטער מאַן, מיט קלוגע אויגן און מיט אַ שיין־באַ־זילבערט בערדל. ער האָט באַלד געוואונען אונזער אַלעמענס צוטרוי און זיך מיט אונז אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס.

— אך! ווען איר זאָלט וויסן — דערציילט אונז דער אַלטער — ווי די אָפיצירן לעבן דאָ אין דעם שטעטל אַ גליק־לאַכן טאָג! דער גענעראַל־שטאַב, וואָס געפינט זיך דאָ, לאָזט זיך וואויל־גיין בשעת די סאָלדאַטן ווערן אין די טויזנטער אויס־געמאָרדעט אין די טראַנשייען. אַ גענעראַל האָט זיך געלאָזט ביז גאָר וואויל־גיין מיט פרויען און שאַמפּאַניער און געגעבן אומגעלומפּערטע באַפעלן צו זיינע רעגימענטן אויפן שלאַכט־פעלד. ווען מ'האָט אים צו־וויסן געגעבן, אַז דער שונא איז פיל

שטאַרקער, ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, האָט ער געענטפערט פשוט און קורץ: „איז טרעט מען אָפּ.″

— מיט עטלעכע טעג צוריק בין איך געזעסן אין אַ קאַפע־הויז און האָב צוגעזען פאָלגענדעס: צוויי אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט פון פראָנט, אויסגעמאַטערטע, פאַרשוואַרצטע, האָבן זיך געהייסן דערלאַנגען קאָפע; ווען זיי האָבן אויסגעטרונקען, האָבן זיי צוגערופן די ווירטין, אַ שיינע, יונגע פרוי, מיט איר פאַרפירט אַ שמועס, איר באַצאָלט, זיך געזעגנט ביי דער האַנט און אַוועקגעגאַנגען. ביי דער זייט זיינען געזעסן אַ פּאָר אָפיצירן פונם גענעראַל־שטאַב, גלאַט־ראַזירטע, אויסגעפוצטע פראַנטן, וועלכע האָבן דעם פראָנט בלויז אויף דער לאַנד־קאַרטע געזען. די אוניפאָרמעס טראָגן זיי נאָר כדי בעסער צו געפעלן די פרויען. זיי האָט, ווייזט אויס, פאַרדראָסן, וואָס יענע טראַנשיי־אָפיצירן האָבן זיך צופיל געפריינטלט מיט דער ווירטין. האָבן זיי צוגערופן די ווירטין און איר געזאָגט: „מאַדאַם! פאַרוואָס האָט איר די אָפיצירן ניט געהייסן זיך פריער אָפּבאָדן, איידער זיי געבן אייך די הענט?...″

און, אָט האָט איר נאָך אַ ביישפּיל, ווי מ'באַהאַנדלט אייך, סאָלדאַטן: אַ קאַפּיטאַן מיט זיין לייטענאַנט זיינען געקומען אַהער אויף אָפּרו. אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי אַרומגעגאַנגען זוכן אַ וואוינונג און ניט געקאָנט געפינען; מ'האָט זיי אומעדום אָפּגעזאָגט בלויז דערפאַר, ווייל זיי זיינען ערשט געקומען פון די טראַנשייען און געווען פאַרשוואַרצט און שמוציק. ווען זיי זיינען זיך שוין אָפּגעגאַנגען די פיס זוכנדיק, רופט זיך אָן דער לייטענאַנט צום קאַפּיטאַן:

— ווען אונזערע טרופּן וואָלטן זען, וואָס פאַר אַ זאָרגלאָז און פריילאַך לעבן אַנדערע פירן דאָ אויפן חשבון פון פאָלק, און ווי מ'באַגייט זיך מיט אונז און מ'וויל אונז אַפילו קיין דירה ניט פאַרדינגען, — ווען זיי וואָלטן דאָס ווייסן... ווי מיינט איר: וואָלטן זיי נאָך געהאַט דעם קוראַזש, ווי איצט, אַזוי צו ליידן און העלדיש שטאַרבן פאַר אַלע?...

— איצט, בשעת'ן קריג, — האָט דער אַלטער פאַרענדיקט, — קאָן מען גאָרניט טאָן. נאָך דער מלחמה וועלן מיר שוין

זען, אַז מ׳זאָל פאַרעפענטלאַכן אַזעלכע פאַקטן. די פייגלינגען באַהאַלטן זיך איצט אויס ניט צו גיין אויפן פראָנט, לעבן אַ משוגענעם טאָג אויפן חשבון פונעם לײדנדיקן פאָלק, און דער־נאָך, נאָך דעם קריג, וועט אויסקומען (זיי וועלן זיך שוין באַ־מיען!), אַז זיי זיינען עס געווען די העלדן, די אמת׳ע רעטער פונעם פאַטערלאַנד, — און וועלן דאַן דעם שלום אויסנוצן, ווי זיי נוצן איצט אויס די מלחמה...

אַזאַ באַגעגעניש מיט׳ן אַלטן און אַנדערע, ענלאַכע טרעפע־נישן, האָבן אונז דערציילט זייער פיל וועגן פּאַטריאָטיזם און דעם זין פון מלחמה... אויפן וועג צום אָפּרו האָבן מיר, די „שטאָלצע פרייוויליקע״, זיך ערנסט פאַרטראַכט...

## יב

# דער סטרייק פון די פרייוויליקע רוסן

צו אונז זיינען דערגאנגען קלאנגען, אז ס'איז פאראן א ציר־קולאר, לויט וועלכן אלע רוסישע וואס האבן זיך פרייוויליק אנ־געגעבן אין דער פראנצויזישער ארמיי קענען פארלאנגען, אז מ'זאל זיי איבערפירן אין די רעגלמעסיקע פראנצויזישע רעגימענטן אדער מען זאל זיי שיקן קיין רוסלאנד צו פארטיידיקן דעם צאר.

וועגן דעם צירקולאר האבן מיר געהערט נאך דאן ווען מיר זיינען געווען אין די טראנשייען, פאר דער בלוטיקער צווייטער אטאקע פון 16טן יוני 1915. נאר ווער האט אין יענעם מא־מענט עפעס אין זינען געהאט, ווער האט דאן געקענט א טראכט טאן וועגן אזא צירקולאר, ווען דער טויט לויפט אייך אנטקעגן אין פולן גאלאפ... די וואס זיינען בדרך נס לעבן געבליבן האבן זיך אנגעהויבן צוזאמענריידן, אונטערהעצן איינער דעם צווייטן. די סאלדאטן פון אנדערע נאציאנאליטעטן וואס האבן זיך גע־פונען צוזאמען מיט אונז, האבן אונטערגעגעבן פייער. זעלבסט־פארשטענדלאך, קיינער האט ניט געמיינט ניט פראנקרייך'ס, ניט רוסלאנד'ס טובה, נאר מ'האט אין דעם געזען עפעס א נייעס. א שטיקל ענדערונג, א שטראל פון האפנונג ניצול צו ווערן פון גהינום. בעלגיער, רומענער, שפאניער, שווייצער האבן אונז אנ־געצויגן, מיר זאלן פאדערן די אנווענדונג פונם צירקולאר. זיי האבן געדיינקט, אז ווען מ'וועט אונז אוועקשיקן וועט מען דארפן פאנאנדערלאזן די באטאליאנען וועלכע וועלן בלייבן מיט צו ווייניג סאלדאטן. וואס וועט מען דאן טאן מיט זיי? און איידער מ'וועט באשליסן וועלן זיי זיין פריי, און גוט איז א חיי שעה,

װען דער טויט שפּרינגט דיר אין די אויגן. און אפילו די אָפּי־צירן, װעלכע האָבן זיך דערנאָך, װען די זאַך איז געװאָרן געפּער־לאַך, אָפּגעטרייסלט פון דער גאַנצער געשיכטע, געלייקנט שטיין און ביין, — זיי אַליין האָבן אונז דערציילט װעגן דעם צירקולאַר און אַזוי אויפגעהעצט אונזערע אַפּעטיטן. זיי האָבן אויך גע־װאָלט אַביסל פּטור װערן פון קאָמאַנדעװע, זיגן און שטאַרבן...

אונזער רעכנונג איז געװען אַ קורצער און אַן איינפאַכער. מיר האָבן אין משך פון פּערציק טעג געמאַכט צװיי שװידערלאַכע אַטאַקעס און פון אַ רעגימענט פון פינף טויזנט מאַן זיינען מיר סך הכל געבליבן ניין הונדערט עטלאַכע און דרייסיק סאָלדאַטן. צו־בראָכענע, אויסגעמוטשעטע, גייסטיק און קערפּערלאַך; און קיינער האָט ניט געטראַכט אונז אַמאָל לאָזן זיך אָפּרוהען, מ׳האָלט אין איין טרייבן. מ׳קען אונזער קוראַזש און העלדישקייט, מ׳װייסט אַז מיר לויפן דעם טויט אַנטקעגן, אַז קיין שװעריקייט שטעלט אונז ניט אָפּ, און מ׳װיל אונז אויסנוצן ביז׳ן סוף. און װאָס הייסט ביז׳ן סוף, װייסן מיר גוט: פון אונז װעט קיין שריד ופליט ניט בלייבן. באַלד נאָך דער ערשטער אַטאַקע האָבן זיך געבונטעװעט די אי־טאַליענער און מ׳האָט זיי געמוזט אװעקשיקן. נאָך פאַר דער צװייטער אַטאַקע האָבן די גריכן אַנגעהויבן מורמלען. מ׳האָט זיך מיט זיי געדונגען, אונטערגעהאַנדלט און דאָך זיינען זיי פון דער אַטאַקע צוריקגעלאָפן און גאָר נישט געװאָלט מקבל פּנים זיין די דייטשן.

און אָט טיילט מען אונז מיט, נאָך דרייסיק טעג רו, אַז מיר זאָלן זיך גרייטן צו אַ נייער אַטאַקע. דאָ האָבן די רוסן, צװישן אונז, זיך אװעקגעשטעלט און איינמאָל ניין.

דער „שטרייק" איז שנעל צוגעגאַנגען. װען מ׳האָט אונז באַ־פוילן צו מאַכן די פּעק און גיין אין די טראַנשייען, האָבן מיר זיך אַלע אָפּגעזאָגט צו פאָלגן דעם באַפעל און זיך פאַרזאַמלט אין אַ קליין װעלדל, װאו מיר האָבן ענטגילטיג באַשלאָסן זיך ניט צו רירן פון אָרט, ביז מ׳װעט אונז ניט געבן קיין ריכטיקן תירוץ, פאַר װאָס מ׳האָט אונז ניט אויסגעזאָגט פריער װעגן צירקולאַר און פאַר װאָס מען װענדעט אים איצט ניט אָן.

און ניט געקוקט אויף דער מורא װאָס איז געװען פאַרבאָרגן

טיף אין הארצן פאר אזא שריט, האבן מיר דאך אויסערלאך גע־רעט קאלטבלוטיק און אפילו גענומען זיך לוסטיק מאכן, שטיפן און לאכן.

עס הויבן אן צו קומען אפיצירן פון פארשידענע קאמפא־ניעס און פארלאנגען זייערע סאלדאטן... זיי דראהען מיט שווע־רע פאלגן. א מרידה אין די ערשטע פאזיציעס, נאענט צום שונא. דאס שמעקט מיט טויט־שטראף. אבער עס העלפט ניט.

עס קומט דער פאלקאווניק באגלייט פון א רוסישן אפיציר. דער לעצטער איז די גאנצע צייט מיט אונז געווען און, קענטיק, קימערט אים וויייניג־וואס אונזער האלטונג. אבער ער דארף אונ־טערהאלטן דעם פאלקאווניק, וועלכער זאגט אונז מוסר, צו גיין וואוהין מען הייסט. אבער אלע מיט איין קול שרייען מיר: ניין! ניין! פארוואס האט מען אונז פארלייקנט דעם צירקולאר; פאר וואס פירט מען אונז ניט אריבער אין פראנצויזישע רעגימענטן, מיר ווילן קיין רוסלאנד! און מיר פארווארפן אים מיט פראגן.

דער קאלאנעל שטייט פאר אונז בלייך ווי דער טויט, אלע מוסקולן פון זיין פנים ציטערן פון שרעק און אויפרעגונג, און ער הויבט אן זיך צו פארענטפערן: „איך גיב אייך מיין עהרן־ווארט, אז דעם צירקולאר האב איך ערשט נעכטן דערהאלטן. אלע אייערע פארלאנגען וועלן מיט דער צייט דערפילט ווערן. אבער איצט טוט אייך אן און קומט מיט מיר — ניט איצט איז די צייט זיך צו עקשנ'ענען.

אבער קיינער האט זיך פון ארט ניט גערירט.

דער פאלקאווניק איז צו צו איינעם, אים אנגענומען ביי דער האנד און א זאג געטאן: „דו, סאלדאט, איך באפעל דיר, זאלסט גיין מיט מיר".

יענער האט שארף אפגעענטפערט: „ניין!"

כאפט ער זיין שטעקן און וויל דערלאנגען דעם סאלדאט. ווערט א רעש, מיר ווארפן זיך פון די ערטער אנטקעגן.

כאפט דער פאלקאווניק ארויס זיין רעוואלווער. שטייען מיר אלע און לאכן.

דער פאלקאווניק זעט אז מיט שטרייגגן גייט ניט, נעמט ער זיך ווידער בעטן, שפילט אויף די סטרונעס פון פאטריאטיזם. רוס־

לאַנד איז דאָך אַ פאַרבינדעטע פון פראַנקרייך. זיי האָבן ביידע דעם זעלבן שונא, דייטשלאַנד, היינט וואָס־זשע איז דער אונטער־שיד — זיך שלאָגן אויף דעם מערב־פראָנט, צי אויף דעם מזרח־פראָנט.

— אָבער ניט אין דעם „פרעמדן לעגיאָן״, צווישן אַלע פאַר־ברעכער.

— אָבער ווי קענט איר אונז פאַרלאָזן אין אַזאַ קריטישן מאָ־מענט. קיין פייגלינגע זייט איר ניט. דעם 9טן מאַי און דעם 16טן יוני האָט איר עס ארויסגעצייגט.

— סטייטש, די איטאַליענער האָט איר גלייך אָפּגעלאָזט.

— אַזוי, ווילט איר, הייסט עס, ווי די איטאַליענער, מיר אָפּטאָן און מיר פאַרלאָזן? . . .

ס׳האָט גאָר ניט געהאָלפן. ער גיט אונז אַ פערטל שטונדע זיך צו באַטראַכטן, קומט צוריק רייטנדיק אויף אַ פערד — און מיר גיבן אים ווידער דיזעלבע תשובה.

— אויב אַזוי, וועט איר דאָ בלייבן פאַרלאָזטע און ניט גע־געסענע, ווייל איך מיט די איבריקע גייען אַוועק אויפ׳ן פראָנט.

מיר האָבן זיך אַזוי באַפרייט אַביסל פון דער אָנגעשטריינג־טער לאַגע און זיך געשעצט גליקלאַך וואָס מיר זיינען איבערגע־קומען דעם שווערן מאָמענט. מיר זיינען אָבער נאָך מיט דעם אַליין ניט אָפּגעקומען.

אין אַ שטונדע ארום קומען אַ באַנדע אָפיצירן.

מ׳לעזט פאָר דעם צירקולאַר פון גענעראַל זשאָפר און מען ערקלערט דערביי, אַז דער פּאַלקאָווניק קען מיט אונז מער גאָרניט מאַכן, ביז ער וועט האָבן אַ באַפעל אונז אַוועקצושיקן. דערווייל אָבער זאָלן מיר זיך אָנטאָן און גיין אין די טראַנשייען. אויב ניט, וועלן מיר געשטעלט ווערן צום פעלד־געריכט און דער־שאָסן ווערן אַלס פאַררעטער.

מיר האָבן זיך ניט דערשראָקן און געבליבן ביי אונזערן.

דאַן האָט מען באַפוילן מיר זאָלן זיך אויסשטעלן אין אַ שריינגע און גיין אין פריזאָן.

מיר האָבן געפאָלגט. מ׳האָט אונז פאַרשפּאַרט אין אַ גרויסן שטאַל און ארומגעשטעלט מיט סענעגאַלישע שיסער, זיי זאָלן אונז היטן.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונז בייטן די מיינונג: — וואָס וועט זיין דער סוף? מ׳קען דאָך אונז טאַקע דערשיסן ווי די הינט. מיר ווייסן, אַז אַזעלכע פאַלן זיינען ניט איינמאָל פאָרגעקומען אין פראַנצויזישע פּאָלקן. פאַר וואָס־זשע זאָל מען זיך מיט אונז צערעמאָניען?!

פון איין זייט, איז דאָס געווען אַ גרויסאַרטיק בילד צוצוקוקן, ווי אַ מאַסע וואָס איז געגאַנגען אַזוי לאַנג אין שפּאַן אַז אַ מורמל, האָט פּלוצים אראָפּגעוואָרפן פון זיך די דיסציפּלין, אויסגעטאָן די כלי־משחית פון די לענדן און פאַרלאַנגט זייער רעכט, מ׳שטיינס געזאָגט. די דאָזיקע מענטשן האָבן דאָן געקענט אַרויסרופן אַ רעספּעקט־געפיל ביי יעדן, אפילו ביי די אָפיצירן, ביים פּאָלקאָווניק אַליין, וואָס האָט געקענט אונזער העלדישקייט און האָט גוט געזען, אַז מיט „סטראַשונקעס" וועט ער גאָרניט מאַכן.

פון דער אַנדערער זייט, האָבן מיר געפאָדערט מען זאָל אונז אָדער איבערפירן אין פראַנצויזישע פּאָלקן אָדער אָפּשיקן קיין רוסלאַנד. דאָס איז געווען ניט קיין פראַנצויזישער, ניט קיין רוסישער פּאַטריאָטיזם, נאָר אַ געפיל פון אונענדלאַכער מידקייט. מ׳כאַפּט זיך אָן אין אַ שטרוי, כדי זיך אַרויסצוראַטעווען פון פייער־צירקל. מ׳האָט געזען ווי דער מענטש איז הפקר, דער העלד ליגט אויפ׳ן שלאַכטפעלד און יעדער טרעט אויף אים, שפּייט אויף אים. די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן גייען אָפּ מיט בלוט, און קיינער האָט קיין רעכט ניט זיך מסיח־דעת צו זיין פון דעם קריג און דערלאַנגען זיי אַביסל וואַסער.

אייניקע פון אונזערע, האָבן געשריגן, אַז זיי ווילן צוריק קיין רוסלאַנד, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָרט וועט מען זיי ניט נעמען אין מיליטער.

קיין רוסלאַנד, פאַרטיידיקן די אייגענע הענקער, די פּאָגראָמשטשיקעס וואָס ברענגען אום אונזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער — שענדן, מאָרדן און פּלינדערן! איז אונז רוסלאַנד בעסער ווי פראַנקרייך? געוויס ניט!

אַז דער קריעג וועט ניט אויפשטעלן קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט, האָבן מיר אויך גוט פאַרשטאַנען.

אָלאָ וואָס? קדוש השם — מ׳זאָל אונז ניט שטעכן אין די

אויגן, אז מיר זיינען פייגלינגע... דערפאר זיינען מיר דאך פרייוויליק געגאנגען אין דער פראנצויזישער ארמיי. מיר האבן אויך ניט געקענט צוקוקן, ווי אונזערע שכנים, באקענטע פראנצויזן ווערן מיט געוואלד אוועקגעריסן פון זייערע פאמיליעס און ווערן געטריבן צום טויט.

און דער שפיעל פונם סטרייק האט א סך פון אונז געווארפן צווישן די צוויי-ערליי געפילן. איבערגעלעבט די קריטישסטע מאמענטן אין לעבן אין דעם האלבן טאג וואס אונז האט געדראהט מיט א שענדלאכן פאררעטערישן, פאראכטעטן טויט.

מיר זיינען געשטאנען אין א רוישנדן ים צווישן צוויי ברעגן, וואס ביידע זיינען געווען שרעקלאכער, ווי דער אפגרונט פון ים אליין.

אין דער שטיל האבן אייניקע פון אונז געווארנט ניט איבערצוטרעטן דאס געזעץ. ווען די פערל זיינען צושאטן, צוליב וואס אויפהויבן און באהאלטן דאס לידיקע שנירל?

און דא האט מען צווישן אפיצירן אנגעהויבן צו זאגן, אז ניט-אמת'ע רוסן בונטעווען זיך, נאר אידן, די אייביקע רעוואלטירער. אבער מיר האבן גוט געוואוסט, אז די אמת'ע רעוואלטירער זיינען געווען א רוסישער אפיציר און צוויי רוסישע אונטער-אפיצירן, וועלכע האבן צופויקט וועגן צירקולאר.

דערווייל קומט אריין א רוסישער אפיציר און ציינט אונז א טעלעגראמע פון גענעראל זשאפר, אין וועלכע ער בעט אונז צו גיין... מיר דערוויסן זיך אויך, אז אין צווייטן „פרעמדן לעגיאן" האט מען געמאכט אן ענלאכן סטרייק און דערפאר האט מען ניין אויסגעשאסן און עטלאכע-און-צוואנציק פארשיקט אויף צוואנגארבעט.

די שפאלטונג האט זיך נאך מער פארשטארקט. א סך סאלדאטן זיינען ארוים פון געפענגניש-שטאל...

פלוצלונג דערהערט מען א געשריי: „פיקס!"... (ארדנונג). דער גענעראל אונזערער איז געקומען. באהאנגען מיט פראנצויזישע און רוסישע מעדאלן. ער האט זיך געווענדעט צום רוסישן אפיציר און אים ערקלערט, אז ער איז ערשטוינט צו זען פון אונז, מיר זאלן מאכן אזא סקאנדאל. ער איז געקומען מיט נאך א פאר

גענעראלן צו מאכן א מיליטערישע רעוויזיע און אונז גראטולירן פאר דעם זיג וואס מיר האבן אפגעהאלטן ביי דער צווייטער אטאַ־קע, און צום סוף אזא סקאנדאל. „איך וויל אפילו מיט זיי ניט רעדן"... נאך די ליפן זיינע זיינען געווען בלוי און זיין באַרד האט געציטערט...

און אונזער מחנה האט זיך ענדלאך געשפאלטן: א טייל זיינען פארבליבן אין פריזאן, אנדערע האבן זיך אונטערגעגעבן.

א דאנק דעם וואס דער אורטייל אין צווייטן לעגיאן האט ארויסגערופן א גרויסן טומל אין פאריז, האבן מיר גוט אפגע־שניטן. נאך דער לעצטער התראה זיינען מיר נאכגעגאנגען אונ־זערע אפיצירן...

יג

# מענדל דער פּעסימיסט

די לעצטע צייט האָט זיך מענדל שטאַרק געביטן. פֿאַר־שוואונדן איז געוואָרן דער ענטוזיאַזם זיינער פֿאַרן „פֿרייהייט־קריג,“ ווי ער פֿלעגט אָנרופֿן די מלחמה. אָפּגעטאָן האָט זיך פֿון אים די לעבנסלוסטיקייט, וואָס פֿלעגט שיינען אויף זיין פּנים נאָך יעדער מאַנעוור אָדער איבונג בשעת מיר זיינען געווען אין ליאָן. ער האָט מער ניט באַנוצט די סאָפּיסטישע פּלפּולים פֿון די אַלטע גריכן, מיט וועלכע ער פֿלעגט באַזיגן זיינע געגנער. אים האָבן מער שוין ניט באַפֿרידיקט די אַפֿאָריזמען פֿון די מאָ־דערנע פֿילאָזאָפֿן, און אַפֿילו די פּאַראַדאָקסן פֿון זיין ליבלינג, דעם פֿילאָזאָפֿישן דיכטער ניצשע, האָבן אים געלאָזט גלייכגילטיק.

אַ מרה־שחורה'דיקער פֿלעגט ער זיך אַרומדרייען צווישן די חברים, מיט קיינעם ניט רעדן און מיט קיין זאַך זיך ניט אינ־טערעסירן.

דער וואונדער פֿון דער פּלוצלונגדיקער ענדערונג איז געווען באַזונדערס גרויס, ווייל מיר אַלע האָבן זיך דאַן געפֿונען אין אַ העכסט געהויבענער שטימונג. נאָך דעם בייזן, קאַלטן ווינ־טער אין די טראַנשייען, האָבן מיר ענדלאָך, נאָך אַ לאַנגן פֿעלד־צוג פֿון שאַמפּאַן ביזן נאָרד, דערזען פֿאַר אונזערע אויגן אַ ווייטן, גרינעם האָריזאָנט. די ביינער אונזערע האָבן זיך אויס־געגלייכט, די פֿיס האָבן גענומען גיין פֿעסט און מער ניט געדאַרפֿט זיך שלעפּן לאַנגזאַם, ווי געפּענטעטע און געבונדענע אין די שמאָלע גראָבנס. דער קאָפּ האָט זיך געהאַלטן גלייך. ווער שמועסט, ווען יעדערער פֿון אונז האָט אויפֿגעשטעלט און פֿאַרצויגן אויפֿן

פרייען פעלד זיין געצעלט, און זיך דארט אויסגעצויגן ווי ביי זיין טאטן אין ווײנגאָרטן, איז שוין גאָר געוואָרן אַ גוט לעבן.

— מיר שיינט, אַז פון דעם לעבע־יונג איז געוואָרן אַ מיס־טיקער, — האָט איינער פון דער גרופּע באַמערקט וועגן מענדלען.

— ווער ווייסט — רופט זיך אָן אַ צווייטער, — אפשר האָט ער אַ פאַרגעפיל, אַז זיין סוף איז נאָענט, און ער נעמט איצט אָפּגעבן זיך אַ חשבון־הנפש...

— ס׳איז שטענדיק אַזוי מיט די פלאַמענדיקע ענטוזיאַסטן און שטאַרקע אָפּטימיסטן: דער פלאַם לעשט זיך אויס, דער גלויבן פאַרשווינדט, בלייבט אַ קאַלטער צווייפל. צוערשט האָט ער זיך אַנטוישט אינם אידעאַל פון דעם באַפרייאונגס־קריג. דער־נאָך אין זיינע קאָלעגן פון דער אָפּטיילונג, איצט מיידט ער אויס אַלעמען.

— און וואָס האָט אים דען אַזוינס געטאָן זיין אָפּטיילונג, וואָס ער איז מיטאַמאָל אַזוי אַנטוישט געוואָרן אין אַלעמען?

— צוערשט האָבן זיי אויף אים געקוקט קרום, וואָס ער לייענט כסדר פילאָזאָפישע ביכער, און דערצו נאָך אין דייטש; דערנאָך האָבן זיי גענומען אים דאָקוטשען און אָפּטאָן שפּיצלאַך: פאַרלעשן יעדעס מאָל דאָס ליכט בעת ער פלעגט לייענען, אָדער וואַרפן אויף אים שטיקלאַך ברויט בשעת ער פלעגט זיצן פאַר־טיפט אין טראַכטן. די לעצטע צייט איז שוין גאָר ניט געווען אויסצוהאַלטן פון זיי: זיי האָבן ביי אים געפּאַקט די „עטיק" און פאַרברענט אַ העלפט פון בוך. די לעצטע טעג האָבן זיי ביי אים צוגענומען די „קריטיק פון ריינער פאַרנונפט," מיט וועל־כער ער פלעגט זיך קוויקן, אַרויסגעריסן פון בוך די בלעטער און גענומען מיט זיי זיך באַנוצן פאַר זייער אינטימען געברויך...

— נו, דאָס איז דאָך אָפּגעגעבן ברויט! — האָט איינער פון אונז זיך גענומען וויצלען. — דאָס וואָס זיי האָבן פאַרברענט די „עטיק" איז גלאַט אַ קלוגע זאַך פון זייער שטאַנדפּונקט: ווער דאַרף איצט האָבן די עטיק? ווער נויטיקט זיך דען אין איר? און דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעריסן און זיך באַנוצט מיט די בלעטער פון דער „ריינער פאַרנונפט," איז אין פולן הסכם מיט דער תורה פון דעם קעניגסבערגער פילאָזאָף, ביי וועלכן נאָך

דער „ריינער פּאַרנונפט" קומט די „פּראַקטישע פאַרנונפט," — האָבן זיי פון דער „ריינער פאַרנונפט" געמאַכט אַ פּראַקטישן געברויך...

— אָט גייט דער בעל־דבר אַליין — רופט זיך אָן זיין לאַנדסמאַן. — מענדל, וואו ביזטו פאַרפאַלן געוואָרן די לעצטע צייט?

— איך בין גאָר ניט פאַרפאַלן געוואָרן — האַקט ער קורץ אָפּ.

— אָבער מ'זעט דיך גאָר ניט די לעצטע צייט.

— וואו ווילט איר מיך זען?

— אָט דאָ, צווישן אונז, ווי פריער.

— בין איך דאָך מיט אייך!

— אָבער ניט ווי שטענדיק. דו ביזט געוואָרן אַן אַנדערער, זיך איינגאַנצן אָפּגעזונדערט און קומסט זעלטן אין געזעלשאַפט. עפּעס דריקט דיך. אפשר האָבן מיר מיט עפּעס זיך פאַרשולדיגט קעגן דיר?

— איך האָב גענן אייך גאָרניט וואָס אויסצוזעצן. אויב איך האָב יאָ אויסצוזעצן געגן וועמען ניט איז, איז דאָס געגן מיר גופא.

— דאָס איז דיין אַלטער שטאַנדפּונקט. אָבער וואָס באַטייט, וואָס דו מיידסט אויס מענטשן? פאַרוואָס אַנטלויפסטו פון אונז?

— ווען איך זאָל אפילו וועלן אַנטלויפן פון דאַנען, קאָן איך שוין אויך ניט.ביים אַריינגאַנג פון גיהנום שטייט בפירוש געשריבן: ווער ס'טרעט אַריבער די שוועל, קאָן שוין ניט צוריקקומען. ווען מ'פאַרלירט די האָפנונג, דעם מוט און דעם ווילן צום לעבן, דאַן האָט מען אַלץ פאַרלוירן. פון אַלץ קאָן מען אַנטלויפן, אָבער ניט פון זיך גופא.

די לעצטע צייט פאַר דער אַטאַקע האָט ער אויפגעהערט צו שרייבן זיינע לאַנגע, אויספירלאַכע בריוו, וואָס ער פלעגט רעגולער אַרויסשיקן צו זיינע פאַריזער פריינט. זעלטן פלעגט ער ענטפערן אויף די אָפטע, כמעט טאָג־טעגלאַכע בריוו פון זיינע פאַריזער פריינט צו אים. זיין איינציקער פריינט איז געוואָרן שאָפּנהויער, וועמען ער האָט אַרומגעטראָגן ביי זיך אין בוזים־קעשענע און די גאַנצע צייט מיט אים זיך ניט צעשיידט.

אַ פּאָר טעג פאַר דער אַטאַקע, ווען מ'האָט געפאָדערט פריי־

װיליקע אויף זיך אויסצולערנען די מלאכה, װי אַזוי צו װאַרפֿן באָמבעס און גראַנאַטן אין די דײַטשע שוץ־גרובן, האָט ער זיך געמעלדעט דער ערשטער. נאָך יעדער לעקציע, װאָס ער האָט גענומען בײַם „זשעני סערזשאַנט," איז ער געקומען אַ צופֿרי־דענער, כמעט אַ גליקלאַכער, דערפֿון װאָס ער װעט ניט דאַרפֿן גײן צוזאַמען מיט זײַן אָפּטײלונג אויף דער אַטאַקע; אַזוי שטאַרק איז בײַ אים געװען דער חשק זיך צו באַפֿרײַען פֿון זײַנע קאָלעגן.

— דער טויט שרעקט מיך ניט אַזוי — פֿלעגט ער זיך די לעצטע צײַט קלאָגן, — װי דער געדאַנק, אַז מיר װעט אויסקומען צו שטאַרבן צװישן מענטשן, װעמען איך האָב ניט ליב און װאָס האָבן מיך פֿײַנט... און איך בין זיכער, אַז איך װעל מער ניט קומען אַ לעבעדיקער פֿון דער אַטאַקע. איך האָב אַזאַ פֿאָרגעפֿיל פֿון בלינדן אינסטינקט, װאָס אַלע מײַנע פֿילאָזאָפֿישע אַרגומענטן און אויספֿירונגען קאָנען ניט גובר זײַן... און מערקװירדיק איז דאָס: עס טוט מיר גאָר ניט באַנג, װאָס אַלץ װעט זיך פֿאַר מיר פֿאַרענדיקן; און איך האָב אַפֿילו ניט קײן שום פֿאַרלאַנג, אַז ס'זאָל אַנדערש זײַן. איך דערנענטער מיך צום עק און ברעג פֿון דער װעלט, װאו ס'װאַרט אויף מיר אַן אײביקער, פֿינצטערער און אומענדלאָבער אָפּגרונט...

## יד

# ברוך סאָבּל

דער גורל האָט געפירט אַז ברוך סאָבאל און איך זאָלן יעדערער באַזונדער, צוליב אידענטישע פּרינציפּן און איבערציי־גונגען, מגולגל ווערן אין איין און די זעלבע ערטער. אַזוי איז געוועזן אין דער הויפּט־שטאָט פון בוקאָווינע, וואו מיר האָבן אָפּגעריכט גלות נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע: מיר האָבן דאָרטן געוואוינט אויף איין גאַס, אפילו געהאַט געמיינ־שאַפטלאַכע חברים. אַזוי איז אויך געוועזן אין גאַליציע און אין עסטרייך. אָבער באַקענט זיינען מיר געוואָרן ערשט דאַן ווען מיר האָבן, גלייכצייטיק, פאַרלאָזט עסטרייך.

ווען מיר האָבן זיך דערנאָך געטראָפן אין פּאַריז, האָבן מיר זיך דאָרט שוין גוט באַפריינדעט.

דיזעלבע אנשויאונגען און פּרינציפּן האָבן אונז ביידע באַ־וואויגן, באַלד ווי ס׳איז דערקלערט געוואָרן די מלחמה, צו קומען אויף די זשיראַנד נומ. 10 און דערנאָך אין אינוואַלידן־הויז, — גלייך ווי מיר וואָלטן געוועזן פריער אָפּגערעדט, אַזוי צו האַנדלען. מיר האָבן דאַן קיין צייט ניט געהאַט צו רעדן: בלויז אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן, און דעמזעלבן טאָג זיינען מיר אָפּגעפאָרן פון פּאַריז. אָבער, צום באַדויערן, אין פאַרשידענע ריכטונגען. ער איז שפּע־טער אָנגעקומען אין באַטאַליאָן „א״ און איך — אין באַטאַליאָן „ד״ פון דעמזעלבן רעגימענט; מיר האָבן זיך געפונען עטלאַכע חדשים צוזאַמען אין די טראַנשייען פון דעמזעלבן סעקטאָר און זיך ניט אָנגעטראָפן, ביז אַ צופאַל האָט אונז צוזאַמענגעפירט.

דאָס איז געווען סוף יאַנואַר 1915 אין די פעלדער פון שאַמפּאַן. מיר זיינען געגאַנגען — אַ גרופּע סאָלדאַטן פון דער טראַנשיי „האַריקאָ" אין שפּיץ־צענטער פון „בואַ־דע־לאַמאַר" נאָך וואַסער און שפּייז פאַר אונזער קאָמפּאַניע, וועלכע האָט געלאַגערט אויף דער ערשטער ליניע און איז, איבער דער העפּ־טיקער באָמבאַרדירונג פונם שונא, געווען אָפּגעריסן פון די אי־בעריקע קאָמפּאַניעס און פון דעם דערנערונגס־פּונקט. אונז איז אויסגעקומען צו מאַכן אַ היבשן אומוועג דורך די זיגזאַגישע טראַנשייען ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דער קיך. גייענדיק פאַרביי דעם גרויסן זומפּ פון „בואַ־דע־לאַמאַר," (וואָס האָט גע־דינט אַלס וואַש־פּלאַץ פאַר דער ערשטער ליניע בעת ס'איז אָנ־געלאָפן רעגן־וואַסער), — דערזען מיר איינעם זיצן ביים וואַסער און וואַשן וועש. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַן אָפּגעבליאַקע־וועטער אוניפאָרם. דער קאָפּ און דאָס פּנים זיינען געווען אַרומ־געוויקעלט מיט שמאַטעס אַזוי, אַז מ'האָט קיין מענטשנ'ס צורה ניט אַרויסגעזען.

— אויב אין אַזאַ פראָסט געפינט זיך נאָך אַ משוגענער וואָס וואַשט וועש, מוזן אים די לייז שוין גוט דערגיין די יאָרן — וויצלט זיך איינער פון אונז.

— ס'איז סאַבל ! ! ווי קומט איר אַהער ? ! . . . —

זיינע אַנדערע פאַריזער פריינט האָבן אים אויך דערקענט, און מיר זיינען אַלע געווען שטאַרק צופרידן פון דער באַגעגעניש.

פון יענעם טאָג אָן האָבן מיר שוין אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט צווישן זיך. ווען מיר האָבן זיך אַמאָל אויסגעפעלט — ביים בייטן די באַטאַליאָנען אין די טראַנשייען, און זיך ניט געקאָנט זען, — פלעגן מיר זיך דורכשרייבן און באַשטימען זיך צו טרעפן אין די אָפּרו־ערטער, אייניקע קילאָמעטער אַוועק פון דער ערשטער ליניע.

איידער מיר האָבן פאַרלאָזט שאַמפּאַן, האָבן מיר זיך גע־טראָפן און צוזאַמען פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אויפן פרייען פעלד.

סאַבל האָט זיך געקלאָגט, אַז ער האָט אָפּטע בריוו פון פּאַריז וואָס פאַרביטערן אים דאָס לעבן. מ'שרייבט אים, אַז ער זאָל זען וואָס גיכער אַהיים קומען, — וואָרים ער איז באַגאַנגען אַ

גרויסע נאַרישקייט וואָס ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אַלס פרייוויי־ליקער, און זאָל ער דאָס נאָך פאַרריכטן; זאָל ער ניט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ טאַטע פון צווײ קינדער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויף אַ פרוי וואָס קאָן זיי ניט דערנערן און דערציִען; אַז ער איז נאָך ערגער פון אַ מערדער, אַזוינס צו טאָן; אַז פיל זיינען שוין אהיים געקומען, זיך גענומען צום האנדל און מאַכן גאָל־דענע געשעפטן, נאָר ער איז געבליבן אַ נאַר און אַ טויגניכטס...

— ווער ווייסט? — אפשר זיינען זיי גערעכט וואָס זיי שרייבן אַזוי — רופט זיך אָפּ אַ טאַטע פון דריי קינדער, וואָס סאָבל׳ס ווערטער האָבן דערוועקט זיין אייגענע וואונד. — אין פאַריז זעען זיי גאַנץ אַנדערש די זאַכן, ווי מיר דאָ.

— איך בין ניט איינשטימיק. ווער דאַרף עס וויסן דאָ אין די טראַנשייען, וואו מיר לעבן ווי אין אַ גיהנום און וואַרטן יעדן מאָמענט אויפן טויט, אַז זיי דאַרטן איז שלעכט? וואָס קער זיך דאָס אָן מיט אונז, וואָס אַנדערע האָבן זיך ארויסגע־דרייט, זיינען געווען קליגער און געוואָרן רייך? און אַז מענטשן מיט שׂכל גיבן זיך אַן עצה ניט צו גיין אין פייער אריין? איז דאָס ניט זאַלץ וואָס מ׳שיט אויף די בלוטיקע וואונדן אונזערע?..

— אַז מ׳וויל איז דאָס אַזוי און אַז מ׳וויל איז דאָס אַנדערש; ווער, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, האָט אונז געשיקט, ווילד פרעמדע, זיך אַנגאַזשירן און ברעכן דעם קאָפּ פאַר אַנדערע? וואָס פאַר אַן אינטערעס, נאָך אַלעמען, האָבן מיר אין דעם בלוטיקן שפּיל? אַז מ׳קוקט טיף אריין אין תוך פון די געשעענישן, זעט מען זיי נאָר אַנדערש... — טענה׳ט ווייטער דער פאָטער פון די דריי קינדער.

— ס׳ווענדט זיך — האָט דארויף געענטפערט סאָבל, — דורך וואָסערע ברילן מ׳קוקט, מיינע פריינט: קוקט מען דורך בלויע ברילן, ווייזט זיך אַלץ אויס בלוי; קוקט מען דורך ראָזע ברילן, זעט אַלץ אויס ראָז. און ווען מ׳קוקט דורך שוואַרצע ברילן איז אַלץ שוואַרץ. „דער טייפל איז ניט אַזוי שרעקלאַך, ווי מ׳מאָלט אים אויס": מיר האָבן געהאַנדלט, ווי מענטשן דאַרפן האַנדלען אין אַזוינע פאַלן. אויב ס׳איז פאַראַן אַ „צרת־רבים" דאַרפן מיר, אידן, אויך מיטליידן.

— געטראָפן!... אויב, הייסט עס, ס'קומט פאַר אַ מלחמה, אין וועלכער פעלקער רייסן זיך אַרום און פאַרניכטן זיך, דאַרפן מיר, אַלס מענטשן מיט מענטשלאַכע געפילן, זיי העלפן זיך פאַר־ניכטן וואָס שנעלער — ניט אַזוי? דאָס זיינען דיינע אויס־פירונגען, ליבער פריינט?

— איך וויל גאָר עפּעס אַנדערש פרעגן — רופט זיך אָן אַ צווייטער —: ווי קומען מיר גאָר אַהערצו? ווי קומט דאָס, וואָס מ י ר מיט אַזוינע אַנשויאונגען און איבערצייגונגען זאָלן פריער האַנדלען אַזוי, און נאָכדעם טענה'ן אַנדערש, — ווי מיר טוען דאָס איצט?

— אַביסל געדולד און איבערלעגונג, און אַלץ וועט פון זיך אַליין קלאָר ווערן — האָט געענטפערט סאָבל. — איך חזר־אי־בער: ס'וועגדט זיך פון וועלכן שטאַנדפּונקט מ'זעט זאַכן און געשעענישן. ווען איינער קוקט אַראָפּ פון אַ באַרג אין אַ טאָל אַריין, זעען די הייזער אויס ווי שפּילעכלאַך און די מענטשן ווי מילבן; אַלץ וואָס ס'טוט זיך אָפּ אונטן איז קליין און נישטיק. און פאַרקערט: ווען מ'נעמט אַ פאַרגרעסער־גלאָז און מ'באַ־טראַכט אַ נעסט פון מילבן, ווערט מען איבערראַשט פון זייער גרויס און פון זייער קאָמפּליצירטער אַרבעט. — ווען מיר קוקן אָביעקטיוו־קריטיש אויף דער מלחמה, זען מיר אין איר בלויז שלעכטס און אומנוצלאַכעס, אַ פאַרניכטנדיקע און צעשטערנדיקע קראַפט. אַנדערש איז אָבער ווען מיר באַטראַכטן די מלחמה סוביעקטיוו. דאַן זען מיר אַז פראַנקרייך, למשל, איז געווען געצוואונגען זיך אַריינצוּאוואַרפן אין דער מלחמה, און אַז מיר, אידן, אויב מיר ווילן ניט באַטראַכט ווערן ווי פרעמדע אינם לאַנד, דאַרפן ליידן פּונקט ווי די פראַנצויזן.

— אויב אַזוי, זיינען די דייטשע יונקערס, די רוסישע שוואַרץ־מאה'ניקעס און די פראַנצויזישע ראַיאַליסטן אויך גע־רעכט....

— דאָס איז נישט קיין פאַרגלייך. איך האָב גערעדט פונם ריין־אידישן שטאַנדפּונקט. מיר אידן, וואָס זיינען אומעטום געווען פרעמד און פאַרפאָלגט, דאַרפן זיך אָנשליסן צו שטרייטן אין די רייען פון ד ע ם לאַנד וואָס האָט אונז אַדאָפּטירט און

געגעבן א היים. מיר, אידעאַליסטן, קענען זיך טאַקע זיין קעגן מלחמה, אָבער די וועלט רעכנט זיך ניט מיט אונזערע אנשויאונ־גען און פּרינציפּן...

די דיסקוסיע איז אונטערגעבּראָכן געוואָרן און מיר האָבּן זיך געזעגנט מיט סאַבּל׳ן, צווייפלנדיק, צי מ׳וועט זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען. ס׳איז אַוועק אַ שטיק צייט און מיר האָבּן פון אים קיין שום ידיעה ניט געהאַט.

דעם 9־טן מאַי, פאַרטאָג, פאַר דער גרויסער אַטאַקע, האָבּן מיר, דער באַטאַליאָן „ד,״ די ערשטע פאַרנומען דעם אַריינגאַנג צו דער פערם בערטאַנוויל, וואָס האָט געפירט צו די אַנדערע ליניעס. פאַר אונזערע אויגן זיינען דורכגעגאַנגען די אַנדערע באַטאַליאָנען פון אונזער פרעמדן לעגיאָן: צום ערשטן — „ב,״ דערנאָך — „צ״ און צום לעצטן — „א.״ די גאַנצע צייט וואָס די באַטאַליאָנען האָבּן דורכמאַרשירט די שמאָלע טראַנשייען זיינען מיר געשטאַנען ביים קרייץ־וועג און, דערזעענדיק באַקאַנ־טע, זיך הערצלאָך מיט זיי געזעגנט: דאָס איז געווען די לעצטע געלעגנהייט זיך צו זען מיט די פריינט און באַקאַנטע פאַר דער אַטאַקע. באַלד ווי מיר האָבּן דערזען די ערשטע קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן „א״ האָבּן מיר גענומען זיך נאָכפרעגן וועגן סאַבּל׳ן. מ׳האָט אונז געזאָגט, אַז ער איז פאַררעכנט אין דער 3־טער קאָמ־פּאַניע. ווען די דריטע קאָמפּאַניע האָט גענומען דורכמאַרשירן, האָבּן מיר כמעט יעדן סאָלדאַט געפרעגט אויף סאַבּל׳ן. אָבער אין קול ואין עונה. אַלע סאָלדאַטן זיינען פאַרבייגעגאַנגען און סאַבּל׳ן האָבּן מיר ניט געזען.

ערשט נאָך דער אַטאַקע האָט אונז איינער, וועלכער איז געווען מיט סאַבּל׳ן אין דער זעלבער קאָמפּאַניע, דערציילט, אַז ער פלעגט שטענדיק טרעפן סאַבּל׳ן אַרומבלאָנדזשען אַ פאַר־טראַכטן אַרום די געצעלטן.

אַ צווייטער, פון איין סעקציע מיט סאַבּל׳ן, האָט אונז דער־ציילט, אַז סאַבּל פלעגט די לעצטע צייט זיך שטאַרק באַשעפ־טיקן מיט פאַבּריצירן פינגערלאַך, בראַשן און אַנדערע זאַכן פון דעם אַלומינום, וואָס ער פלעגט צונויפקלייבּן פון די דייטשע און עסטרייכישע אויסגעשאָסענע קאַנאָנען־קוילן וואָס האָבּן זיך גע־

וואַלגערט אויף די פעלדער... פון אַ דריטן סאָלדאַט האָבן מיר געהערט אַז סאָבאָל איז דער׳הרג׳עט געוואָרן.

אין אַ צייט אַרום האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון סאָבאָל׳ס אַ חבר — אַן ענטפער אויף אונזער אָנפראַגע — און יענער האָט געשריבן אָט וואָס:

„דער נאָמען ברוך סאָבאָל, ווען עמיצער אַנדערש רעדט אים אַרויס, מאַכט מיך אייפערזיכטיק. איך פלעג זיך ווינטשן צו זיין אויפן אָרט פון זיין אינגעלע, וועלכער פלעגט האָבן אַ טבע שטענדיק זיך אַרומפלעכטן אַרום זיין האַלז, אים צערטלען און קושן, קוקן אים אין די טיפע, מילדע אויגן אַריין און מיט די הענטעלאַך זיך שפּילן מיט זיין בלאָנד שפּיציק בערדל.

„אַ זעלטענער מענטש איז ער געווען, מיט אַ ברייט, אָפן האַרץ און אַ שטענדיק שמייכלענדיקן פּנים; זיינע אויגן האָבן יעדן פאַר׳כשוף׳ט מיט דעם ערשטן בליק, זיין רעדן האָט באַלד געוואונען צוטרוי. פאַר יעדן איינעם האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט, געפונען אַ זכות, קיינעם ניט מקנא געווען און אויף קיינעם קיין תרעומות ניט געהאַט. ער פלעגט זיך קיינמאָל ניט האַלטן העכער פון אַ צווייטן דערמיט וואָס ער קאָן און ווייסט מער פון יענעם. אַ געבוירענער אינטעליגענט מיט אַ צאַרטער נשמה. אין זיין געגנוואַרט פלעג איך מיך פילן ווי אַ געפּיעשטשעט קינד וואָס וויל, אַז מ׳זאָל דעם שענקען די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און זיך מיט דעם שפּילן די גאַנצע צייט.

„הגם ער איז ניט פיל עלטער געווען פון מיר, האָב איך אים פונדעסטוועגן באַטראַכט, ווי ער וואָלט געווען מיין פאָטער אָדער עלטערער ברודער. — ס׳איז אין אים געווען עפּעס פאָלקאָמענס, און דאָס, וואָס האָט אים נאָך געפעלט — ווי אים אַליין האָט זיך שטענדיק אויסגעדאַכט — האָט ער געוואָלט זען ביי זיין קינד, וואָס ער האָט זיך באַמיט צו דערציען פאַר אַ פולקאָמענעם מענטשן און אויך פאַר אַ קינסטלער. ער האָט געהאַלטן, אַז מוזיק איז דער העכסטער און שענסטער אויסדרוק פון דער נשמה, און דעריבער האָט ער געוואָלט, אַז זיין זון זאָל זיין אַ מוזיקער. פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטן האָט ער צומבעסטן ליב געהאַט דעם פידל, ווייל דורך אים קאָן דער קינסטלער אויסדריקן די צאַרטסטע טענער פון דער נשמה...

„די לעצטע צייט פלעגט ער פיל לעזן, אבער נאך מער — טראכטן און באטראכטן דאס ארומיקע לעבן און די מענטשן ארום זיך.

„צו־וואס טויג דאס לעזן? — האט ער מיר איינמאל א זאג געטאן, ווען מיר זיינען געזעסן צוזאמען — קוק זיך בעסער איין אינם לעבן וואס פליסט ארום דיר, וועסטו געפינען שענערס און אינטערעסאנטערס פון אלע דערציילונגען און באשרייבונגען. יעדעס מענטשלאך פנים דערציילט דיר מער, ווי דו געפינסט אין די ביכער. דער שענסטער ספעקטאקל איז דאס פילפארביקע לעבן גופא, די שענסטע דעקאראציע איז די זון און די לבנה מיט די שטערן. אין דער נאטור געפינסטו מער ווי אין די וויסנ־שאפטלאכע ביכער...

„און איינמאל, בשעת אן אטאקע, האט ער זיך געפילט זייער שלעכט און קראנק. ער איז א צעמישטער געלאפן פון איין ארט צום צווייטן און, אזוי לויפנדיק, געפאלן פון א קויל...”

טו

# קאָלאָנעל פּען

אונזער קאָלאָנעל פּען איז גאָר ניט ענלאַך געווען צו זיינע קאָלעגן אָפיצירן, די פּוסטע בעל־גאוה'ס. אים האָט גיכער זיך געפּאַסט צו זיין אַ לערער, אַ פּעדאַגאָג, זיין אַרומגערינגלט פון קינדער און דערציילן זיי געשיכטעלאַך, — איידער צו זיין גאָר אַ מיליטער־מאַן און האַלטן אין איין פּלאַנעווען ווי אַזוי אומצוברענגען מענטשן. זיין אוניפאָרם האָט לחלוטין ניט האַרמאָנירט מיט זיין איידל, מילד פּאָטערלאַך געזיכט. זיינע אויגן, — גרויסע און פאַר'חלומ'טע — האָבן שטענדיק געזוכט און גענפאָרשט עפּעס בעסערס פאַרן וואוילזיין פון מענטשן. זיין גאַנג אַפילו איז געווען פון אַן אַסקעט, וואָס האָט מורא אַז ער זאָל חלילה ניט צעטרעטן אויף זיין וועג קליינע באַשעפענישן.

די סאָלדאַטן האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן און האָבן געהאַט וועגן אים צו דערציילן אַ סך קוריאָזן. מיין חבר האָט מיר דערציילט, אַז קאָלאָנעל פּען פלעגט אים שטענדיק רופן ביים נאָמען (דאָס איז אַ זעלטענע זאַך, אַז אַ קאָלאָנעל, וואָס איז שוין געוואָרן דער גענעראַל פון דער בריגאַדע, זאָל דערקענען זיינע סאָלדאַטן, מיט זיי ריידן און זיי נאָך ביי די נעמען רופן), און פלעגט אים שענקען פאַרשידענע זאַכן. אַזוי איז ער זיך באַגאַנגען מיט אַלע, וועלכע ער האָט געקאָנט. ער פלעגט קיינעם פון אונז ניט באַשטראָפן, ווארים ער האָט ניט געוואָלט פאַרשאַפן קיין איבעריקע צרות די מענטשן, וועלכע האָבן זיך פרייוויליק אנגאַזשירט צו פאַרטיידיקן פראַנקרייך. איינמאָל האָט ער געטראָפן צוויי „סאַנטינעלן" אויף דער ערשטער ליניע שלאָפן און

זייערע ביקסן ליגן ווייט פון זיי; די גאנצע קאמפאניע האט געקאנט צוליב דעם ארײנפאלן צום פײנט און פארניכטעט ווערן. ער האט זיי בלויז אויסגע׳מוסר׳ט, אבער ניט באשטראפט... א צווייטן מאל האט ער געטראפן דעם „סאנטינעל" רויכערן אויף זיין פאסטן (דאס גיט דעם שונא אין דער נאכט א „ציל" צו שיסן). דער סאלדאט האט זיך פארענטפערט, אז ער האט ניט געקאנט ביישטיין דעם נסיון און אוים לאנגווייליקייט געמוזט פאררויכערן. דער קאלאנעל האט דאן ארויסגענומען א פעקל גוטן טאבאק און עס געגעבן דעם „סאנטינעל" און אים געווארנט מער ניט צו רויכערן אויף דער וואך.

ער האט ניט פארלאנגט, מ׳זאל אים דעם וועג אפטרעטן אדער מאכן אוואציעס, ווי די מערסטע אפיצירן פלעגן דאס פאדערן מיט נארישער חוצפה און גדלות. אין די טראנשייען, וואו די וועגן זיינען שמאל, פלעגט ער פריער דורכלאזן די סאלדאטן און אליין גיין צומלעצטן. ווען ער פלעגט קומען באזוכן די סאלדאטן אין די טראנשייען, האט ער געבראכט פולע קעשענעס מיט פארשידענע מתנות און, ווי א געטרייער פאטער, זיי אויסגעטיילט צו די סאלדאטן. ביי די אטאקעס פלעגט ער לויפן באגלייך מיט אונז. מיר האבן דאן זיך געפלייסט אויסצוצייכענען זיך, און ווי צערייצטע לייבן געלאפן קעגן די פיינטלאכע קאנאנען און קוילנווארפער. ער פלעגט נאכדעם, פון צופרידנקייט און פרייד, לויבן זיינע „קינדער" וואס קעמפן אזוי געטריי פארן פאטערלאנד. און דערביי פלעגן זיינע אויגן זיך אנגיסן מיט טרערן...

איינמאל, נאך א גרויסן נצחון, האט אים פלוצלונג א פארבלאנדזשעטע פיינטלאכע קויל געטראפן און ער איז, מיט זיין מילדן צופרידענעם שמייכל אויף די ליפן געפאלן טויט. זיין טויט האט אויף אונז אלעמען געמאכט אן אויפטרייסלענדיקן איינדרוק. מיר האבן זיך געפילט ווי עלנדע קינדער וואס האבן פארלוירן זייער געטרייען פאטער...

## טז

# לעגיאָנערן

איינער פון די לעגיאָנערן־אונטעררריכטער האָט גלייך מיך פאַראינטערעסירט מיט דעם סימפּאַטיש־מענטשלאַכן אויסדרוק פון זיינע אויגן. מיר האָבן זיך דערנאָך נאָנט באַקאַנט. מיט אַ צייט שפּעטער האָט ער מיר דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע:

אַ זון פון אַ רייכער, אַדעליקער פאַמיליע, אין אַ שטעטל אין בעלגיע, איז ער פון זיין פריער יוגנט אָן געווען אַ צאַרטער, גע־פילפּולער טרוימער, געגלויבט אין גאָט און אין מענטש און פול געווען מיט אונטערנעמונגס־גייסט. ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר, האָט ער זיך שוין געגרייט צו מאַכן אַן עקספּעדיציע צום זיד־פּאָל. אַ צייט האָט ער אַרומגערייזט וואו די וועלט האָט אַן עק. זיין פאַמיליע איז נישט געווען צופרידן וואָס ער פאַר־שווענדט אַ פאַרמעגן אויף אומנוצלאַכע צוועקן און האָט זיך באַמיט אים אָפּצוהאַלטן פון זיינע אַוואַנטוריסטישע אונטערנע־מונגען. זיי האָבן געוואָלט פון אים מאַכן אַ „לייט", ווי ס'פּאַסט פאַר זייער שטאַנד. ער האָט אָבער בשום־אופן ניט געקאָנט זיך איינלעבן אין דער קליינער סביבה מיט די באַגרענעצטע אינ־טערעסן, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. ער האָט פאַרלאָזט זיינע עלטערן, און איז אַוועק קיין ענגלאַנד, וואו ער האָט גע־האָפט צו פאַרווירקלאַכן זיינע טרוימען. ער איז אָבער באַלד פון דאָרטן אָפּגעפאָרן קיין איטאַליע, דערנאָך — קיין פראַנקרייך. וואָס מער לענדער ער האָט באַזוכט, אַלץ ווייטער איז ער אַוועק־געטראָגן געוואָרן אויף די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע. קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם וואָס ער האָט בדעה אויפצוטאָן האָט

ער ניט געהאַט. ער איז בלויז געווען באַהערשט פון אַ שטאַרקן באַגער זיך צו באַקענען מיט דער וועלט און מיט אירע מענטשן, געניסן פון דער נאַטור און פונם לעבן מיט דער פולער האַנט און אין דער זעלבער צייט שאַפן גוטס און נוצלאַכעס פאַר מענטשן, ווערן איינער פון די געווינטשטע און באַליבטע בירגער פון דער וועלט... אָבער, וואוהין ער איז געקומען, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אייזערנע ווענט; די טעמפּע, גרויזאַמע ווירק־לאַכקייט האָט זיך געלאָזט פילן אויף יעדן טריט און שריט. ער האָט געפּרואווט זיך אַנטקעגנשטעלן, זיך געראַנגלט מיט הונגער, נויט, געווען נע־ונד, געליטן קעלט און קראַנקייטן; ער האָט שפּעטער אויסגעזוכט אַרבעט און אַ געוויסע צייט ניט שלעכט פאַרדינט. עס איז אים אָבער ניט איינגעגאַנגען. דאָס מאַנאָטאָנע לעבן אויף איין אָרט האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט, ניט באַ־פרידיקט זיינע אַמביציעס און טרוימען. האָט ער באַשלאָסן בע־סער צו הונגערן, בעסער צו זיין נע־ונד, איידער צו זיין אַרומגע־רינגלט מיט אַזעלכע קליינלאַכע פליכטן און אינטערעסן. האָט ער זיך ווידער גענומען אַרומשלעפּן איבער דער וועלט, געלעבט ווי דער פרייער פויגל אין וואַלד, ביז ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם „לעגיאָן" אין דער פראַנצויזישער אַפריקע. דאָס לעבן אין דער ווילדער, עקזאָטישער אַפריקע, וואו ס'געפינען זיך גרויסע, נאָך ניט־אויסגעפאָרשטע שטרעקעס לאַנד, האָט פאַר אים געהאַט אַ באַזונדער רייץ. זיינער אַ פריינט, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אינם „לעגיאָן", האָט אים איינגערעדט, אַז ער זאָל אויך אַזוי טאָן. ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַפריקע אין דעם „לעגיאָן" און האָט געמוזט אונטערשרייבן אַ התחייבות צו דינען ניט ווינ־ציקער ווי פינף יאָר, האָט ער שוין געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַטאַלן פעלער אויף זיין גאַנץ לעבן. און — ווירקלאַך: שווערע, פינצטערע וואָלקנס האָבן זיין קלאָרן הימל פאַרצויגן. די סאָלדאַטישע „מאָראַל," די גראָבע באַהאַנדלונג און באַנעמונג פון די „בענדלדיקע" פון איין זייט, און דאָס אויי־טאָמאַטישע, באַגרענעצטע און קלעגלאַך־מאַנאָטאָנע לעבן פון דער צווייטער זייט, האָבן דעם יונגן, גייסטיקן אַריסטאָקראַט דער־שלאָגן און אים געמאַכט פאַר אַן „אונדיסציפּלינירטן" סאָלדאַט, ווי מ'רופט דאָס אינם „לעגיאָן."

ער האט נאך קיין גאנץ יאר ניט געהאט אויסגעדינט, האט ער שוין געהאט אויף זיך א פעלד־געריכט מיט פינף יאר דיס־ציפלינאר־באטאליאן אינם ווילדן „אפריקאנישן סיביר” ביריבי, און בלויז דערפאר וואס ער האט אפגעענטפערט אויף א ניט־פארדינטער באליידיגונג פון א קארפאראל. וואס ער האט געהאט אויסצושטיין אין דער קאטארגע ביריבי, איז זיך לייכט פארצושטעלן. נאכדעם ווי ער איז אפגעקומען די שטראף, האט ער ערשט געמוזט דערדינען די פיר יאר. פונקט צום צווייטן יאר פון זיין דינסט האט זיך מיט אים ווידער געטראפן אן אומגליק. דער סערזשאנט האט זיך צו אים גענומען „טשעפען.” מ'האט אים ווידער געשטעלט פאר א פעלד־געריכט און אים „מכבד” געווען מיט נייע פינף יאר דיספיצלינאר־באטאליאן. ווען ער האט זיך פון דארטן אומגעקערט, האט ער נאך געהאט צו דער־דינען דריי יאר מיט צוויי חדשים. ער האט דאן באשלאסן זיך ארויסראטעווען פון דער אייביקער קאטארגע, ס'איז אים אבער ניט באשערט געווען צו פארווירקלאכן זיין פלאן.

איינמאל אין א הייסן טאג, האט זיין סעקציע געמאכט א ווייטן מארש טיף אין דער מדבר אריין. דאס וואסער וואס זיי האבן מיטגענומען, איז שוין לאנג געווען אויסגעטרונקען. און קיין אנדער וואסער איז ניט געווען וואו צו קריגן. אלע סאלדאטן זיינען געווען פארשמאכט. פון דורשט און מידקייט איז ער אומ־געפאלן אויף דער ערד און געבליבן ליגן. איז צו אים צוגעגאנ־גען אן אדיוטאנט און אים באפוילן אויפצושטיין און גיין ווייטער. ער האט אבער ניט געקאנט פון ארט זיך רירן. יענער האט אים „פארצייכנט” און ער האט ווידער געקראגן דריי יאר. אין דער ווילדערניש איז ער אפגעווען נאר צוויי יאר. איין יאר איז אים געשענקט געווארן — און ער האט זיך אומגעקערט אין זיין רעגימענט, וואו ער האט נאך געהאט א קורצע צייט צו דינען. אין עטלאכע טעג ארום איז ער קראנק געווארן און זיך גע־מעלדעט צום דאקטאר נאך א סערטיפיקאט און ער האט עס גע־קראגן. גראד דאן האט דער קארפאראל אים באפוילן זיך זעצן שיילן קארטאפלעס. ער האט זיך אפגעזאגט (ווייזט אויס, אז די יארן וואס ער איז געווען פארשיקט האבן אים נאך אלץ ניט

אנגעלערנט און ניט געקאַנט ענדערן זיין שטאָלצן כאַראַקטער). האָט ער דערפאַר ווידער געקראָגן פינף יאָר. קאַרטאָפלעס שיילן איז אים טאַקע ניט געקומען, אָבער ווען דער קאַרפּאָראַל הייסט, מוז מען פאָלגן...

דאָס מאָל איז ער בלויז אָפּגעקומען מיט דריי יאָר, די איבעריקע צוויי יאָר זיינען אים געשענקט געוואָרן דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געבעטן אויפן אייראָפּעאישן מלחמה־פראָנט — די מלחמה האָט זיך שוין דאַן געהאַט אָנגעהויבן, — וואוהין ער איז גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן.

איצט איז ער שוין אַ יאָר אויפ'ן פראָנט. ער האָט ווי מיר, אַלץ מיטגעמאַכט אין די נאַסע, קאַלטע טראַנשייען און דערביי אָפּגעשפּאָרט אַ רומאַטיזם. ער האָט אַנטייל גענומען איןביידע גרויסע אַטאַקעס וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. זעענדיק אַז ער קאָן אַלץ ניט פּטור ווערן פון דעם ביטערן לעגיאָנער־לעבן, האָט ער דערלאַנגט אַ בקשה צום קאַפּיטאַן — אַ גראָבער נפש מיט אומהיימלאַכע אויגן — היות ער איז אַ בעלגיער און ער האָט, לויטן געזעץ, דאָס רעכט צו דינען אין דער אַרמיי פון בעלגיע, פראַנקרייך'ס פאַרבינדעטע, — בעט ער, אַז מ'זאָל אים דערלויבן אַריינטרעטן אין דער בעלגישער אַרמיי. דער קאַפּיטאַן האָט אים אָפּגעזאָגט אין זיין בקשה, מאָטיווירנדיק ערשטנס, אַז ער האָט אַ „רעקאָרד" — פופצן יאָר דיספּלינאַר־באַטאַליאָן, און, צווייטנס, האָבן זיך נאָך ניט געענדיגט זיינע פינף יאָר רעגולערע דינסט...

— איך האָב אין מיין לעבן געטאָן דעם גרעסטן פעלער און אַ געוואַלדיק פאַרברעכן דערמיט וואָס כ'האָב מיך אנגאַזשירט אין דעם „פרעמדן־לעגיאָן" — האָט ער מיר דעם צווייטן טאָג געזאָגט. — אַצינד האָב איך דעם לעצטן אויסוועג, וועלכער איז דער איינציקער פונק פון מיינע פאַרלאָשענע טרוימען און האָפנונגען: אַריינטרעטן אין דער אַרמיי פון מיין פאָטערלאַנד. איך וויל ניט און דאַרף ניט שטאַרבן פאַר פראַנקרייך, וועלכע האָט פון מיר געמאַכט אַ דעגענערירטן, צעבראָכענעם מענטשן, אַ לומפּ און אַ טויגניכטס. איך וויל שטאַרבן פאַר מיין לאַנד, ניט פאַר מיינע שענדער און פּייניקער...

דעמזעלבן טאָג איז ער צוגעגאַנגען צום קאַפּיטאַן און אים

געזאָגט: „איר האָט געמאַכט פֿון מיר אַ ווילדע בעסטיע. אַ שיכור און אַ פֿאַרקריפּלטע באַשעפעניש; מיין יוגנט, מיינע הייליקייטן און טרוימען האָט איר פֿאַרשוועכט און מיט די פֿיס צוטראָטן, — ווילט איר נאָך ביי מיר אָוועקרויבן מיין איינציקן וואונטש צו שטאַרבן פֿאַר מיין פֿאָלק?!...״

די ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ ווייטיק און טיפֿן צער, אַז דער קאַפּיטאַן איז דערפֿון שטאַרק גערירט געוואָרן. ער האָט אים צוגעזאָגט אָוועקצושיקן זיינע פּאַפּירן צום קריגס־מיניסטער.

און ער איז געבליבן וואַרטן אויף דעם לעצטן עפּיזאָד פֿון זיין לעבן...

יז

# דיוראַנד

דער איינציקער פראַנצויז אין אונזער אָפּטיילונג צו וועמען די דיסציפּלין איז ניט צוגעשטאַנען, איז געווען דיוראַנד. צוליב דעם פלעגט ער זיך שטענדיק אַרומרייסן מיטן קאַפּראַל בערלינג, אַ ווירטעמבערגער שוואָב, פון אַ פּאַרשטעטל ביי שטוטגאַרט.

דער דייטשישער שוואָב איז געווען אַ גוט־דיסציפּלינירטער סאָלדאַט, מיט טראַדיציע... פאַרמאָגט אַ רעקאָרד פון 9 יאָר דינסט און אַ פּאָר קרייצן. און זינט ער האָט באַקומען די צוויי רויטע „בענדלאַך," האָט ער מיט גרויס אכזריות גענומען „איינ־ברעכן" די נייע רעקרוטן. זיי אויפגעוואַרפן אַז זיי זיינען געקומען אָהער בלויז צוליבן „גאָמעל."

און דאָ האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף אַזאַ „עקשן" ווי דיוראַנד. ער איז ניט געהאַרכזאַם און וויל ניט וויסן פון קיין דיסציפּלין... וואָלט בערלינג אַזאַ מין „סאָלדאַט" געהאַט אין אַ קאַזאַרמע אין אַפריקע, וואָלט ער שוין געלערנט מיט אים אים בלק... דיסציפּלינאַרנע באַטאַליאָן און ביריבי וואָלטן שוין אַרויסגעשלאָגן פון אים דאָס עקשנות... אָבער דאָ אין די טראַנ־שייען אין עפּעס אַנדערש... ערשטנס, איז איצט ניט די צייט צו פאַרקלאָגן אַ סאָלדאַט פאַרן פעלד־געריכט, מחמת מ'וואָלט באַ־דאַרפט אָנקלאָגן כמעט אַלע סאָלדאַטן... די טראַנשייען וואָלטן געפּוסטעוועט און די גענעראַלן מיט די קאָלאָנעלן וואָלטן זייער גאַנצע צייט געדאַרפט אַוועקגעבן אויף משפט'ן און באַשטראָפן די סאָלדאַטן — אַנשטאָט זיך אָפּגעבן מיט דער מלחמהסטראַ־טעגיק...

צוויטנס, האָט בערלינג זיך גאָר אָביסל געשראָקן פאַר דיור־ראַנד'ן. יענער איז שוין געווען אַהער געקומען מיט אַ „רעקאָרד" פון אַ פּאָר פעלד־געריכטן און וואָס דערפאַר האָט מען אים גע־שטעלט כסדר אין דער ערשטער טראַנשיי־ליניע. דאָס האָט אים אָבער אַלץ ניט אַנגעלערנט. אדרבא, ער איז נאָך געוואָרן צע־רייצטער און עקשנות'דיקער. האָט טאַקע בערלינג דעריבער מורא געהאַט אָנצוהייבן מיט אַזאַ פאַרשויז, וואָס קען אים נאָך מכבד זיין מיט אַ קויל...

בערלינג האָט פאַרביסן די ליפּן און „געקוקט צווישן די פינגער" ווען דיוראַנד האָט זיך אויף אים צעשריען און גענומען זידלען אים: „אַ, יע! מיר וועלן זיי האָבן!... די געפּרוווירענע פּיס... ביז צו דער ענדע, ביז צו דער ענדע!" אָט אַזוי פלעגט דיוראַנד מיט איראָניע איבערקרימען דעם קאַפּראַל'ס שלאָג־ווערטער...

ווער איז געווען דיוראַנד? אָט וואָס ער האָט דערציילט וועגן זיך: —

„פּיער מאַריע דיוראַנד, 23245 מעטריקול. פון דעם זיבעטן עסקוואַד, צווייטע סעקציע פון דער דריטער קאָמפּאַניע, באַטאַליאָן „ד", און דעם ערשטן פרעמדן־לעגיאָן. — אַזוי רופט מען מיך. פון דעם טאָג אָן זינט מע האָט מיר אָנגעטאָן דעם אייזערנעם „בראַסליעט" מיטן בלעכל אויף דער האַנט. און געדיינקט קאַ־מעראַדן: אין פאַל אַז איך וועל מער ניט ענטפערן אויף דעם „אַפּעל" — פון קאַפּראַל בערלינג, זאָלט איר וויסן זיין אַז איך בין געפאַלן אַ פּגר אויפן פעלד פון די בוראַקעס.

מיין ביאָגראַפיע איז קורץ. דער יחוס מיינער איז ניט קיין געהויבענער... ניטאָ מיט וואָס צו איבעררראַשן... קיין אויסער־געוועינטלאַכע פּאַסירונגען אין מיין לעבן זיינען ניט פאָרגעקומען.

— ווען ערט עס וואָס מיין עלטער־עלטער זיידע האָט זיך געראַנגעלט מיט די וואָלפישן און זיך געריסן ביי די טשופּרינעס מיט די האָלענדער — געווען אַ פּיראַט אונטער דער קאָמאַנדע פון זשאַן באַרדן? און ווען גייט עס אָן וואָס מיין עלטער־זיידע איז געווען אַ מאָלצייט פאַר די פיש ביי דער טראַפאַלגער שלאַכט? און ווען אינטערעסירט צו וויסן אַז מיין זיידע איז

פארלוירן־געגאנגענע מיט דער עקספעדיציע קיין מעקסיקא? און וועמען קימערט עס דען צו וויסן אז מיין טאטע איז אומגעקומען אין א ים־שטורם, א קורצע צייט נאכדעם ווי איך האב דערזען די ליכטיקע שיין? און וואס ס'איז שייך מיר גופא — האבן די שטורם־כוואליעס מיך פון קינדהייט אן פארוויגט... דער ווינט האט מיך געלאשטשעט און געגלעט... פון א מוטער'ס ברוסט האב איך ניט געוואוסט... מיין מוטער האט פארנומען דעם טאטנס פלאץ אויפ'ן ים. . .

און ווייל דער ים האט מיך געשפייזט און גענערט, האב איך אים ליב באקומען. די שטורעמדיקייט פון ים איז אין מיין בלוט. ...און דערפאר האב איך זיך ניט געקענט צופאסן צו דער סא־לידקייט פון דער ערד...

אלס קינד פלעג איך האבן א טבע צוצונעמען זאכן וואס האבן ניט באלאנגט צו מיר... האט מען מיך דערפאר אריינגע־געבן אין א „פארבעסערונג־אנשטאלט.” פון דארטן בין איך ארויס־געקומען א פולשטענדיקער פארברעכער... און די שמיץ וואס איך האב דארטן געקראגן, האבן אין מיר דערוועקט געפילן פון נקמה און רעוואלט...

אלס סאלדאט האב איך מער „געדינט” אין די תפיסות ווי אין די קאזארמעס... סוף־כל־סוף האב איך פון דארט דעזערטירט און דערנאך פרייוויליק זיך אנגאזשירט אין דעם „פרעמדן־לע־גיאן.” איצינד בין איך: נומער 23245, מעטריקול, 7־טן עס־קוואד, צווייטע סעקציע, דריטע קאמפאניע, באטאליאן „ד” אין פרעמדן־לעגיאן פון קאמף, — — — א העלדישער „פואלו” וואס רייסט זיך ביי די העלזער מיט די „באשעס” און קאמאנ־דירט ווערט ער פון דעם „באש” בערלינג, וואס האט אזוי ליב די „באשעס” ווי איך — די פראנצויזן... און איך זאג אייך נאכאמאל און ווידעראמאל, אז —

— מיר וועלן זיי האבן!... די געפרוירענע פים! ... ביז'ן סוף. ביז'ן סוף!...

דיוראנד האט איבערהויפט ניט געקענט פארטראגן דעם „דייטש” בערלינג, דערפאר וואס יענער האט אזוי פארביסן גע־קעמפט קעגן זיינע אייגענע לאנדסלייט און האט דורכאויס גע־

שטרעבט צו באַקומען אַ העכערן געהאַלט, און אויף אַזאַ אופן אויך באַלוינט ווערן מיט דעם פּריז פון אַ פּאָר טויזנט פראַנק, פאַר זיינע צען יאָר דינסט אין „פרעמדן־לעגיאָן."

— איך אויף זיין אָרט — האָט גע'טענה'ט דיוראַנד — וואָלט זיי מוחל געווען די לויזיקע פּאָר פראַנק!... פאַרקערט: איך וואָלט זיי נאָך צוגעצאָלט און זאָלן זיי מיך אָפּשיקן אין דער קאַזאַרמע, אין דער הייסער אַפריקע... דאָרט וועל איך מיר, פון צייט צו צייט, אַרויסגיין מיט מיין „מאַכערא"... און ער, אַזאַ שוואַב! האָט ער זיך גאָר פרייוויליק אַנגאַזשירט צו הרג'ענען זיינע לאַנדסלייט!...

דער קאַפּראַל בערלינג ווידער, פלעגט מוסר'ן דיוראַנד'ן און טענה'ן צו אים:

— ס'איז אַ שאַנדע און אַ חרפּה וואָס דו, אַ פראַנצויז, באַ־ציסט זיך אַזוי גלייכגילטיק צו דיין פאָטערלאַנד וואָס געפינט זיך אין געפאַר צו פאַרכאַפּט ווערן פונם שונא!... דו, אַ פראַנצויז, ווילסט ניט טאָן דיין פליכט, כאָטש דו געפינסט זיך אין אַ סביבה פון אויסלענדער וואָס שטעלן יאָ איין זייער לעבן פאַר דיר און דיין פאָטערלאַנד!...

— זשמאָן פו! (לאָז מיך צורו!) — איז שטענדיק געווען דער ענטפער פון דיוראַנד'ן צו בערלינג'ן, אויף זיין מוסר'ן אים.

דער קאַפּראַל בערלינג פלעגט האַלטן אין איין טענה'ן:

— אַ סאָלדאַט דאַרף זיין געהאָרכזאַם און דיסציפּלינירט. ער טאָר זיך ניט מישן אין קיין פּאָליטיק. דער באַפעל פון זיין עלצטן דאַרף זיין פאַר אים אַ געזעץ. די ביקס דאַרף זיין ביים סאָלדאַט אַ סך טייערער ווי אַ ווייב אָדער אַ געליבטע...

און בערלינג אַליין איז טאַקע געווען אַ מוסטערהאַפטער סאָלדאַט. אַ חוץ זיין זעלנער־פליכט האָט קיין אַנדער זאַך פאַר אים ניט עקזיסטירט. אים האָט ניט אויסגעמאַכט פאַר וועמען און אונטער וועלכער פאָן ער שטעלט איין זיין לעבן. דער עיקר איז פאַר אים געווען דאָס דינען גופא... דער צוועק איז אים גאָר ניט אָנגעגאַנגען... זיין ציל איז העכסטנס געווען צו ווערן אַן אונטער־אָפיציר... צו דערגרייכן דעם ראַנג פון אַן אונטער־לייטענאַנט — וועגן דעם האָט ער, אפשר, בלויז געקענט פאַנ־טאַזירן...

אָבער אַ טראַגישער צופאַל האָט דעם טרוקענעם, מונדירטן דייטש אינגאַנצן אויפגעטרייסלט. אַזוי שטאַרק, אַז ער איז גע־צוואונגען געווען אויפצוגעבן זיין פּאָזיציע אין אונזער אָפּטיילונג:

איינמאָל אין אַ פינצטערער ווינטער־נאַכט, ווען דער קאָפּ־ראַל בערלינג האָט אַוועקגעפירט אונטער זיין קאָמאַנדע אַ גרופּע „אויסקוקער" צו די דייטשע טראַנשייען, איז אים געלונגען צו־ריקצוברייננגען אַ פּאָר לעבעדיקע דייטשן... ווען ער האָט דעם „פאַנג" געבראַכט צום קאַפּיטאַן, איז בערלינג אַליין טאַקע געווען דער איבערזעצער פון דעם „דייטשישן רעפּאָרט"... צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די געפאַנגענע דייטשן זיינען ווירטענ־בערגער שוואָבן... און אַז זייער רעגימענט איז אַ שוואָבישער. און נאָך עפּעס האָט זיך אַרויסגעוויזן: איינער פון בערלינג'ס געפאַנגענע איז געווען זיין שוועסטער'ס זון...

דעם „רעפּאָרט" האָט בערלינג טאַקע איבערזעצט וואָרט אין וואָרט, ווי אַ געטרייער סאָלדאַט... נאָר אויף מאָרגן האָט ער זיך געמאָלדן צום קאַפּיטאַן און אים געבעטן אַז ער זאָל אים טראַנספערירן אויף אַן אַנדער פראָנט... ער האָט מורא, אַז דאָ וועט ער מער ניט קענען אויספירן זיין מיליטערישע פליכט... דער קאַפּיטאַן האָט אָן קיין ווידערשטאַנד זיין בקשה דערפילט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען בערלינג'ן איבערגעשיקט קיין מאַראָקאָ. ביים געזעגענען זיך מיטן עסקוואַד, האָט דער „מוס־טערהאַפטער סאָלדאַט" זיך געררויטלט פון בושה...

— ס'אַראַ טרייפענעם מזל ער האָט עס, דער באָש! — האָט דיוראַנד מיט קנאה באַמערקט. — מיר בלייבן דאָ ליגן אין די טראַנשייען ווי די פגרים... און ער וועט דאָרט טרייבן רעקרוטן אין מאַרש... און אפשר זיך נאָך אַנטרעפן מיט מיין „מאַכערא" — אַ פינצטערע קלאָג אויף אים!...

## יח

# בריוו

ליבער פריינט,

איך האָב פאַרלוירן אַ רוסישן חבר מיינעם, אַ טייערן מענטשן. ער איז געווען שטאַרק ווי אַ ריז, שיין און שטאַלץ ווי אַפּאָ־לאָן, קלוג ווי דער ספינקס, און פריי ווי אַ גאָט. צו די אַלע מעלות איז ער נאָך געווען אַ גוטער צו יעדן איינעם, זיינע גרויסע מילדע אויגן האָבן גלייך צוגעצויגן יעדן וואָס האָט זיך מיט אים באַקענט, ער האָט פאַרמאָגט אַ זיסע, איינגענעמענע שטימע. אין רוסלאַנד איז ער געווען זייער אַקטיוו. אויך אין פאַריז איז ער געווען זייער טיכטיק. דערצו נאָך — אַ טאַלאַנטפולער מענטש: ער וואָלט געווים געווען געוואָרן אַ באַרימטער מאַלער, אָבער דער טראַגישער טויט האָט אים דאָ געטראָפן.

און אָט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט: מיר זיינען, עטלאַכע מענטשן, געגאַנגען ברענגען דאָס עסן. ער איז געגאַנגען מיט אַ פּאָר שפּאַן פאַר מיר. אין יענער צייט האָט ער געהאַט דער־האַלטן אַ בריוו פון פּאַריז — פון זיין פרוי, אויך אַ קינסטלעריןֿ, זי האָט אים אין בריוו, צווישן אַנדערעס, געפרעגט, צי ער האָט אין די טראַנשייען אַ געלעגנהייט צו מאָלן. ער האָט מיר גע־וויזן דעם בריוו און — שטעל זיך פאָר, ליבער פריינט: אין יענעם מאָמענט איז אָנגעפלויגן אַ קויל און האָט אים אוועקגע־לעגט. איך בין געבליבן פאַרטומלט. דערנאָך האָב איך מיך אַרומגעקוקט: אַ פלאַך, ברייט פעלד. פון וויטנס זעען זיך חורבות פון אַפּגעווישטע דערפער, צעבראָכענע בוימער, און אינ־מיטן ליגט ער, דער קינסטלער, אין אַ טייך פון זיין אייגן בלוט. דאָס איז געווען דאָס טראַגישסטע בילד וואָס דער טויט גופא האָט אויסגעמאָלן מיט זיין פּענזל...

נעכטן האָבן מיר געשאָסן אַ פּאָר דייטשן ניט ווייט פון אונזערע גראָבנס. איינער האָט נאָך געזשיפּעט. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צו אונז; דאָן האָט ער געקראָגן צוויי קוילן אין בויך און איין קויל אין רעכטן פוס. ער איז פּאָר מיינע אויגן אויסגעגאַנגען, — ער איז געווען אַ שיינער, בלאָנדער יונגערמאַן מיט אַ פיין־סימפּאַטיש פּנים. מ'האָט ביי אים געפונען אַ בריוו פון זיין מוטער, זי שרייבט, אַז זי בעט גאָט פאַר אים און וויל שוין דערלעבן דעם גליקלאַכן מאָמענט אים אַ לעבעדיקן צו זען... אויך האָט מען ביי אים געפונען אַ בריוו צו זיין מוטער גרייט אויף אַוועקצושיקן. ער שטאָלצירט פאַר איר, אין דעם בריוו, אַז ער וועט אינגיכן קריגן דעם אייזערנעם פאַרדינסט־קרייץ. איצט ליגט ער נעבן מיר מיט אָפענע, שטאַרע אויגן... ער האָט שוין זיין קרייץ פאַרדינט, נאָר אַנשטאָט אַן אייזערנעם, וועט ער האָבן אַ הילצערנעם...

אַך! וואָס פאַר אַ קראַפט עס האָט אין זיך דאָס לעבן! מיט בלוט אין די אויגן און מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס האָט ער געבעטן, מ'זאָל אים אָפּראַטעווען און געשריען צו זיינע קאַמעראַדן; אָבער אייניקע פון זיי זיינען שוין געלעגן טויט, די אַנדערע זיינען זיך צעלאָפן. אונז האָט מען ניט דערלויבט אים צו העלפן. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן אונזער לאַגע... זיין מוטער וואַרט נאָך אַלץ אויף זיין בריוו און ער... ער ליגט שוין אַריינגעשליידערט אין אַ גרויסן גרוב צוזאַמען מיט אַ פּאָר אונזערע טויטע. דאָרטן האָבן זיי אַלע שוין געשלאָסן אַ „סעפּאַראַטן," אייביקן שלום — די פריערדיקע „שונאים" פאַרשטייען זיך שוין איצט זייער גוט אויף שטום־לשון...

איך געפין מיך איצט אין אַ מוטלאָזן צושטאַנד. איך בין ווילנלאָז, האָב קיין ברעקל פאַרלאַנג ניט, קיין פּיצל באַגער. איך לאָז אַלץ לויפן, ווי עס לויפט. אַ, צייט! וואָס פאַר אַ בייזער, גרוויזאַמער גאָט האָט דיך באַשאַפן און דיר געגעבן די מאַכט צו קאָנען אַלץ פאַרטראָגן אויף דיינע פליגלען, וואָס באַוועגן זיך אָן אויפהער אין דער אייביקייט?!...

טייערער פריינט,
אין אַ שרעקלאַכער צייט און אין אַ צינישער, הפקר'דיקער

וועלט לעבן מיר איצט. א פסיכאָז צו פאַרניכטן, צו צעשטערן, האָט באַהערשט אַלע מוחות. אונזער איצטיקע צייט דערמאָנט שטאַרק אָן די פינצטערע תקופות, ווען אַ קריסטוס, אַ ברונאָ און אַנדערע מאַרטירער זיינען דערקלערט געוואָרן אַלס אָרדנונגס־צעשטערער און אויסוואורפן, און ווען מ'האָט זיי געקרייציקט, פאַרבּרענט, דערמאָרדעט, האָט מען געגלויבּט, אַז דערמיט ווערט געטאָן אַ גרויסע מצוה, מ'דערפילט אַ הייליקן חוב. אפילו די טאַט פון אַ עריסטראַט וואָלט איצט קיינעם ניט איבּערראַשט. אַזעלכע טעמפּלען ווי דיאַנע'ס צעשטערט מען אין די טויזנטער און קיינער טוט אַפילו קיין קרעכץ ניט, די פאַרניכטונגס־קראַפט שטייגט פון טאָג צו טאָג און זי האָט שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה.

טויזנטער אומרעכטן ווערן באַגאַנגען קעגן גאַנצע פעלקער און — מ'שווייגט, נישטאָ דער נביא, וואָס זאָל פון באַרג אַראָפּ־דונערן מיט זיין שטים אויף די מענטשן אין טאָל, אַז זיי זאָלן אָפּשטעלן דעם ווילדן שדים־טאַנץ... און נישטאָ איז ער דערפאַר, ווייל מיר זיינען אַלע צו־פיל אַריינגעטאָן אין קליינלאַכקייטן, אין דעמאַגאָגישע צוועקן און צילן...

די טעג האָט מען פאַרטיילט צווישן אונז גרויסע טאַשן־מעסער, און מ'האָט אונז דערקלערט, אַז מיר דאַרפן זיך מיט זיי באַנוצן נאָך די אַטאַקעס, אויב ס'וועלן אין אונזערע הענט אַריינפאַלן לעבעדיקע דייטשן: הינטנאַרום דאַרפן מיר זיי די מעסער אַריינשטעכן. די מעסער וועלן אונז אויך צונוץ־קומען אין די טראַנשיי־קאַמפן, ווען מ'קאָן זיך מיט קיין ביקס ניט באַנוצן...

מיין פרוי שרייבּט מיר, אַז אויבּ עפּעס וועט מיט מיר פּאַ־סירן, וועל איך זיין דער גורם פון איר פריצייטיקן טויט. נאָך אַ לעבן, הייסט עס, האָב איך אויף מיין געוויסן... זי שרייבּט מיר בריוו דורכגעווייקט מיט טרערן. איך בעט דיך אַריינגיין צו איר און זי טרייסטן. און לאָז זי נישט וויינען; כ'האָב פיינט טרערן... מיר איז גענוג בּלוט, היים בּלוט... אָ, די פרויען! זיי ליבּן נאָר שוואַכע און שקלאַפן, וואָס זאָלן שטענדיק זיין צוגעבּונדן צו זיי און מיט זיי בּלייבּן... איך פיל, אַז מיין אַנ־

װעזנהײט דאָ אין די טראַנשײען איז נױטיק פֿאַר די װאָס געפֿי־
נען זיך מיט מיר צוזאַמען. איך קאָן לינדערן די אַנגסטן און
לײדן פֿון די לעבעדיקע און פֿון די װאָס האַלטן בײַם שטאַרבן.
דערצײל די קינדער די געשיכטע, װי אַזױ אַברהם האָט צע־
בראָכן די געטער פֿון זײַן פֿאָטער תּרח. זאָלן זײ װיסן, און זיך
אָפּלערנען דערפֿון, אַז מ׳דאַרף צעברעכן אַלטע און אַפֿילו נײַע
אָפּגעטער...

טײערער פֿרײַנט,

ס׳איז נאָך דאָ אַ האָפֿנונג, אַז אונזער ליבער סאַבעל זאָל
בלײַבן לעבן. איבערהױפּט קאָן מען קײנמאָל ניט זאָגן אױף זי־
כער, װעלכער פֿאַרװאונדעטער װעט שטאַרבן און װעלכער װעט
בלײַבן לעבן; װײַל ס׳טרעפֿט, אַז אײנער װאָס איז גראָד שטערב־
לאַך פֿאַרװאונדעט זאָל זיך דווקא אױסדרײען און בלײַבן לעבן,
און אַ צװײטער װאָס האָט באַקומען אַ לײַכטע װאונד — װאָס
אַלע האָבן אים „מקנא" געװען — זאָל דווקא שטאַרבן.
דאָס בילד, װי אַזױ סאַבעל איז פֿאַרװאונדעט געװאָרן,
װעט מיר תּמיד שטײן פֿאַר די אױגן. איך קאָן דאָס אײך אָבער
איצט ניט באַשרײַבן: ס׳װאָלט בײַ מיר צוגענומען צו פֿיל
נערװן־קראַפֿט, און ד אָ ס פֿאַרמאָג איך ניט פֿיל איצט, נאָך די
דורכגעמאַכטע שלאַכטן... אַזעלכע אײַנדרוקן פֿון פֿרײַנט און
חברים האָב איך אַ סך. נאָר זײ בלײַבן בײַ מיר מיט בלוט
פֿאַרזאָטן אין האַרצן. װען איך װאָלט זײ געקענט אַרױסגעבן
אױפֿן פּאַפּיר װאָלט מיר פֿיל לײַכטער געװאָרן... אָבער איך
קאָן ניט בלײַבן אָביעקטיװ... ס׳פֿאָדערט זיך אַ געװיסע דער־
װײַטערונג פֿון די אײַנדרוקן, — אַ פּערספּעקטיװע. די װאונדן
זײַנען נאָך צו־פֿריש, דער טױט לױערט נאָך אומעטום. נײַע
בלוט־בילדער און שװידערלאַכע געשעענישן קומען נאָך כּסדר צו
און שטײַגן איבער מיט זײער גרױזאַמקײט די אַלטע בילדער און
פֿאַרטושן זײ. מײַן שטימונג קאָן מען פֿאַרגלײַכן מיט דעם
נשמה־צושטאַנד פֿונם באַזיגטן עגיפּטישן קעניג, װען מ׳האָט פֿאַר
זײַנע אױגן דורכגעפֿירט זײַנע פֿרײַנט, מיניסטאָרן, און נאָכדעם
זײַן טאָכטער, געשמידט אין קײטן, — און ער האָט אַלץ גע־

שוויגן. ער האָט בלויז געקוקט שטאַר אין דער ווייטקייט אַריין; ערשט ווען מ׳האָט זיינעם אַ דינער פאַרביי אים דורכגעפירט, האָט זיך ביים קעניג געעפנט דער קוואַל פון טרערן, און ער האָט געזאָגט: „מיין בראָך פריער איז געווען צו־שטאַרק, אַז איך זאָל קענען וויינען...״

ליבער פריינט,

אויף אַ געוויסער ציַיטונג, וואָס די דייטשן האָבן דורכגע־שמוגלט צו אונז אין דער טראַנשיי, האָט זיך געפונען אַן אויפ־שריפט אין פראַנצויזיש, וואָס עמיצער האָט אָנגעשריבן מיט אַ בליישטיפט: — „איז דאָס אמת, אַז יעדערער פון אייך וויל דעזערטירן? אויב יאָ, גיט אונז צו וויסן. און וואָס דענקט איר וועגן דעם באַלקאַן? און וועט שוין נעמען אַן ענדע צום ברידער־קריג?״

איך האָב אין דייטש אויף אַ שטיקל פּאַפּיר אָנגעשריבן אַן ענטפער: — „דאָס בעסטע פאַרביידע פעלקער וואָלט געווען, ווען זיי זאָלן מאַכן אַן אויפשטאַנד — יעדעם פאָלק ביי זיך אין לאַנד; דאַן וואָלט שנעל גענומען אַן ענדע, און די „שונאים״ וואָלטן זיך געוואָרן די בעסטע פריינט.

און, הגם אַלע מיינע רוסישע קאָלעגן זיינען אויסגעשפּראָ־כענע סאָציאַליסטן, בין איך דאָך פון זיי געטאַדלט געוואָרן פאַר מיין „ניט איבערגעלעגטן שריט״ — ווי זיי האָבן זיך אויסגע־דריקט. איך האָב געמוזט שוויַיגן: גיי גיב זיי אַרוים אַלץ וואָס עגבערט מיך שוין פון אַזוי לאַנג. כדי אויפצוהויבן שקלאַפן קעגן זייערע הערשער, דאַרף מען, ווייזט אויס, האָבן: אָדער די פיזישע קראַפט פון אַ הערקולעס, אָדער די מאָראַלע קראַפט פון אַ פאַרצייטיקן נביא, צי מ׳דאַרף גאָר זיין אַ ספּאַרטאַק. — דערציייל די קינדער די געשיכטע פון ספּאַרטאַקוס און זאָלן זיי פיינט באַקומען די קנעכטשאַפט אין אַלע אירע פאָרמען. ווייז זיי אויך די פּאַריזער קאָטאַקאָמבעס און פלאַנץ אין די קינדער איין אַ גלויבן אין זייערע יונגע, שטאַרקע כחות.

וואָס דענקסטו, ליבער, וועגן קאָמיטעט, וואָס זוכט מאַ־טעריאַל און זאַמלט שטאָף אויף אַרויסצוגעבן די געשיכטע פון די פרייוויליקע אין פראַנקרייך? איך גלויב, אַז פאַר מיינע

זכרונות איז דאַרטן קיין פּלאַץ ניטאָ. זיי שטעלן אַלץ צונויף לויט זייער אייגענעם שטייגער און מיט באַזונדערע מאָטיוועז... אַזוי אַז זיי וועלן דאַרטן געפֿינען „פאַנטאַזיעס" אַנדערצײלן וועגן אונז.

אויב די צייט וועט דיר דערלויבן, זאָלסטו, טייערער פריינט, זיך נעמען די מי איבערצוליינען מיין בריוו וואָס איך שרייב אין צוויי פּאַרטזעצונגען, און וואו איך באַשרייב מיינע אינער־לאַכע שטרייטן און די וכוחים וואָס איך פיר אַן מיט זיך אַליין... איצט בין איך דיר מודיע, אַז איך האָב אָנגעהויבן אַ נייעם עקס־פּערימענט: איך האָב געשלאָסן שלום מיט די „פיינט" — און דוקא אַן די גרויסע וועלט־דיפּלאָמאַטן און זיך אַפילו ניט אַנ־געפרעגט אין די פּאַרלאַמענטן... מיר האָבן זיך שוין פאַר־שטענדיקט אויף אַט דעם פּונקט: אַז ניט מיר און ניט זיי וועלן זיין די זיגער, און קיינער וועט ניט דאַרפן צאָלן קאָנטרי־בוציע... ס'בלייבן בלויז צוויי פּונקטן, אויף וועלכע מיר האָבן זיך נאָך ניט געאייניקט: ערשטנס — רעוואָלוציע אין אַלע קריגפירנדע לענדער, צווייטנס — פאָלקס־געריכטן אויף די העצער און פּאַראורזאַכער פונם קריג. די אונטערהאַנדלונגען זיינען נאָך ווייט ניט איבערגעריסן, מ'קאָן נאָך האָפן אויף גוטע רעזול־טאַטן...

די ידיעה, אַז מיין ברודער שמואל וויל באַגיין אַן אומ־באַטראַכטן שריט און זיך אַנגאַזשירן אין דער ענגלישער אַרמיי, האָט מיך „אַרויסגעבראַכט פון די כלים." און מיינע נערוון זיינען אַזוי אויך געווען אָנגעצויגן. איך ווייס, אַז זיין כאַראַק־טער איז ענלאַך צו מיינעם; ער באַגייט אַ טאַט ניט ווייל דער שכל דיקטירט אים, נאָר ווייל ער איז אימפּולסיוו און איז ניט אימשטאַנד זיך צו באַהערשן. עס שרעקט מיך פאַר אים פיל מער, ווי פאַר זיך אַליין. אַט אַזוי ב י ן איך: ווען איך אַליין בין געגאַנגען אויף דעם דינעם שטריק און געמאַכט קונצן, בין איך מיר געווען גאַנץ רואיק און האָב נאָך דערפון געהאַט אַ געוויסע צופרידנשטעלונג; זע איך אָבער ווי יענער גייט אויף אַ דינעם שטריק, פאַלט מיר דאָס האַרץ אַרויס...

ליבער, טייערער פריינט, דערצייל די קינדער וועגן דער ליבע פון דוד און יהונתן, ווי דעם לעצטן האָט גאָר ניט געאַרט, אויב

זיין טראַן וועט איבערגיין צו זיין פריינט, אַנשטאָט צו אים אַליין. שילדער פאַר זיי אויך דעם טויט פון שאול מיט יהונתן אויפן באַרג גלבוע און די נשמה־אויפטרייסלענדיקע קלאָג־ליד פון דוד'ן.

„— אין אַ געפערלאַכן מאָמענט האָט מיך דיין לעצטער בריוו געטראָפן, און אין נאָך אַ געפערלאַכערן שרייב איך איצט... היינט אַ מאָנאַט, אַז מיר האָבן געשטעלט אויף דער וועלט־בינע דעם שרעקלאַכן ספּעקטאַקל, און ס'זיינען דריי־פערטל שפּילער שוין אומגעקומען, און צווישן זיי אונזער פריינט סאַבאַל... היינט אַ מאָנאַט... איצט גייען מיר ווידער אין דעם זעלבן דאַטום מאַכן אַזאַ שפּיל...

„די נאַכט האָבן מיר עטוואָס שרעקלאַכעס איבערגעלעבט... בעת איך שרייב די שורות ווערט די ערד געשפּאָלטן פון די דונערן פון קאַנאָנען... דער הימל איז צו דער ערד געבויגן... בלויז גרויסע שטיקער ערד און פייערדיקע וואָלקנס, זעט מען... מיר מאַכן דעם פאַרשפּיל, די חתונה, די וועטשערע, און דאָס באַגרעבעניש אין איין צייט..."

„מיר האָבן געזיגט — אַז אָך און וויי צו דעם זיג... — די טויטע פאַרדעקן די פעלדער... און די פאַרוואונדעטע... אָ, די פאַרוואונדעטע! ווי מאַכט מען זיי שווייגן!... זייער יאָמערן רירט מיך פון זינען... זאָל איך נעמען אַ שווערד און זיין זייער דערלייזער?! זאָל איך פאַרענדיקן די אַרבייט פון דעם רויטן טויט?... וואָס ווילן זיי פון מיר? דו ווייסט דאָך גוט, אַז איך קאָן דאָס ניט איבערטראָגן!...

„מיר האָבן אויך גענומען געפאַנגענע... קריפּלען! — נישטאָ צווישן זיי קיין איינער וואָס זאָל זיין שטאַלץ... אַלע גייען מיט אַרונטערגעלאָזענע קעפּ. איך קאָן ניט קוקן אויף זיי!... מוזן זיי נאָר האָבן די מאָרד־אינסטרומענטן, כדי צו זיין שטאָלץ און שטאַרק?... ווייסן זיי ניט אַנדערש! וואו נעמט מען דעם גרויסן מאַרטירער, וואָס זאָל גיין צום טויט מיט טראַציקע טריט און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן? מענטשן זיינען נאָך ניט דערצויגן צו דעם... אַ דור פון קאַריקעס, פון שוואַכע, אומבאַהאָלפענע באַשעפענישן...

„דערצייל נאָך גאָרנישט די קינדער... זאָלן זיי לעבן אין זייער קינדערשער פאַנטאַזיע..."

יט

# דאָס ווייסע פּאַנדל

טייערער פריינט,
איך וויל דיר איצט אין אַ געדיכט איבערגעבן דאָס בילד וואָס כ'האָב נאָר־וואָס געזען און וואָס וויל גאָרניט פאַרשווינדן פון מיינע אויגן:

אויף איינעם פון די ערשט־פאַרלאָזענע פעלדער,
צווישן די לאַגערס פון פאַרביסענע שונאים,
דאָרט זיינען פּגרים געלעגן צעוואָרפן
צווישן די סנאָפּעס וואָס מוזן פאַרזאָמען
צו ווערן געבראַכט אין די שפּייכלער:
קענטיק, קיין צייט ניט געווען זיי אָפּראַמען.
דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט סקעלעטן פון מענטשן;
סקעלעטן פון מענטשן און פערד ווי געשניטענע גאַרבן
ליגן צעוואָרפן אין פעלד איבעראַל און זיי דאַרבן.
צווישן די צווייגן צעפליקט פון דערבייאיקע בוימער,
וואָס שטייען נאָך דאָרט זינט דער צייט פון די רוימער...
אָהער האָט זיי פאַרטראָגן די מאַכט פון האַרמאַטן,
דער שרעקלאַכער פייער פון פלינקע שראַפּנעלן,
וואָס רייסט אַרויס בוימער מיט די וואָרצלען צוזאַמען
און פאַרברענט גאַנצע דערפער און שטעט אין די פלאַמען.

***

און צווישן די אַלע צעבראָכענע לעבנס,
וואָס האָבן געוואַלגערט זיך איבער די פעלדער,
און איבער די חורבות פון שטעט און פון וועלדער,

עס האָט זיך אַ שרעקלאַכעס בילד אָפּגעשפּיגלט —
דער טויט האָט אויף אייביק דאָס אויך שוין פאַרזיגלט...
אויף איינעם פון פיל שוין פאַרלאָזענע גאַרבן,
וואָס האָבן אין הויפנס געוואַלגערט זיך ערגעץ, —
אַ ווייסע און פרידלאַכע פּאָן האָט געפלאַטערט
אויף אַ שפּיז פון אַ קריגער; ער האָט זי אָנגעבונדן,
געווייקט אינם בלוט פון זיינע שרעקלאַכע וואונדן,
האָט איינער, וואָס האָט זיך געשלענגלט, געבויגן,
געבעטן אַ הילף מיט בלוט אין די אויגן,
די שטאַרבנדע הענט צום הימל געשטרעקט,
געפּאָכעט מיטן פענדל, מיט בלוט שוין באַפלעקט,
דערביי קוים געמורמלט אַ תפילה אַ שטילע
פון אַ שוואַכער, וויי־שלוכצנדער, באַהאַלטענער קעל...
ער האָט דערמאָנט זיין פרוי און די קינדער,
זיין אַלטינקע מוטער, וואָס גאַרט אים צו זען —
דעם שמערץ פון דער וואונד זיי מאַכן אים לינדער,
זיי העלפן אים אונטער אַביסל צו גיין...

**
*

נאָר שטאַר און פאַרמאַטערט, מאַכטלאָז פון ווייטיק,
געבאָדן אין אייגענעם בלוט פון זיין האַרצן,
געפאַלן צוריק איז דער מאַן אויפן בערגל,
געפאַלן מיט די לעצטע געשרייען פון שמאַרצן...
דאָך זיינען געדאַנקען ווי כוואַליעס געקומען,
געבליצט אין זיין מוח און ווידער פאַרשוואומען;
פרישע געדאַנקען — ער הויבט אָן צו וועבן,
פעסט האָט באַשלאָסן זיין ווילן: צו לעבן,
וועט בעטן די רעטונג פון אַלע פיר זייטן.
אפשר וועט איינער דערזען פון דער ווייטן
דאָס ווייסענקע פענדל, וואָס שטעקט אין די גאַרבן,
און קומען צו הילף, נישט לאָזן אים שטאַרבן...

**
*

עס האָבן געקוקט, דורך פעלד־גלעזער גרויסע,
פון לאַגער די בייז־קאַלטע קריגער־גזלנים;

פון אַלע צוויי זייטן געקוקט האָבן קריגער,
זיינע אייגענע פריינט און די קעגנער, די שונאים,
אויף זיין לעצטער אַגאָניע, די בלוטיקע שטראָמען,
וואָס פליסן אַזוי ווי אַ קוואַל אָן אַן אויפהער —
און רעטן אים האָט מען געדאַרפט ניט פאַרזאַמען! —
דאָך איז נישט געקומען קיין איינער צו רעטן,
דעם וואונטש זיינעם, דעם לעצטן אַפילו צו זעטן:
צו שטאַרבן צווישן די פריינט און באַקאַנטע,
צו ליגן אין קבר צווישן חברים — פאַרוואַנדטע...

זיי האָבן געקוקט, געקוקט און געזען,
געקוקט און געזען און געלאָזט אים אויסגיין!...

***

און איצט ליגט אַ פּגר פון ראָבן צעפרעסן,
צעפּליקט און צעבּרעקלט, אויף שטיקער צעריסן
פון שרצים און חיות און אַלערליי פויגל,
זיי טראָגן זיין פלייש אין שנאָבל און נעגל.
און ווער וואָלט געזאָגט אויפן ביסעלע ביינער,
אַז דאָס איז געוועזן ד ע ר א י י נ ע ר,
וואָס אַקאָרשט געלעבט האָט, זיך געראַנגלט, געבעטן
פון שרעקלאַכע לײדן אים קומען צו רעטן? —
און בלויז אָט דאָס פּענדל, דאָס ווייסע, וואָס פלאַטערט,
דערציילט, אַז אַ מענטש איז געוואָרן פאַרמאַטערט,
ביטער געליטן, געקעמפט מיט די לײדן
און... מיטן לעבן געמוזט זיך צעשיידן!...

***

אויסער דעם, ליגן נאָך צווישן ביידע לאַגערס אַ פופציק טויטע פּגרים און פּוילן, און קיינער קומט ניט זיי אַראָפּנעמען פון פעלד: מיר וואַרטן די גאַנצע נאַכט און היטן, אַז די דייטשן זאָלן ניט צוקומען צו אונזערע טויטע, ז י י טוען דאָסגלייכן; אַזוי וואַכט מען און מען וואַרט, ביז די פּעסט וועט קומען זיך „אָפּרעכענען" פאַר דעם אומרעכט וואָס ווערט באַגאַנגען צו די געפאַלענע...

שוין עטלאַכע טעג, ווי כ׳האָב צו דיר דאָס אויבנדערמאָנטע אָנגעשריבן. דורך דער צייט איז פאַרגעקומען נאָך אַ שלאַכט.
— מעג איך זיך פאַרגינען צו געניסן „דאָס גרויסע פּאָעטישע פאַרגעניגן" וואָס עס פאַרשאַפן מיר די גראָטעסק־גרויזאַמע, איבערמענטשלאַך־פאַנטאַסטישע שלאַכט־בילדער, וואָס בייטן זיך און שווינדלען פאַר מיינע אויגן. אַלץ זעט אויס, ווי ס׳וואָלט פאַרגעקומען ערגעץ־אַנדערש־וואו — ניט אין אונזער צייט און ניט אויף אונזער ערד־קוגל, נאָר ווי ס׳זאָל זיין ניט מער ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון ווייטע וועלטן, — אַ פאַנטאַסמאַגאָריע. — — —

וואָס זאָל איך פּרואוון באַשרייבן? — קאָן דען דער גע־ניאַלסטער מאָלער מיטן פּענזל, אָדער דער גרעסטער קאָמפּאָזיטאָר — דורך נאָטן — איינצייטיק איבערגעבן ריכטיק אי דעם זונען־אויפגאַנג, אי דעם פאַרבן־שפּיל פונם רעגנבויגן, אי די פאַרשידענע קלאַנגען פון שווערדן־געפעכט, קוילנוואַרפער־דועל, האַרמאַטן־קנאַלעריי, קוילן־פּייפעריי און אויך די שטילע, קוים הערבאַרע זיפצן און שלוכצן פון די גוסס׳דיקע נשמות

ס׳איז שוין נאַכט. דער אַלטער, גראָער צייט־גאָט סאַטורן דערשיינט אין געשטאַלט פון אַ טאָפּעלן שטערן. דו ליגסט מיטן בויך אויף דער נאַקעטער ערד, אין מיטן פון ברייטן, פלאַכן פעלד; שטיל. קיין פּיפּס, קיין גערויש. דו קוקסט זיך איין אין דער פינצטערניש, און גייסטער־געשפּענסטער אין פאַרשידענע גע־שטאַלטן דערשיינען, און כסדר פון די באַקענטע מענטשן. דער טויט לויערט מיט טויזנטער אויגן אין דער חשכות. דו זוכסט הילף, נאָר דער הימל איז צו־ווייט פון דער ערד... און איז דאָס טאַקע ריכטיק דער הימל? ! — זיינען דאָס טאַקע די שטערן? צי גאָר — די לעצטע פונקען פון די פאַרקוילטע, פאַר־טריקנטע מענטשן־הערצער און די לעצטע בליקן פון די שטאַרע נאָך־באַוועגלאַכע אויגן?...

## כ

# אין א קלעם

שוין פינף מעת־לעת, אז די קאמפאני קוילנווארפער געפינט זיך אין צפון פון אראס — ארומגערינגלט פון די דייטשן. דאס איז געשען דאן, ווען די פראנצויזישע אינפאנטעריע האט מיט א געוואלדיקן, שנעלן אימפעט ארויסגעיאגט די דייטשן פון זייערע אלע שוץ־גראבנס, פארפאלגנדיק זיי אויפן פרייען פעלד צו דער ריכטונג פון לאנס. א העפטיקער דייטשער ארטילעריע־פייער, וואס איז פלוצלונג געקומען פון א נאנטער דיסטאנץ, האט אבער באלד אפגעשטעלט די אטאקע פון דער אינפאנטעריע און געמאכט אומעגלאך פאר איר, ניט נאר צו גיין ווייטער אין דער ריכטונג, נאר אפילו איינצוהאלטן די פון פריער־דערא‌בערטע פאזיציעס. די דייטשע קאנטער־אטאקע האט געקאסט ניט ווייניק קרבנות. דער ריקצוג איז פארגעקומען מיט א ניט־קלענערן אימפעט. נאר בעת די אינפאנטעריע איז געצוואונגען געווען צו פארלאזן די פארנומענע ערטער, איז אונטערגעקומען די פראנצויזישע קאמפאניע קוילנווארפער און האט איבערגענומען די זעלבע פאזיציע פונם בערגל, אין צפון פון אראס, און גענומען שניידן מיט איר מאשינען־געווער אויף רעכטס און אויף לינקס, אפשלאגנדיק אזוי ארום די אלע קאנטער־אטאקעס וואס זיינען געמאכט געווארן אין די לעצטע פינף מעת־לעת.

אזוי האט עס פאסירט, אז ווען די דייטשן האבן אפגעשטויסן אונזער אינפאנטעריע אויף ביידע פלאנגען פון דעם בערגל, האבן זיי נאכדעם ארומגערינגלט די פאזיציע צוזאמען מיט דער קאמפאניע קוילנווארפער, אין דער פארם פון א פאדקאווע. ביי די פאלוסן האבן זיי ארויסגעשטעלט געווער־מאשינען און אפגע־

שניטן דעם איינציקן שמאָלן דורכגאַנג וואָס איז נאָך פאַרבליבן. ניט געגוג וואָס מיט דעם האָבן זיי צעשטערט יעדן קאָנטאַקט פון דער קאָמפּאַניע מיט די איבעריקע פּראַנצוויזישע טראַנשייען און רעזערוון, האָבן זיי נאָך געשאָסן אין רוקן פון די איינגע־עקשנ׳טע קוילנוואַרפער.

איז אויסגעקומען, אַז די וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער דאָזיקער פּאָזיציע, אויף אַ שטרעקע פון אַ קילאָמעטער אַרום דעם בערגל, זיינען פאַקטיש געווען צווישן אַ טאָפּלטן פייער.

צוזאַמען מיט דער קאָמפּאַניע קוילנוואַרפער איז אויך אַריינ־געפאַלן אין דעם זעלבן קלעם די שיסער קאָמפּאַניע „57,״ וואָס האָט בשעת דער קאָנטער־אַטאַקע פאַרלוירן אַלע אירע אָפיצירן און אונטער־אָפיצירן און, בלייבנדיק כצאן בלא רועה, געמוזט אויספאָלגן די באַפעלן פונם קאַפּיטאַן פון דער קוילנוואַרפער־קאָמפּאַניע, וועלכער איז די גאַנצע צייט פון דער קאָנטער־אַטאַקע געלעגן אין אַ טיפן, דייטשן שוץ־גראָבן און געוואַרט ביז מ׳וועט געצוואונגען זיין זיך איבערגעבן די דייטשן. אָבער ווען ער האָט דערזען אַז זיין קאָמפּאַני קוילנוואַרפער שלאָגט אָפּ די דייטשע קאָנטער־אַטאַקע, איז ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און גענו־מען געבן באַפעלן...

זייענדיק אַרומגערינגלט און אָפּגעשניטן פון די איבעריקע פּראַנצויזישע סעקציעס, האָבן מיר ניט געקאָנט באַקומען קיין שפּייז און — וואָס איז געווען נאָך ערגער — קיין וואַסער. דער־פאַר אָבער האָבן מיר באַקומען דייטשע גראַנאַטן, גאַז־באָמבעס און טראַנשיי־טאָרפּעדן וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער קאָמ־פּאַניע: צעבראָכן די געווער־מאַשינען און צעשטערט די שוץ־גראָבנס אַזוי, אַז ס׳איז ניט געווען וואו זיך אויסצובאַהאַלטן. מיר האָבן דאָן באַריקאַדירט די פּאַראַפּעטן פון די טראַנשייען מיט די טויטע קערפּערס, כדי צו פאַרשטעלן זיך אַביסל פון דעם פייערדיקן האָגל. די גראַנאַטן האָבן אָבער אויפגעריסן די טויטע, און זיי שטיקערווייז געוואָרפן אין די פּנים׳ער פון די לעבעדיקע. ביז ס׳איז געוואָרן אונמעגלאָך זיך צו שיצן מיט די טויטע און מיר האָבן באַשלאָסן צו „חבר׳ן״ זיך מיט זיי אין די שוץ־גריבער...

אויף דעם צווייטן טאָג האָבן די דייטשע גראַנאַטן אויפגע־

ריסן אונזערע צוויי קוילנוואַרפער „סענט־עטיען" און פאַרשאַטן אַכט מענטשן וואָס זיינען דערביי געשטאַנען. געבליבן זיינען נאָך פיר אויף דעם גאַנצן שטח צו באַשיצן די טראַנשייען. אמת, אין די טראַנשייען האָבן זיך געפונען נאָך אַ פּאָר געווער־מאַ־שינען וואָס די דייטשן האָבן איילנדיק איבערגעלאָזט, אָבער די מאַשינען זיינען געווען „מאַקסים'ס," צו וועלכע ס'איז נויטיק געווען וואַסער (דאָס וואַסער האָט מען גדאַרפט אריינגיסן אין רעזערוואואַר פון קאַנאָן־רער; אויב ניט, איז געווען אַ געפאַר, אַז די רער זאָל פּלאַצן), אָבער אַזוי ווי קיין וואַסער האָבן מיר ניט געהאַט, האָט מען זיך מיט זיי ניט געקאָנט באַנוצן.

דעם דריטן טאָג זיינען ווידער צעשמעטערט געוואָרן צוויי „סענט־עטיענען" און איינער איז צעשעדיקט געוואָרן. פון דער קאָמפּאַניע איז געבליבן קוים אַ פערטל, נאָר אַזוי ווי ס'איז געבליבן ניט מער ווי איין קוילנוואַרפער, זיינען געווען גענוג מענטשן פאַר אים. אָבער אַזוי ווי ס'איז געבליבן איין־איינציקער ציטעריקער „סענט־עטיען," האָט מען זיך געמוזט איבערבעטן מיט די דייטשע „מאַקסים'ס." דאָס איז אָבער ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען: אייניקע האָבן שוין אָנגעהויבן צו זשאַווערן פונם ליגן אַ פּאָר טעג אָן אַרבעט, אַנדערע זיינען געווען פאַרשאָטן פון דער ערד וואָס די גראַנאַטן האָבן אויף זיי אָנגעוואָרפן. מיט גרויס מי האָט זיך אונז איינגעגעבן צו שטעלן אין באַוועגונג צוויי „מאַקסים'ס" — שוין אָן וואַסער, אַ ברירה האָט מען געהאַט?

אָבער ד אָ ס „גליק" האָט אויך ניט לאַנג געדויערט.

דעם פערטן טאָג האָבן די דייטשע גראַנאַטן „ליקווידירט" אויך די „מאַקסים'ס" צוזאַמען מיט די פּאָר סאָלדאַטן וואָס האָבן מיט זיי געאַרבעט. געבליבן זיינען עטלאַכע סאָלדאַטן מיט דער לעצטער געווער־מאַשין — מיט דעם „סענט־עטיען" — וואָס האָבן איינגעהאַלטן די פּאָזיציע און אָפּגעשלאָגן אַלע פּרוואוון און אַטאַקעס פון די דייטשן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין משך פונם טאָג.

דעם פינפטן טאָג איז דער עיפּוש פון די טויטע געוואָרן אומפאַרטרעגלאַך, ס'האָט ממש פאַרשלאָגן דעם אָטעם. אַ פּאָר פאַרוואונדעטע האָבן זיך ביי אונז געבעטן זיי צו ראַטעווען —

זיי געבן אביסל וואסער זיך צו דערקוויקן... ענדלאך, האבן די פאר סאלדאטן פון דער שיסער־קאמפאניע נומער 57 גענומען „רעוואלטירן" און געפאדערט איינס פון דיביידע: אדער זיך איבערגעבן צו די דייטשן, אדער פרואוון „בגנבה" פארלאזן די פאזיציע. דערוויל איז דער לעצטער פארטיידיגונג־כליזין אויך אונטערגעגאנגען: דער „סענט־עטיען" האט אויפגעהערט צו פונקציאנירן. האט מען גענומען זיך רוקן אויף די בייכער צום איינציקן ארויסגאנג, כדי אנטרונען צו ווערן פון דעם גיהנום...

איינער פון דער קאמפאניע שיסער איז ארויפגעקראכן אויפן פאראפעט און גענומען נישטערן צווישן די טויטע. ער האט געבראכט צוריק א פינגער פון א טויטן, אויף וועלכן ס'איז געווען א גאלדן הייראטס־רינגעלע. ער האט אויך געבראכט א זילבערנעם זייגער. א צווייטער, האט זיך מתקנא געווען און איז אויך ארויפגעקראכן; אבער אים האט שנעל געטראפן א קויל און ער איז געפאלן טויט. אט דער פאל האט אונז געצוואונגען זיך ארומצוקוקן, און מיר האבן דערזען ארום אונז א גאנץ פעלד מיט טויטע... צווישן די טויטע דערזען מיר מיטאמאל ווי א קאפ הויבט זיך אויף, טוט זיך א דריי און פאלט ווידער אוועק צוריק. אין א וויל ארום האט זיך דער קאפ ווידעראמאל אויפגעהויבן; דאס מאל האט מען דייטלאך געקאנט זען צוויי ווילדע, גרויסע אויגן ארויס־סטארטשען פון א שווארצן קאפ און א פנים פארזוימט מיט א שווארץ בערדל. פון די אויגן ביי אים האט ארויסגעשריען אן איבערמענטשלאך ליידן. ס'האט גענומען האגלען מיט פייער, מיר האבן געמוזט באשיצן אונזערע קעפ און זיך איילן צו פארלאזן די פאזיציע. מיר זיינען פארקראכן צום ארויסגאנג און דורך דער צייט זיינען שוין געווען געפאלן א היבש ביסל טויטע. א פאר פארוואונדעטע האבן אונז געווארנט ניט דורכצוגיין די עפענונג, ווייל די דייטשן שיסן פון די קוילנווארפער זייער נידריק. האבן מיר גענומען פארזיכטיק צונויפשארן די טויטע אויף ביידע זייטן און זיך אזוי פאמעלאך ארויס'גנב'ענען דורך דעם סכנה'דיקן פלאץ.

ווען מיר האבן אנגעטראפן אויף דייטשע טראנשייען מיט ספעציעלע שוץ־גראבנס קעגן באמבארדירונג, האבן מיר אביסל

אויפגעלעבט. אין איינעם פון אזא גראבן האבן מיר דערזען אזא בילד: פון א בערגל מיט דייטשע טויטע, שטעקט ארויס א קאפ פון א זיצנדיקן; דאס פנים איז בלוי ווי א מילץ, די אויגן מורא׳דיק ווילד, די צונג ארויסגעשטעקט און א שוים רינט פונם אפענעם מויל. דער קאפ דרייט זיך אהין און אהער, ווי ביי אן אטאמאט.

— ער לעבט נאך! — רופט זיך אפ איינער פון אונזערע.

— פינף מעת־לעת אין אזא צושטאנד... פינף מעת־לעת אליין צווישן דעם בארג טויטע, מיט דער האפנונג צו דערזען א לע־בעדיקן!...

## כא

# שטרויכלונג

## (פון א ברייוו)

איינמאל, שטייענדיק אויף מיין פאסטן, האב איך געהערט א בת־קול פון די הימלען, און די בערג האבן איבערגע׳חזר׳ט יעדעס ווארט:

„גיי אין טאל פון יזרעאל און זאמל צונויף די דרייסיק טויזנט העלדן פון אפרים, די וואס האבן ניט געוואוסט אז דער קץ זאל קומען, נאר האבן אים געבראכט; די, וואס האבן ליבערשט אויסגעקליבן דעם הונגער־טויט אין די ברענענדיקע מדבריות איידער דעם קנעכטישן „סיר הבשר" אין מצרים — און צוטייל זיי אויף דריי מחנות. גיב יעדן א טאפ און אין יעדן טאפ לעג אריין א פייערדיקע האלאוועשקע און צעברעך עס אויף די קעפ פון דיינע שונאים. נעם מיט אהוד׳ן און גדעון, די טאפפערע פרויען דבורה און יהודית און אויך דעם פרינץ יהונתן מיט זיין וואפן־טרעגער... זיי וועלן דיר צונויף־קומען צו פארטומלען א גאנצע מחנה פון דיינע פיינט. גיי צו די טויערן פון ירושלים, זאמל צונויף די אלטע טאפפערע גבורים, די, וואס האבן פאר־טיידיקט די טויערן פון דער שטאט און אויך די ניין־און־דרייסיק העלדן וואס האבן צווישן זיך גורל געווארפן, ווער עס זאל שטארבן — כדי ניט אריינצופאלן לעבעדיקערהייט אין די הענט פון די שונאים. א, די ניין־און־דרייסיק!... דעם פערציקסטן לעבעדיקן מת לאז לויפן, זאל ער פאראטן... און חרטה האבן. זאלסט אויך צונויפנעמען די, וואס האבן זיך לעבעדיקערהייט געווארפן אין די פלאמען פון בית המקדש, די אלע, וואס האבן געקריצט מיט די ציין אויף זייערע פייניקער און זיינען געשטארבן מיטן ווארט „נקמה" אויף זייערע ליפן... אט די אלע זאלסטו צו־נויפנעמען און זאלסט מיט זיי נידערן אין דעם לאנד פון שפא־ניע, און אויך דארטן זאלסטו צוזאמענגנעמען די, וואס זיינען געשטארבן פאר זייער גאט, פאר זייער פאלק; די, וואס האבן

אויסגעקליבן דעם „אויטאָ־דע־פע״ און מוחל געווען די טויט־לען: „דאָן״ און „סיניאָר״; אויך די, וואָס זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צו וואַנדערן און זיינען אונטערוועגנס אויסגעקומען פון הונגער, קעלט און קראַנקהייטן. נעם זיי צונויף, די קדושים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, פון רוים, פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און עסטרייך און אויך די צוויי טויזנט פון טולטשין, וואָס האָבן זיך אַנגעטאָן אין תכריכים, צוגעגרייט צום טויט, ווען זייערע ברידער, די פּאָליאַקן, האָבן זיי פאַרראַטן; אויך דאָס עלדישע מיידל, וואָס האָט זיך געלאָזט דערשיסן פון קאָזאַק, כדי פּטור צו ווערן פון איר שאַנדע, — אויך די זאָלסטו נעמען מיט זיך. און די פרומע, עלדישע שמשים, וואָס האָבן ניט איינמאָל מקדש השם געווען; דעם קישענעווער שמש און די העקערס, וואָס זיינען געווען אויף דער וואַך זאָלסטו ניט פאַר־געסן. נעם אויך דעם יונגן סטודענט, וואָס האָט אַזוי אומגע־לונגען פאַרוואונדעט דעם קישענעווער כוליגאַן; לערן אים אויס בעסער צו האַלטן געווער אין האַנט: ס׳זאָל מער מיט אים אַזאַ שטרויכלונג ניט געשען. נעם מיט די אַלע העלדן פון אַדעס, וואָס זיינען געפאַלן אויף דער גאַס, קעמפנדיק ווי די לייבן, און די פערצן גבורים, וואָס האָבן זיך געלאָזט קיין קיעוו פאַרטיידיקן זייערע ברידער און זיינען אומגעקומען אויפן וועג. אָט די אַלע זאָלסטו נעמען און זאָלסט איינטונקען די צוויי פינגער אין דעם נביא׳ס זודיקן בלוט, וואָס וויל זיך ניט איינשטילן, און זאָלסט זיך שטעלן אַזוי, אַז דו זאָלסט קאָנען שפּריצן אין צוויי זייטן פון דער וועלט, און עס זאָל זיין פיר, און דאַן זאָלסטו בלאָזן שופן און זיך לאָזן אין מלחמה, און דו וועסט בייקומען דיינע פיינט!

— „איך האָב געפאָלגט, פאָטער. און מעגסט זיך פאַרגינען אָנצוקוקן, וואָס פאַר אַ גרויסע מחנה, וואָס פאַר אַ גרויסע אַרמיי עס איז זיך צוזאַמענגעקומען און ווי שיין זי איז! נאָר וויסטו וואָס, פאָטער, איך וויל זיך מיט דיר באַראַטן, וואָרים פאַר מיר אַליין איז דאָס אַ צו־גרויסע אויפגאַבע, אַ צו־שווערע — וועסטו מיר מוזן העלפן. ווייסטו ווער עס איז צוגעקומען — חנה מיט אירע זיבן זין... זי האָט דערהערט אַזאַ זאַך, ווי קדוש השם, איז זי געקומען צולויפן: „נאַ, זאָגט זי מיר, די זיבן זין מיינע... איך האָב מער גאָרנישט... אויך איך וועל מיטגיין, וואוהין מען

דארף," און נאָך אַזוי פיל שיינע, אונבאַזאַנטע אידישע טעכטער...

„אָבער וואָס זאָל איך טון מיט די פיר הונדערט טויזנט אי־דישע סאָלדאַטן אין רוסלאַנד? און מיט די פרייוויליקע און גע־צוואונגענע צוואַנציק ריבות, וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד, עסטרייך, ענגלאַנד, טערקיי, פראַנקרייך און איטאַליען? וואָס טוט מען מיט דער אַרמיי פון זעכציק ריבות, וועלכע קאָנען מיר מער שאַדן ברייננען ווי העלפן? און מיין נישט, אַז דאָס איז אַ פּוסטע, שוואַכע אַרמיי: איינס־און־איינס געקליבענע בחורים־גבורים, וועלכע קאָנען אָט די קונסט פון מלחמה... נאָר ווי אַזוי גיט מען זיי צו פאַרשטיין, ווי אַזוי? — —

„זעסטו פאָטער: איצט וויין איך שוין ניט מער; איך קאָן שוין אַלעס איבערטראָגן און ניט וויינען... אפילו פּאָגראָ־מען. יאָ, פּאָגראָמען... מער נישט — מיינע חברים סוד'ען זיך אַלע ווײַלע הינטער מיינע פּלייצעס... און מיר אין די אויגן זאָגן זיי, אַז איך זאָל זיך מעלדן קראַנק... איך פיל זיך געזונט ווי אַ ריז... איך האָב זיך נאָך קיינמאָל קראַנק ניט געמאָלדן... נאָר איינ־מאָל, ביינאַכט, איז שיער אַן אומגליק געשען: שטייענדיק אויף דער וואַך האָב איך זיך אַזוי צושריען, אַז די דייטשן האָבן גענומען שיסן... און אין דעם אַלעמען איז געווען שולדיק מיין שרייען, מיין פּילדערן... דאָס האָב איך אָפּנים אַזוי אויסגעמושטירט מיין אַרמיי."...

דיין לעצטער בריוו, וואָס דו האָסט מיר געשיקט, האָט מיך שטאַרק געפרייט. דיין ברכה האָט מיר פיל געהאָלפן: „דער גאָט פון דניאל, חנניה, מישאל ועזריה, זאָל דיר שטיין אין דיינע נויטן, מיין קינד! ער, דער גאָט פון אונזערע נביאים, ער זאָל דיר היטן און שיצן פון די אַלע, וואָס ווילן דיר שלעכטס טון!"

„יישר כח, טאַטע! אָט דעם גאָט נעם איך אָן! דער גאָט פון מאַרטירער, פון קדושים, איז ניט דער גאָט פון אושפּיזין, דער גאָט פון די גלאַטע, שיינע אידן... אַ, דער גאָט פון אונזע־רע נביאים — ער איז ווירקלאָך גרויס, מעכטיק און דערהויבן. ער וויל נישט קיין תפילות... ער האָט פיינט קנעכט... ער זוכט ניט קיין כאַבאַר... דאָס בלוט און פעטס פון די אָקסן וועלן אים ניט איבערבעטן... ער איז אַ גאָט און האָט ליב מענטשן, אָט די מענטשן וואָס קענען זיך מקריב זיין פאַר אַ גרויסן אידעאַל.

## כב

# פרידמאַן׳ס בריוו צום פּאַטער

„ליבער, האַרציקער פּאַטער! איך רעכן, אַז ס׳וועט דיך ניט איבעררעשן, ווען איך וועל דיר שרייבן, אַז איך בין געוואָרן אַ סאָלדאַט, דערצו נאָך אַ פרייוויליקער. איך האָב זיך געלאָזט אָפּשערן די לאַנגע האָר, מיט וועלכע איך פלעג אַזוי שטאָלצירן, אויסגעטאָן דעם שוואַרצן האַלז־באַנד מיט דער „טויטן־קאָפּ״ שפּילקע, און זיך אָנגעטאָן אין אַ בלויען מונדיר מיט רויטע הויזן (דער איינציקער צייכן וואָס איז פאַרבליבן פון רעוואָלוציאָנערן פראַנקרייך), אַ גאַרטל אויף די לענדן, אַ שווערד אויפן גאַרטל — און אַזוי זע איך ריכטיק אויס, ווי איינער פון די „זעכציק וועכטער״ פון שלמה המלך. איך האָב פאַרבויגן מיין וועגעטאַריאַניזם — אַנדערש וואָלט איך גאָרניט געטויגט פאַר זיי. דאָס געבאָט „לא תרצח״ האָב איך אַרומגענומען מיט צוויי האַלבע לבנות. אַז מ׳וועט וועלן וועט מען דאָס אין דער צוקונפט לחלוטין קענען אויסשטרייכן...

„יאָ, יאָ! אַזוי איז דאָס, האַרציקער טאַטע! מ׳וואָלט זיך דען געריכט און געגלויבט, אַז אין צוואָנציקסטן יאָרהונדערט זאָל זיך מאַכן אַזאַ חורבן? איז דאָס אפשר ניט די לעצטע מלחמה פון גוג ומגוג? אויב אַזוי, איז שוין באַלד אַלעם כדאי, נאָר ווער ווייסט?...

„דערווייל בין איך אַ סאָלדאַט, איך וויל גלויבן, אַז דו ביזט דער איינציקער, וואָס וועט געוויס מיך ריכטיק פאַרשטיין. דו וועסט געוויס ניט זיין ווי די אַנדערע און מיך פרעגן: פאַר־וואָס? וואָס פלוצלונג? פאַר וועלכן צוועק? — ווייסטו, טאַ־

טע, אז אין פּאַריז, די צווייטע אַטענע, וועט מען איצט מוזן מיט אַ לאַמטערן אין מיטן העלן טאָג אַרומגיין און זוכן אַ מענטשן... אַ משוגעת האָט פאַרכאַפּט יעדן איינציקן: ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין־וחשבון, האָט יעדער זיך אָנגעפילט מיט האַס, נקמה און פּאַטריאָטיזם...

„איבערהויפּט איז די לאַגע פון די פרעמדע אידן אַ פאַר־צווייפלטע. אַלע לויפן אַרום ווי די דערשראָקענע, צוטומלטע שאָף, וואָס זיינען פאַריאָגט געוואָרן פון בייזע וועלף. באַלד ווי די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע האָט אויסגעבראָכן, האָסטו גע־טראָפן אויף שריט און טריט צוטראָגענע, פאַרצווייפלטע אידי־שע פּנים'ער מיט גרויסע פראַגע־צייכנס אויף די שטערנס: וואָס טוט מען?... וואָס זאָלן מיר טאָן? וואָס דענקט איר צו טאָן? און אָט די צוטומלטע געזיכטער און פראַגן האָבן מיך אויך גע־בראַכט צו פאַרצווייפלונג...

„און וואָס וואָלט געווען, צוריק רעדנדיק, אז מיר זאָלן ניט גיין? — פאַנגראַמען? שרעק זיך ניט, פאַטער! ניט אַזעלכע, חלילה, ווי אין צאַרישן רוסלאַנד; דאָ וואָלט עס געטראָגן אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער: די פראַנצויזישע פרויען, וועמענס מענער זיינען אַוועק שטאַרבן פאַר „זייער" לאַנד, וואָלטן באַ־פאַלן אין מיטן גאַס די „פרעמדע" מענער, און געשלאָגן, גע'־מימת'ט, פאַרוואָס זיי דרייען זיך אַרום, אין דער צייט וואָס זייערע אייגענע מענער, — פאַטערס און ברידער, שלאָגן זיך אויף די פראָנטען. אַזאַ פּאָגראָם וואָלט געווען אַ גרעסערע שאַנד איבערצולעבן, ווי געקוילעט צו ווערן פון אַ כוליגאַן אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ קעלער... און וואָס נאָך מער האָט מען געקענט טאָן ווי מאַכן באַריקאַדן און פּראָטעסטירן קעגן קריג? האָבן אָבער דעם לעצטן שבת פון 31-7 די שווערדן פון די אַרדנונגס־היטער געגעבן ביטער צו פילן דעם טעם פאַר זיך קעגנשטעלן דעם שרעקלאַכן גאָט פון מלחמה...

„וואָס נאָך האָט מען געקענט טאָן? — אַנטלויפן זיך רעטן פון דעם שרעקלאַכן אומגליק? דאָס וואָלט געווען שוין איבער מיין קראַפט, קעגן מיין געוויסן. אייביק וואָלט איך זיך ניט געקענט מוחל זיין אַזאַ האַנדלונג, אַזאַ פּחדנות... אין דער

צייט, ווען מיליאָנען נפשות זיינען אין געפאַר, גאַנצע פעלקער טרינקען זיך אין בלוט — זאָל איך זיך אויסהיטן און אין זינען האָבן זיך צו ראַטעווען?

„— און וואָס וועט זיין, אַז דו וועסט שוין אויך אומקו־מען; וועט די וועלט דען געהאָלפן ווערן?

„אַזעלכע און אַנדערע ספקות קאָנען מיך ניט איבערצייגן. אַזעלכע אַרגומענטן נוצט מען בלויז אויס, כדי זיך אָב'פּטר'ן פון דעם פלאַגנדן געוויסן. אָבער איך וויים, אַז לידן לייטערן אויס דעם מענטשן, און ווען איך וועל זיין מיט זיי און וועל זיי העלפן טראָגן דעם שווערן מאַרטירער־קרייץ, בלוטן מיט זיי צוזאַמען, וועט דאָס פאַר אַלע זיין אַ טרייסט און פאַרגרינגערן זייערע לידן און ווייטיקן. אויב איך קאָן ניט העלפן די מענטשן, דורך איבערצייגן זיי וועגן אַ שענערן, בעסערן לעבן, ווען קיינער וועט קיינעם ניט אומברענגען — דאַן וויל איך בעסער אומ־קומען — שטאַרבן צוזאַמען מיט זיי...

„איינער, אַן אידעאַליסט, וואָס איז געגאַנגען העלפן פראַנק־רייך קעגן דייטשלאַנד, האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן, דורכגייענדיק דעם פּלאַץ קאָנקאָרד, ביי דער סטאַטוע פון שטראַסבורג: „קוקט זיך גוט צו, ווייסט איר וואָס דאָס איז פאַר אַ סטאַטוע?" — „שטראַסבורג!" — ענטפער איך. „דערפאַר גייען מיר אַלע אַצינד זיך שלאָגן און זי אומקערן צו איר פאָטערלאַנד און שטאַם." דאָס זאָגנדיק, האָט ער אַרונטערגענומען זיין הוט און אויסגעשריען: „זאָל לעבן פראַנקרייך! זאָל לעבן עלזאַס לאָ־טארינגען! זאָל לעבן שטראַסבורג!"

„אָט דער ענטוזיאַסט האָט מיר געוואָלט מאַכן צו פילן, אַז ס'איז נויטיק זיך גיין שלאָגן פאַר שטראַסבורג.

„איך, דעם אמת זאָגנדיק, בין געווען זייער, זייער ווייט פון אַזעלכע געפילן, און איך האָב געזען אין דעם פייערדיקן פּאַטריאָט — דעם סימבאָל פונם העלדישן אידן, וואָס איז זיך מקריב פאַר דער באַפרייאונג פון פראַנקרייך אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, אין פוילן — אין די יאָרן פון 31 און 63 און אין אַלע רעוואָלוציאָנערע עפּאָכן פון רוסלאַנד...

„אין אים איינעם האָב איך זיי אַלע געזען. איך האָב אָבער

ניט געקאַנט זיין אַזוי ענטוזיאַסטיש, ווי ער, ווייל איך האָב צו־גוט געוואוסט, אַז די, מיט וועלכע איך וועל זיך טרעפן אין שלאַכט, זיינען אויך אַזוי פיל שולדיק אין קריג, פונקט ווי איך און די אַנדערע מיליאָנען וואָס גייען ווי די שאָף צום שעכטן. און אויך די פראַנצויזן, דייטשן, טערקן און ענגלענדער, וועלן אַזוי פיל האָבן פון דעם זיג, פונקט ווי איך און נאָך טויזנטער אידן צוזאַמען... נאָך מער, איך האָב צו־גוט פאַרשטאַנען, אַז אויסער דעם וואָס איך וועל זיך מוזן שלאָגן מיט דייטשן, עסט־רייכער, טערקן און בולגאַריער, וועלכע האָבן מיר קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן, — וועל איך זיך נאָך דערצו מוזן שלאָגן מיט מיינע אייגענע ברידער, אַזעלכע געפּלאָגטע, פאַרפאָלגטע, פאַרשטויסענע אידן, ווי איך, וואָס האָבן געמוזט פונקט אַזוי האַנדלען ווי איך און אַנדערע טויזנטער געצוואונגענע און פריי־ווילקע קעמפער, אַזעלכע וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון רוסלאַנד און רומעניע, פאַרפאָלגט געוואָרן אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, באַליידיקט און פאַרשטויסן געוואָרן פון אומעטום.

,,און ווי האָב איך איבערהויפּט געקאָנט ווערן מיטגעריסן אין שרעקלאַכן שטראָם פון ווילדן האַס און נקמה, אין דער צייט, ווען איך האָב אַזוי ליב די דייטשן ווי די פראַנצויזן, די ענגלענדער ווי די טערקן — מיר, זיינען זיי אַלע ליב און טייער, מעגן זיי זיין שוואַרץ, ברוין, רויט אָדער געל! — אַלע, אַלע וואָס דיינקען, ליידן, שטרעבן און קעמפן פאַר זייער עקזיסטענץ, די, וואָס ווערן פאַרפאָלגט, געמאַטערט, פאַרטריבן פון ,,זייער" לאַנד, פונקט אַזוי ווי איך און אַנדערע, וואָס האָבן ניט קיין אייגן לאַנד...

,,און, פונדעסטוועגן, מיין טייערער פאָטער, בין איך איצט אַ סאָלדאַט, און דערצו אַ גוטער, פּייאיקער און געשיקטער, בראַ־ווער סאָלדאַט! אַלע געבן עס צו, אַז איך בין דער ,,ריכטיקער," וואָס ווערט פאַרלאַנגט און וואָס ,,פערעבענדעוועט" ניט...

,,און ווידער, האָב איך דען נאָכאַלעמען געקאָנט אַנדערש מאַכן? — בלייבן אין פּאַריז אויף גאָט'ס באַראָט, זיך אָנגרייטן צוקער, ברויט, קאַווע און דערצו אַ פּאָר זילבער־און גאָלד־שטי־קער, אַז ווען די דייטשן וועלן אַריינקומען אין שטאָט, זאָל זיין

פאר וואס זיך קויפן עסן? — אט אפילו אזא אומשולדיקע זאך האב איך ביי זיך ניט געקענט פועל'ן. מיך האט געטריבן צום שטראם... וואס, וואס — איין זאך האב איך יא צו פארדאנ־קען מיין סאלדאטישן מונדיר: איך וויין שוין כמעט גארניט. דאס הארץ, פיל איך, ווערט פון טאג צו טאג שטארקער, האר־טער, שטייפער און פעסטער. איך רעכן און האף, אז מיט דער צייט וועל איך ווערן דער ריכטיקער „מאן,״ וואס איז נויטיק פאר דער וועלט: א מענטש מיט כאראקטער. די מלחמה אי־בונגען וועלן פלינקער מאכן מיינע הענט און אויך צוגעוואוינען מיך ארויסצושטעלן די ברוסט אנשטאט בויגן דעם רוקן... אצינד וועל איך זיך ריכטיק אויסלערנען צו פעכטן מיט די אמת'ע שונאים פון פאלק...

„יא, יא! מען מוז זיך לערנען צו פירן מלחמה, ווייל מלחמות וועלן נאך זיין און זיין... דאס איז נאך ניט די לעצטע שלאכט... ניין, טייערער טאטע! איך רעד זיך דאס גארנישט איין, און ווייסט פארוואס? ווייל מיט מלחמות וועט מען קיינ־מאל ניט אפשאפן קיין מלחמות! איך ווייס דאס זייער גוט, און דארום לערן איך זיך פירן מלחמה.

„דאס לעצטע מאל, וואס איך האב נאך געוויינט, איז געווען אין פאריז, ביי דעם ליאנער באן־הויף, ווען א גאנצע מחנה אידן האט אונז באגלייט צו דער באן־סטאנציע. איינער, אן עלטערער איד — ער שטייט מיר נאך פאר די אויגן — מיט א ברייטער, גרויער, לאנגער בארד, האט געטראגן א אידישע פאן מיט א מגן־דוד און געזונגען די „התקוה.״ אט דאס בילד האט ביי מיר ארויסגערופן טרערן — פון פרייד.״...

# כג

# „מיר זיינען אין ירושלים"

סאָלדאַטן: מאַרשירנדיקע, שווער־באַלאָדענע, — אַ קאָמפּאַניע נאָך אַ קאָמפּאַניע, אַ באַטאַליאָן נאָך אַ באַטאַליאָן, — זיינען מיר פאַרבייגעגאַנגען אַ קרייצוועג אינמיטן פעלד, ביי וועלכן עס זיינען געזעסן צוויי זעלנער, אָפּגעשטאַנענע, צוריקגעבליבענע פון זייער קאָמפּאַניע:

פרידמאַן מיט זיינעם אַ פריינט.

— מיר זיינען אין ירושלים!

— מיר זיינען אין ירושלים!

אָט די אויסרופן זיינען געווען געווענדט צו פרידמאַנען — פון די פאַרביימאַרשירנדיקע סאָלדאַטן.

טרויעריקע, אָפּגעהאַקטע שטימען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט ווי פאַרלוירענע, בלאָנדזשענדיקע קלאַנגען אין אַ פוסטן מדבר און זיינען פאַרשלונגען געוואָרן פון די מאָנאָטאָנע, שווע־רע טריט פון די מאַרשירנדיקע מחנות. אייניקע סאָלדאַטן האָבן געמורמלט עפּעס אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער; אַנדערע האָבן דורך די ציין אַרויסגעגליטשט ביטערע פאַרוואורפן, און די אי־בעריקע האָבן עס אונטערגעכאַפּט און דורך די רייען פון די ציען־דיקע מחנות ווייטער געטראָגן.

ווי אַ סאַדיסטישע איראָניע האָט געקלונגען אָט דער דאָ־זיקער:

„נו, טאַקע. מיר זיינען אין ירושלים!"...

קניענדיק לעבן דעם אויסגעצויגענעם „מלחמה־חבר," האָט פרידמאַן פאַרזיכטיק און פּאַמעלאַך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו

דעם מיליטער, און מיט די בליקן זיינע האט ער אפגעענטפערט אויף די באגריסונגען: — „מיר זיינען אין ירושלים!"

א היימישע ווארעמקייט און א צוזאגנדיקע האפנונג האבן א שטראם געטאן אויף פרידמאנ'ען פון די דאזיקע ווערטער. לעבעדיקע, גלאנציקע פייערלאך האבן זיך אציגד געטאן אין זיינע מיט טרערן־פארלאפענע אויגן; א צופרידענער שמייכל האט זיך באוויזן אויף זיין פנים און די חן־גריבעלאך זיינע האבן נאך בולט'ער געמאכט די קנייטשן פון זיינע מוילווינקלען.

— „מיר זיינען אין ירושלים!"

אט די ווערטער האבן באפליגלט פרידמאנ'ס כח הדמיון און די פאנטאזיע האט אנטפלעקט פאר אים זיין פארגאנגענע יוגנט. ס'האט זיך גענומען אויסשיילן איין עפיזאד נאכ'ן אנדערן.

חדר־יארן... — — —

... דגל מחנה אפרים!... די העלדישע גבורים לאזן זיך פון די געצעלטן פון גושן אין מדבר אריין. מוטיק, אן פחד — ווילן זיי מקצר זיין דעם קץ...

„מיר זיינען די אויסדערוויילטע שבטים, די קינדער פון יעקב."...

א ליכטיקע האפנונג האט ביי דעם געדאנק א שטראל געטאן אין פרידמאנ'ס מח.

— און האט דען ניט געשטראלט אזוי אמאל די מחנה אויפן בארג זבולון, ווען זי האט זיך א לאז געטאן קעגן ססרו'ן? און האט דען ניט דער אלטער מתתיהו געפירט פונקט אזוי זיינע מוטיקע, העלדישע גבורים קעגן די שונאים פונם אידישן פאלק?!

— אָ, עס איז בעסער צו פאלן העלדיש, איידער געפירט צו ווערן א געפאנגענער צו דער שחיטה!...

אינסטינקטיוו האט פרידמאן זיך א כאפ געטאן פארן גע־ווער און אימפעטיק זיך א שטעל געטאן, גרייט אנצוגרייפן...

פלוצלונג האט זיך דערהערט א גערויש פון א גאלאפ. און כהרף עין האט זיך באוויזן א זייל שטויב, וואס האט זיך אזש ביז צום הימל געטראגן. א רייטער אויף א ספריטנע פערד האט זיך אנטפלעקט.

געקומען צו דעם קרייצוועג, האט דער רייטער מיט די לעצ־

טע כחות זיינע א צי־צוריק געטאָן דעם צוים, כּדי אָפּצוהאַלטן דאָס שווער־סאַפּנדיקע, יאָגנדיקע פערד.

צוויי שאַרפע, שפּיציקע שפּאָרן האָבן זיך אַריינגעקריצט אין די זייטן פון דעם פערד און אַז אָפּגעהאַקטער, הילכיקער קנאַל פון א קנוט האָט אַדורכגעשניטן די לופט.

ווי א פלינקער אָדלער, וואָס הויבט זיך אין איין אויגנבליק פון דער ערד אַפער, אַזוי שנעל און ווילד איז פונם רייטער מיט זיין פערד גאַרנישט געבליבן. א וואָלקן שטויב, און זיי זיינען ערגעץ־וואו אין דער ווייטער ווייטקייט נעלם געוואָרן...

דאָס איז געווען דער קאַפּיטאַן פון דער ראָטע.

דער דאָזיקער יונג האָט געשטאַמט פון דער שווייץ. ער איז אַריין אינם „פרעמדן לעגיאָן" אַלס פּשוט'ער זעלנער, ער האָט זיך אָבער דערדינט צו דעם ראַנג — קאַפּיטאַן. אויפן פראָנט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אייגנאַרטיקע איינ־פאַלן. און מחמת דעם פלעגט ער ארויסרופן א קנאה פון זיינע חברים און פאַרוואורפן מצד זיינע „סופעריערן".

ס'האָט ניט איינמאָל געטראָפן, אַז די קאָמפּאַניע האָט גע־האַט אויסצושטיין א סך צרות א דאַנק איר קאַפּיטאַן.

ער פלעגט די אויסגעמאַטערטע, אויסגעמוטשעטע סאָלדאַטן סתם אַזוי אַרומטרייבן דאָ אַהין, דאָ אַהער, ווי א פּאַסטוך־הונט טרייבט אַרום א טשערעדע שאָף. ס'רוב, ווען דער קאַפּיטאַן פלעגט ניט האָבן וואו אַרויסצואווייזן זיינע מלחמה־קענטנישן און זיין „טאַלאַנט," פלעגט זיין קאָמפּאַניע ווערן דאָס אמת'ע ציל־ברעט פאַר אים...

נאָך א דרייסיק טעג טראַנשיי־לעבן, נאָך דעם שווערן מאַרש מיט זאַק און פּאַק, פלעגט אומגעריכט קומען א נייער באַפעל פונם קאַפּיטאַן: זיך פּאַרטיק צו מאַכן צו דער רעוויזיע, וואָס וועט נאָך דעם זעלביקן טאָג געשען.

און יעטוועדער „מאָן" האָט געמוזט מיט דער גאַנצער אַמוניציע זיין פאַרטיק צום רעוויזיע־מאַרש.

און ווען מ'איז שוין פאַרטיק און יעדער סאָלדאַט שטייט שוין גרייט — הערט זיך דעם לייטענאַנט'ס אויסרוף:

— גאַרדע וואו!...

דאס קומט דער קאפיטאן אליין.

אלע סאלדאטן בלייבן שטיין אין צוויי גלייכע רייען פנים צו פנים. די קארפאראלן ביי זייערע אפטיילונגען, די סערזשאנטן ביי זייערע סעקציעס, און די לייטענאנטן בראש פון אלע סעקציעס. דער קאפיטאן גייט דורך און קומט צו צו דער צווייטער סעקציע, שטעלט זיך אפ לעבן פרידמאנ׳ען, גיט אים מיליטעריש א קלאפ אין דער אויסגעשטעלטער ברוסט זיינער, און זאגט צו אים, ווענדנדיק זיך צו די אנדערע:

„אט איז א מוסטער פון א בראוון סאלדאט!"

און ער רופט זיך אפ צום סערזשאנט:

„פארוואס שטעלט איר מיר ניט צו אט דעם „מאן" אלס ערשטקלאסיקן סאלדאט — פאר א קארפאראל?"

— ער וויל ניט, מיין קאפיטאן, — ענטפערט יענער, זיך אויסציענדיק גלייך ווי א סטרונע! און ער פארכאפט זיך באלד צוריק, — ער קען ניט קיין פראנצויזיש.

מיט פרידמאנ׳ען האט דער קאפיטאן זיך באקענט נאך זייענדיק אין ליאן. — ווען ס׳איז אנגעקומען אהין א נייער קאדר אפיצירן פון „סידי באלאבעס" און מען האט זיי באפוילן צוזאמענצושטעלן פון די „פרעמדע פרייוויליקע" א באזונדער פאלק פאר׳ן פראנט, איז בשעת מ׳האט צום ערשטן מאל געבראכט די רעקרוטן צום פעסטונג־פלאץ: „פאר־דע־לא־מאד," און געמאכט מיט זיי פארשיידענע איבונגען, — האט דער דארער, מיטלוואוקסיקער, יונגער פרידמאן גלייך געצויגן אויף זיך אלעמענס אויפמערקזאמקייט, מיט זיינע גימנאסטיק־קונצן און מיט זיין פערפעקטן שיסן.

אין א צייט ארום, נאך דער דאזיקער אויסצייכענונג פרידמאנ׳ס, זייענדיק אין די טראנשייען און ריכטנדיק זיך אז דעם קומענדיקן פרילינג וועט מען אטאקירן די דייטשן, איז דער קאפיטאן נאך נענטער באפריינדעט געווארן מיט פרידמאנ׳ען. איינמאל האט דער קאפיטאן זיך באטייליקט אין א ראנגל־שפיל, וואס די סאלדאטן האבן איינגעארדנט. און דאן האט ער זיך איבערצייגט, פערזענלאך, אין פרידמאנ׳ס בראווקייט און געניטקייט. ס׳איז געווען אזוי:

עטלאכע סאָלדאַטן האָבן זיך אַ נעם געטאָן ראַנגלען. דער קאַפּיטאַן האָט אויסגערופן, אַז ווער ס'וויל זאָל זיך פאַרמעסטן מיט אים אין כחות, און אַזוי ווי קיינער פון די סאָלדאַטן האָט ניט געוואַגט דאָס צו טאָן, האָט ער זיך געווענדט צו פרידמאַנ'ען:

— אַנו, קום דו אַהער!

— איך נעם אָבער אויס מיט אייך אַ תנאי, — רופט זיך אָפּ פרידמאַן צו אים, — אַז ווער פון אונז עס וועט ווערן באַזיגט, יענער זאָל באַשטעלן וויין.

— אָפּגעמאַכט! — האָט דער קאַפּיטאַן מיט אַ שמייכל מסכים געווען צו דעם תנאי. אין יענעם אָוונט האָבן די סאָלדאַטן געקראָגן מער ווי אַ „קאַר" וויין צום אָוונט־מאָלצייט. חוץ דעם האָבן זיי זיך נאָך אַ היבש ביסל „אַמוזירט" איבער דעם „אויסגעצויגענעם" קאַפּיטאַן...

אין אַ קורצער צייט נאָך דעם האָט זיך געטראָפן נאָך אַן אומגעריכטער פאַל, וואָס האָט פרידמאַנ'ען געמאַכט חשוב ביי אַלעמען אין די אויגן.

אַ געוויסן נאָכמיטאָג איז די קאָמפּאַניע אַרויס אויפן פעלד צו מאַכן „סקרים באַיאָנעט." אויסגעשטעלט איין סעקציע קעגן דער אַנדערער, איז גראָד דער ערשטער סעקציע, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג און איז געווען צוזאַמענגעשטעלט דאָס רוב פון פּאָליאַקן, — אויסגעקומען צו אַטאַקירן די צווייטע סעקציע, וואָס איז געלעגן צופוסן פונם באַרג, — אַ סעקציע פון לויטער אידן...

פרידמאַנ'ען איז אויסגעקומען צו שטיין קעגן דעם פּאָליאַק „יאַנעק וועליקאַן," (יענעם האָט מען אַזוי גערופן ווייל ער איז געווען אומגעלומפּערט הויך).

אַ באַגריף וועגן אידן האָט יאַנעק געהאַט אַ משונה'דיקן. פאַר קנאה, וואָס אַט דאָס קליין „אידל" שפּילט אַזאַ מין ראָלע אין דער ראָטע, האָט ער, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער „סקרים", זיך שוין געהאַט באַרימט פאַר זיינע קאָלעגן, אַז ער, יאַנעק, וועט אַרויסשלאָגן דאָס געווער פון פרידמאַנ'ס הענט.

און ווי נאָר עס איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל, האָט זיך „יאַנעק וועליקאַן" מיט גרויס אימפּעט אַ לאָז געטאָן צו פרידמאַנ'ען — מיט דער כונה אויסצופירן זיין „באַשלוס."

פרידמאַן איז זיך אָבער גאַנץ קאַלטבלוטיק געשטאַנען אויף איין אָרט, האָט זיין קעגנער געקוקט גלייך אין די אויגן אריין, און ער האָט געוואַרט צו זען וואָס וויטער וועט זיין...

דער דאָזיקער קאַמף האָט גלייך צוגעצויגן אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט, און אַז דער הפסקה־סיגנאַל איז געגעבן געוואָרן און אַלע האָבן זייערע ביקסן פאַרוויז צוזאַמענגעשטעלט, האָבן די „צוויי" נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין שטרייטן צווישן זיך: דער פּאָליאַק מיט שוים אויף די ליפּן, מיט צוויי ווילדע, וועל־פישע אויגן וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרצט פון אַ פאַרפלאַמט, רויט־פאַרשוויצטן פּנים, און, דער צווייטער, מיט אַ בלייכן גע־זיכט, האָט געטשאַטעוועט און מאַנעווורירט מיט זיין געווער ווי אַ מאָלער מיטן פּענזל.

אַלע שטייען אַרום זיי אין גרויס אויפרעגונג און קאָנען זיך קוים דערוואַרטן דעם סוף. — צו־לעצט איז דער קאַפּיטאַן אַליין צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן אויפן „פּאַרל."

דער פּאָליאַק, דערזעענדיק דעם קאַפּיטאַן, איז רויט געוואָרן און האָט גענומען פעכטן מיט זיין געווער אין אַלע זייטן. אָבער ווי ער האָט נאָר געוואַגט פרידמאַנ'ען נאָענט אָנצורירן, האָט זיך זיין געווער צוזאַמענגעשטויסן מיט יענעמס און איז צוריק אָפּגעשפּרונגען. דער סוף איז געווען, אַז פון איינעם אַזאַ אָפּ־שטויס, איז ביי יאַנעק'ן אַרויסגעשפּרונגען די ביקס פון האַנט.

דער קאַפּיטאַן האָט ביי דער געלעגנהייט דערקלערט פאַר אַלעמען די קונסט פון „סקרים־באַיאָנעט" און ער האָט באַהויפּט אַז פרידמאַן קאָן, אין אַן אַטאַקע, איינער אַליין באַשטיין קעגן צען אָנגרייפער.

איצט, אַז דער קאַפּיטאַן האָט דערזען פרידמאַנ'ען מיט אַ צוריקגעבליבענעם סאָלדאַט אויפן פעלד, האָט ער, דער קאַפּיטאַן, ניט איבערגערעט קיין איין וואָרט און איז גלייך אַוועקגעריטן צוריק צום פראָנט.

אַז די צוויי חברים זיינען אַליין געבליבן ליגן אויף דעם ברייטן פעלד־שטח, לעבן קרייץ־וועג, האָט פרידמאַן באַמערקט, ווי צוויי שווערע טראָפּנס האָבן זיך געקייקלט אַראָפּ אויף די באַקן פון זיין חבר. און כדי יענער זאָל ניט זען, אַז ער מערקט זיין

שוואכקייט, האָט פרידמאַן פאַרדרייט דעם קאָפּ אין אַ זייט און האָט אָפּגעווענדט זיין בליק ערגעץ אין דער ווייטער ווייטקייט אריין.

לאַנג־פאַרשלאָפענע זכרונות האָבן זיך געפּלאָנטערט אין פרידמאַנ׳ס מוח און ווי געשפענסטער האָבן זיי זיך געטראָגן פאַר זיינע אויגן.

איין עפּיזאָד וואָס האָט זיך שטאַרק אריינגעקריצט אין זיין זכרון און ער באַגלייט אים זיין גאַנץ לעבן לאַנג, איז ארויפגע־שוואומען אין דעם מאָמענט נאָך בולט׳ער, ווי בעת עס האָט פּאַסירט פאַר זיינע אויגן צום ערשטן מאָל:

זייענדיק אַ אינגל האָט אים זיין טאַטע געהאַט מיטגענומען אויף אַ גאַר־אַלטן, פאַרלאָזענעם בית־עלמין. די קברים זיינען שוין איבער דער העלפט געווען איינגעזונקען און פאַרוואַקסן מיט גראָז און מיט מאָך. די מצבות, אָפּגעווישטע און אָפּגע־מעקטע, אַזוי אַז קיין איינציק וואָרט איז ניט געווען צו דערקע־נען אויף זיי. ביי איינעם פון אַט די דאָזיקע איינזאַמע קברים האָט זיך דער פאָטער מיט אים אָפּגעשטעלט און געזאָגט: ,,קוק זיך גוט איין, מיין קינד, אַט־אָ־דאָ ליגן צוויי קדושים, וואָס האָבן זיך מקריב געווען אויף קדוש השם אין דער צייט פונם רוצח באָגדאַן כמעלניצקי. זיי זיינען געווען צוויי באַהעלפערס. מען האָט זיי באַשמירט מיט סמאָלע און מען האָט זיי פאַרברענט טאָקע אויף אָט דעם פּלאַץ. ערשט אין אַ צייט ארום האָבן אידן זיי געבראַכט צו קבר־ישראל און האָבן ארום דעם דאָזיקן אָרט געמאַכט אַ בית־עולם. — דער טאַטע האָט זיך אַ ווײַלע פאַר־טראַכט, שווער אָפּגעזיפצט, און האָט צום סוף געזאָגט: ,,דאָס איז אַ גרויסע מדרגה, מיין קינד; נאָר אַזעלכע גרויסע צדיקים ווי די ,,עשרה הרוגי מלכות" האָבן זוכה געווען צו אַזאַ ,,שיי־נעם טויט."

פון דעמאָלט אָן איז פרידמאַנ׳ס העכסטער וואונטש גע־ווען צו דערגרייכן אָט יענע ,,קדוש השם"־מדרגה און ער האָט געשטרעבט זיך מקריב צו זיין פאַרן גרויסן מענטשלאַכן אידעאַל.

איז ער דערפאַר טאַקע, נאָך אַלס יונגער אינגל אריינגע־טראָטן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

און דא, גאר פלוצלונג, כאפט זיך פרידמאן אז ער געפינט זיך גאר אויף דער ערד פון שאמפאן. דאס וויגעלע פון די „נושאי הצלב." פעטער פון אמיען... די אסיפה פון קלערמאנט... דער פאפ אורבאן... דער הייליקער בערנארד... דער גלח רודאלף... דער ריטער גאטפריד פון בוליאן... דער מאַגיסטער גאטשלאג... א לאנגע קייט פון הריגות, רציחות, פייניגונגען... קדוש השם... די בעלי התוספות... ער זעט דאס אלץ, ממש, ווי עס וואלט איצט פאר זיינע אויגן פארגעקומען... א צעיושעטער, ווילדער המון שלעפט אונ'ברחמנות'דיק א זקן איבער א פוסט פעלד... א געליארעם פון באנומענע קולות:

— מיר וועלן זיי ברענען!

— מיר וועלן זיי בראטן!

— וואוהין? — צו דער גאלגאטא! צום מארטירער־קלאץ!

דער זקן האלט זיינע גרויסע, קלארע אויגן אפן. הויבט זיי אויף צום הימל און זאגט:

— פאר דיין כבוד וועגן! קדוש! רבינו יעקב תם...

דער המון „פייערט" ווייטער זיין ארגיע:

— מיט פייער און מיט שווערד!

— פארטיליקן דעם שטן...

פרידמאן הערט ווי דער המון בושעוועט, ווייזט זיך אים אוים אז א שווערער מורא'דיקער שטיין ליגט אים אויפן הארצן.

א שראפנעל האט ניט ווייט געפלאצט. דער ערשטער געדאנק ביי פרידמאן'ען איז געווען: דער חבר! באמערקנדיק די צוויי גלאנצנדיקע וואסערלאך אין יענעמס אויגן און שפורן פון האלב־פארטריקנטע טרערן אויף זיינע באקן, — האט פרידמאן, פאר'עקשנ'ט, אפגעווענדט זיין בליק פון אים און אפגענויגט דעם קאפ אן א זייט. גאנץ אנדערע מחשבות זיינען ארויפגעשוואומען אין פרידמאנ'ס זכרון.

ער דערמאנט זיך: איינמאל, גייענדיק פון א טעאטער אהיים, האט אים דערנעלביקער חבר א פרעג געטאן: — „וואס האסטו זיך צעוויינט? ביזט א קינד — וואס א פארשטעלונג זאל דיך מאכן צו וויינען?"

דאמאלס האט ער דעמדאזיקן חבר גארניט געהאט וואס צו

ענטפערן אויף דעם. ביי זיך האָט ער געטראַכט אַז דער חבר זיינער איז טאַקע גערעכט: ער איז אַ סענטימענטאַלע בריאה.

און מיט וואָס קען ער דערקלערן וואָרום די טרערן האָבן זיך געגאָסן ביי אים קעגן זיין ווילן, בעת ער האָט געזען דעם גרייז־גרויען אידן אויפן ליאָנער וואָקזאַל, ווען יענער האָט געטראָגן די וויס־בלויע אידישע פאָן און געזונגען די התקוה און אַזוי אַרויסגעבאַגלייט די אידישע פריוויליקע פון דער שטאָט?...

שמחה־טרערן איז דאָס געווען, טרייסט ער זיך... און וואָס האָט ער זיך אַמאָל, אין זיינע יונגע יאָרן, באַגאָסן מיט טרערן ביי די ווערטער פונם חזן: „ותולדותם שפכו דמם כמים" — בענטשנדיק גשם?...

און אַצינדערט, שוין אַזאַ היבשע צייט נאָך דעם, איז ווען ער דערמאָנט זיך אין דעם, פילט ער ווידער ווי טרערן שטיקן אים...

און נאָך דערמאָנט ער זיך:

פאַרנדיק אין אַ באַן, האָט זיך איינער פון די חברים צעוויינט און ער, פרידמאַן, קוקנדיק אויף יענעם, האָט זיך אויך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן פון טרערן. אָבער דער זעלביקער חבר, אָט דער וואָס ליגט איצט אַן אויסגעצויגענער לעבן קרייץ־וועג, און די איבעריקע אויפן באַן, וואָס האָבן געוואוסט פרידמאַנ׳ס שוואַכקייט, האָבן דאַן יענעם מיאוס אָפּגעזידלט: „אַ נאַרישע, היסטערישע אידענע! און אָט דאָס וויל נאָך זיין אַ סאָלדאַט!"...

— דאַן האָט ער זיך געגעבן דאָס וואָרט מער ניט צו וויינען און עס מעג פּאַסירן וואָס עס וויל זיך — וויינען וועט ער ניט...

און ער קאָן זיך טאַקע קוים דערמאָנען, אַז ער זאָל ווען עס איז האָבן געוויינט אויפן פראָנט... מיט די ציין די ליפּן ביז בלוט פאַרביסן, און צו טרערן בשום אופן ניט דערלאָזט... און אַ צינד? אָ, ווי עס וויינט מיטאַמאָל זיין חבר, דער „שטאַרקער" לאָגיקער, דערצו נאָך פון אייגענע שמערצן...

און געוואוסט האָט ער, אַז אויב ער וועט איצט נעמען טרייסטן זיין חבר, ביים קרייצוועג, וועט ער אויך מוזן זיך צעוויינען — קוקנדיק אויף אים, — האָט ער די אויגן געהאַלטן אָפּגעקערט פון חבר און זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען, כדי צו פאַרטרייבן די וויינענדיקע שטימונג זיינע. וואָרים ער האָט גע־

פילט אַז זי וועט אים סוף־כּל־סוף גובר זיין און דער חבר וועט דערהערן זיינע שלוכצן...

האָט ער זיך געפּלייסט אַרויסצורופן אין זיין זכרון אַנדערע — פריילאַכע בילדער.

— מיר זיינען אין ירושלים! — אַן אַנגענעמע דערינערונג! אַזוי ווי אַלע גרויסע זאַכן קומען אומגערעכטערהייט און מען ווייסט ניט וואָס עס האָט זיי אַרויסגערופן, אַזוי איז אויך איצט געשען. דוכט זיך אַז בלויז איינער פון די פאַרביימאַרשירנדיקע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט די דאָזיקע ווערטער, און אפשר איז ע ר גאָר אַליין געווען דער יעניקער?... ער האָט עס אויסגעשריען אַנטדעקנדיק פאַר זיינע חברים אין דער שטאָט ליאָן רש״י׳ס גאַס?...

— קינדער, זעט! — רי דע ראַשעי! — רבינו שלמה יצחקי.

עטלאַכע פון דער קאָמפּאַניע האָבן זיך דאַמאָלט אָפּגערופן: גיב נאָר אַ קוק, צי אָט דער דאָזיקער קלויסטער איז ניט אָקאָרשט דער בית המקדש?!

— זאָלט איר וויסן זיין, חברים, אַז אָט דער קלויסטער פונם ,,הייליקן יוחנן,״ איז געווען אַמאָל אַ אידישער טעמפּל. אויף דעם פּלאַץ פון דער סטאַטוע, וואו יוחנן שטייט און זאָלבט קרים־טום׳ן, האָט שאול פון תרשיש, דרייסיק יאָר נאָכן טויט פונם דערלייזער געפּריידיקט דעם ניי־אידישן גלויבן —

— און מען האָט געשלעפּט אידן צום טויט און צו דער שמד.

— און דאָס איז שוין שפּעטער געשען —

— אין מיטלאַלטער איז דאָס געווען — האָבן זיך אַנדערע אָפּגערופן...

— דאָ האָט אויך דער אבן עזרא געוועבט זיינע חלומות...

— און געשטאָרבן פאַר הונגער — האָבן אַנדערע אונ־טערגעכאַפּט.

דאָ האָט זיך אימיצער אין אַ שפּאַס אָפּגערופן: ,,פריד־מאַן, מיר זיינען אין ירושלים!״ אָט אַזוי איז דאָס געשען — פונם שפּאַס איז איצט ביי אים געוואָרן אַן ערנסט...

און ער דערמאָנט זיך נאָך עפּעס:

איינמאָל, אַ זונטאָג נאָכמיטאָג, אַ פּאָר טעג פאַר זייער אָפּ־

פאַרן צום פראָנט, האָט חברה זיך גענומען לאָזן מיט דער ווינדע צו „סאַנט־זשוסט," א פאַרשטאָט פון ליאָן.

ארויפגייענדיק, האָט פרידמאַן, דאָס ערשטע, דערזעען: „רי דע מאַקאַבעער."

— קינדער, האָב איך ניט געזאָגט, אַז מיר זיינען אין ירושלים!?!

ווייטער אַביסל האָבן זיי דערזען א קלויסטער, וואָס האָט געהאַט א לאַטיינישן אויפשריפט: „פריער האָט דער טעמפּל געהייסן מאַקאַבעער, אַצינד הייסט ער סאַנט־זשוסט."

— איר זעט! איר זעט! — האָט פרידמאַן דאַמאָלסט מיט התלהבות אויסגעשריען, — א אידישער טעמפּל, וואָס אין אים איז ניט איין אידישע טרער פאַרגאָסן געוואָרן...

— איצט זיינען מיר טאַקע אין ירושלים! — האָבן אַנ־דערע מסכים געווען. און אַזוי איז עס פאַרשפּרייט געוואָרן אינם גאַנצן רעגימענט: פּאָליאַקן, איטאַליענער, בעלגיער, גריכן, אראַבער און אַנדערע פלעגן ביי יעדער געלעגנהייט אויסרופן: „מיר זאַן יערוסאַלעם!"

א קלאַפּעריי און געלויף פון רייטער־קאַלאָנען האָבן איבער־געריסן ביי פרידמאַנ'ען די געדאַנקען...

פון דעמאָלסט אַן זיינען שוין א סך וואַסערן פאַרבייגע־לאָפן, טייכן בלוט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן. פון זיין רעגימענט, וואָס האָט אַנטהאַלטן א פינף טויזנט מאַן, איז ניט מער ווי אַכט הונדערט איבערגעבליבן. עטלאַכע האָבן „זוכה געווען" איבערגעפירט צו ווערן אין פראַנצויזישע רעגימענטן און בלויז ער מיט נאָך איינעם, אַן אַלטן „מלחמה־חבר," זיינען געבליבן צו־זאַמען אויפן קרייצ־וועג...

א ליכטיקע לבנה נאַכט — עס איז שוין דער פינפטער עטאַפּ פונם קרייץ־מאַרש צום „גאָלגאָטאַ."

מידע, וואַקלדיקע, שטומע שאָטנס פון פרידמאַנ'ען מיט זיין חבר, באַוועגן זיך צווישן די „שוועסטער־בערג," וואָס פאַרלירן זיך אין דער טיפעניש פון דער נאַכט.

איבער דעם גאַנצן לאַנגן וועג ליגן אין קופּקעס, אָפּגעשטאָ־נענע, פאַרמאַטערטע זעלנער, וואָס זעען אויס ווי בערגלאַך פאַר־גליווערטע ערד.

— זינג, זינג און ווער ניט מיד! — בעט זיך פרידמאַן ביי זיין חבר.

און דער שווער־באַלאַדענער זאַק איבער די שולטערן ציט אַרונטער די הויט פון האַלז, אַזוי, אַז דער אָטעם האַקט זיך אונטער. די אָדערן ווערן בולטער און אָנגעשוואָלן ווי שפּאַגאַטן און עס זעט אויס ווי טאַטואירונגען וואָלטן אַרום האַלז געווען.

. . . עס שיינט די לבנה,

עס גלאַנצן די שטערן.

„מיין פאָלק, דו וועסט זיין ווי די שטערן אין הימל, „מיין פאָלק,"—און ער פילט, אַז די ווערטער וואָס דער חבר זינגט, שטיקן אים אין האַלז. — „און איינס איז שוין טאַקע מקוים געוואָרן" — פּלאַצט דער חבר אַרויס מיט אַ ציטעריק, וויינענדיק קול...

— וואָס ביזטו שטיל געוואָרן? — פרעגט אים פרידמאַן.

— לאָ די וואָס איך פּלאַנטער קוים מיט די פיס, זאָל איך נאָך זינגען?...

— אויף וואָס באַקלאָגסטו זיך דען? — און אַז י ע נ ע ר א י ד האָט געטראָגן דעם צלם אויף די פּלייצעס נאָך מיט אַ ברכה און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן?!...

— פּאָר וועמעס און פּאַר וועלכע זינד?

— זינג! — און טרערן האָבן אַ שטראָם געטאָן פוןביידנס אויגן.

. . . „אָבער די שטערן, די ליכטיקע, קליינע, די שטערן, וואו זיינען זיי. גאָט?". . .

— מאַכט ניט קיין ליאַרם! מיר זיינען ניט ווייט פונם שונא, און איר פּלאַפּלט אַזוי הויך, — מוסר'ט זיי דער אָפיציר.

— טראַד... טראַד... טראַד... אַלע צעלייגן זיך אין זייער גאַנצער לענג אויף דער ערד.

— טראַד... טראַד... זשיז...ז..ז..באַם!

— „מיין פאָלק דו וועסט זיין ווי די שטערן אין הימל"

— „ווי די זאַמד אויפן ברעג פונם ים"...

זינגען זיי ווייטער.

שוין אַזוי פיל מאָל, אַז זיי מאַכן דעם זעלביקן קרייצ־וועג. און יעדעס מאָל ווערן די רייען פון די סאָלדאַטן אַלץ

שיטערער און די שורות צו־פוסן לעבן בארג — געדיכטער און געדיכטער... הילצערנע צלמים . . . צלמים אויף צלמים . . . אט אזוי גייען זיי מאן לעבן מאן אין אן אייביקן פאר׳עקשנ׳טן שווייגן: שווער־אטעמדיקע, צום טויט פארמוטשעטע, ווי צוויי שווער־סאפנדיקע פערד, וואס ציען בארג ארויף פול־באלאדענע וועגענער... ביידע, פרידמאן און זיין חבר, זיינען פארנומען מיט איין און דעם זעלביקן געדאנק, וואס גיכער צום ציל צו קומען און צו דער ביטערער מאטערניש זאל א סוף נעמען...

דאכט זיך, ערשט גאר ניט לאנג צוריק, ווען מ׳איז זיך צוזאמענגעקומען אין א חרוב־געווארן שטעטעלע, איידער מ׳האט פארלאזט שאמפאן, צו מאכן א הספד נאכן גרויסן פרצ׳ן, זיינען זיי דאן געווען ארום עטלאכע הונדערט אידישע גבורים, אלע געקליבענע יונגען, איינס און איינס, און אצינד? א! — אף די פינגער פון איין האנט קאן מען זיי איבערציילן...

פרידמאן מארשירט ווייטער און קוקט אויפן הימל ארויף: אפשר וועט ער דארט געפינען אן ענטפער אויף דעם אלעמען?...

און ער טראכט:

. . . אמאל זיינען די געטער אראפגעקומען צו די מענטשן זיך מיט זיי מתחתן צו זיין. זיי האבן די טעכטער פון די מענטשן פאר ווייבער גענומען, און די מענטשן האבן מיט געטינס חתונה געהאט.

די געטין „ווענוס,” געבוירן אויפן שוים פון ים־כוואליעס, צערטלט זיך מיטן יונגלינג אדאניס.

די צנועה קומט צו חלום דעם פאסטוך־פרינץ. און דא פראוועט מען די חתונה פון דעם קעניג פעלאס מיט דער „טוגענד” טעטיס. אלע זיצן פארוויז און עס איז פריילאך, לעבעדיק...

— א, דו בייזע ערים, דיין גילדענער עפל „פאר דער שענסטער” האט געבראכט צו דער שרעקלאכער טראיאנער שלאכט...

און וואס מער פרידמאן קוקט זיך צום הימל צו, זעט ער רק מער די שרעקלאכע עולות, וואס ווערן אפילו דארט אויבן באגאנגען:

אט זעט ער ווי עס לויערט אף דער שרעקלאכער „קעטאס” די הילפלאזע מיידל אנדראמעד און דא פארוואנדלט די אייפערזיכטיקע געטין די אונשולדיקע קאליפסיי אין א בער...

א, ארגא! וויפיל לעבנס האט יאזאן אומגעבראכט אין דעם ארגאנאטן צוג? !...

נאר דו, אונשטערבלאכער, גרויסער פאטריאט רעגולוס, וועסט אייביק שיינען! דיין שטערן וועט קיינמאל ניט פאר־טונקלט ווערן...

און פלוצלונג באמערקט פרידמאן, ווי א צעפעלין, קוים מיטן אויג צו זען, רירט זיך צווישן די שטערן: אט פארשטעלט ער דעם שטערן אלאמאק און רוקט זיך צו צום בויך פון אנדראמער, מיראק.

— דו קוקסט אויפן הימל און זעסט ניט, וואס עס טוט זיך פאר דער נאז, — האט דער אדיוטאנט אויסגערעדט פרידמאנ'ען בעת יענער האט זיך געפלייסט נאכצופארשן דעם גאנג פון דער לופט־שיף און איז געשטרויכלט געווארן און אומגעפאלן איבער א גריבל.

— דערפאר, מיין אדיוטאנט, — זאגט פרידמאן צו אים, — פארשטייט איר זיך ניט אויף דעם, וואס עס טוט זיך אין די הימלען.

— מען דארף אט דאס ניט וויסן אין דער צייט, ווען די „באשעם" שיסן ניט אראפ פון דארט אויף אונז.

— אבער דאס וועלן זיי טאקע איצט טאן...

— וואס? — האט זיך דער אדיוטאנט אנגערופן.

— א צעפעלין, וואס פליט אזוי הויך, אז ס'איז קוים מיטן אויג צו באמערקן, ער האט נאר וואס אויסגעמיטן די גרופע אנ־דראמער אין דער ריכטונג צום פאלאר. איר זעט ווי עס רוקט זיך א קליינער, שווארצער פלעק, די לענג פון א ציגאר? — דאס זיינען די „פייגל" וואס פליען העכער פון די אדלערס און וועלן ווי גיפטיקע שלאנגען בייסן די שלאפנדיקע איינוואוינער... — האט פרידמאן מיט זיכערקייט געזאגט.

ניט דער אדיוטאנט און ניט דער לייטענאנט האבן זיך אויס־געקאנט אין „יענע" וועגן, נאר ווען דער קאפיטאן איז צוגעגאנגען און זיך איינגעקוקט, האט ער קאנסטאטירט אז ס'איז טאקע א צעפעלין...

דעם אנדערן מארגן, פארטאג, האבן די אבסערוואטאריע־אויסקוקער ביי קאמפיען אפגעווארט דעם דאזיקן „גאסט" און האבן אים געמאכט א פייערדיקן קבלת־פנים...



ש. שווארצבארד (אין „ראַם") אין די אַרעגאָנען וועלדער ניט ווייט
פון די דייטשע פּאָזיציעס

**כד**

## צוועלף זיינען מיר געווען

פון אונזער רעגימענט, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך טויזנ־טער אידן, האָט זיך אויסגעטיילט אַ קליינע צאָל אידן וואָס האָט, נאָך אַ יאָר פון מוטשען זיך, פאַרלאָזט דעם „פרעמדן לעגיאָן" און איז איינגעטיילט געוואָרן צווישן די פראַנצויזישע רעגימענטן.

אַ גרופּע פון צוועלף אידישע לעגיאָנערן, זיינען מיר אָפּגע־שיקט געוואָרן צום 363־טן רעגימענט.

מען האָט אונז זייער פיין אויפגענומען. די אָפיצירן האָבן גאָר אָנגעקוואָלן פון אונז. איבערהויפּט זיינען זיי געווען אין „זיבעטן הימל", ווען מיר האָבן זיי דערציילט וועגן די גבורות וואָס מיר האָבן באַוויזן אין צפון פון אַרראַס, ביי די צוויי אַטאַקן. שפּעטער האָט דער קאָלאָנעל אַליין אונז מקבל פּנים געווען, און ער איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן דערפון וואָס רוסישע פריוויליקע, צוועלף יונגע, שטאַרקע סאָלדאַטן, זיינען געקומען אין זיין „אַלטן חדר". ער האָט זיך מיט אונז פריינטלאַך געזעגנט און אונז צו־געוואונטשן אַז מיר זאָלן ווייזן אַ ביישפּיל פאַר אונזערע קאַמע־ראַדן, די פראַנצויזן, ווי אַזוי מען דאַרף זיך פאַרטיידיקן. בשעת זיין אַוועקגיין האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל אונז לאָזן דאָ, אין שטאַב'ס־קוואַרטיר, נעכטיקן און מען זאָל אויך געבן אונז אַוונט־ברויט.

אויף מאָרגן האָט מען אונז צעטיילט אין 4 גרופּעס, צו דריי סאָלדאַטן אין יעדער גרופּע, און איינגעטיילט אין פיר קאָמפּאַניעס. מ'האָט דאַן געבראַכט פאַר אונז נייע גאַז־מאַסקן. מיר האָבן די מאַסקן עטלאַכע מאָל אויסגעפּרובירט, צי זיי קענען ווירקלאַך שיצן

קעגן די שטיקנדיקע גיפטיקע גאזן. די פראבע איז צוגעגאנגען אזוי: מ'האט אונז אריינגעלאזט אין א גרויסן פארמאכטן צימער, פול מיט גאז, און מיר, אנגעטאן אין די מאסקן, האבן ארומגעשפאצירט ווי אברהם אין קאלד־אויוון. ס'האט געטראפן אז אייניקע זיינען געפאלן אין חלשות און מען האט זיי קוים אפגעמינטערט. די עלטסטע פלעגן אין אזעלכע פאלן ארויפליגן די שולד אויף די סאלדאטן: זיי האבן שלעכט אנגעטאן די מאסקן. א חוץ די מאסקן האט מען אונז „מזכה" געווען מיט האנט־גראנאטן, באמבעס און פארשידענע אנדערע שפאגל־נייע כלי־זין וואס די „גרויסע קעפ" האבן, זיצנדיק אין די לאבאראטאריעס, אלעמאל אויסגעטראכט...

דער פירער פון דער גרופע צוועלף איז געווען דער ערשט־קלאסיקער סאלדאט — אבראם פראגער. אליין א רוסישער עמיגראנט מיט א רייכער רעוואלוציאנערער פארגאנגענהייט.

געבארן אין א שטעטל אין קיעווער גובערניע, דערצויגן אין א פאמיליע מיט א סך קינדער. ער איז געווען דער בכור. כאטש זיין פאטער איז ניט געווען קיין פארמעגלאכער, פלעגט ער ציען פון זיך די קליי כדי צו געבן זיינע קינדער א העכערע בילדונג, אז זיי זאלן קענען דערגרייכן עפעס אין לעבן און קומען צו א תכלית. און די קינדער זיינען אלע טאקע געווען געראטענע, האבן זיך געפלייסט און גוט געלערנט. ארויסגעקומען פון גימנאזיע מיט גרויסע אויסצייכנונגען און געוואלט אנקומען אין אוניווערסיטעט. די צרה איז אבער געווען וואס די טירן פון די רוסישע אוניווערסיטעטן זיינען געווען געשלאסן פאר זיי. און דעריבער זיינען זיי געווען געצוואונגען צו פארלאזן רוסלאנד. איינער איז אוועק אין דער שווייץ שטודירן. איז דארטן געווארן פלעכאנאוו'ס רעכטע האנט און אין דער זעלבער צייט געענדיקט אויף פילאזאפיע און מאטעמאטיק. דער צווייטער האט שטודירט אין דייטשלאנד און איז געווארן א פירער פון בונד. דער דריטער האט זיך געלערנט אין ווין און אין דערזעלבער צייט געגרינדעט די „עס־עס־פארטיי."

אבראם איז, נאך זייענדיק אין גימנאזיע, געווארן א פארברענטער „עס־ער" און אנגעפירט מיט די גרופעס גימנאזיסטן.

דעם זיבעצענטן אָקטיאָבער, 1905, איז אַבֿראָם אַרויסגעטראָטן מיט א פלאַמענדיקער רעדע פאַר א טויזנטקעפּיקן עולם אויף א טריבונע אין מיטן שטאָט, און ערקלערט פייערלאַך די צילן פון זיין פּאַרטיי־פּראָגראַם. אויף מאָרגן האָט מען אים אַרויסגענומען פון בעט און פאַרשפּאַרט אונטער ריגל. נאָך לאַנגע אַרומוואַנדלען מיט די עטאַפּן פון איין געפענגעניש צום אַנדערן, איז אים ענדלאַך געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון די זשאַנדאַרם־נעגל און אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

קיין פּאַריז איז ער געקומען אין יאָר 1910. דורך דער צייט האָט ער שוין אָפּגעריכט גלות אין עסטרייך, געווען אַרויסגעשיקט פון בודאַפּעסט און ניט קענענדיק בלייבן אין דייטשלאַנד און ניט געפינענדיק וואָס צו טאָן אין דער שווייץ — איז ער געקומען קיין פראַנקרייך.

אין פּאַריז האָט ער א פּאָר יאָר געטאָן שווערע אַרבעט און אין דער זעלבער צייט שטודירט. עס זיינען געווען צייטן ווען ער האָט האַלבע טעג געאַרבעט און די אַנדערע האַלבע טעג געלערנט אין דער סאָרבאָן. נאָך דאָס דאָפּלטע לעבן האָט אים סוף־כל־סוף דערעסן, און ער, מיט נאָך איינעם, זיינער א לאַנדסמאַן און גימנאַזיע־חבר, האָבן באַשלאָסן צו ווערן פאַבריקאַנטן.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן זיינען זיי שוין געשטאַנען אין צענטער פון פּאַריז מיט א גרויסער פאַבריק און אַרבעטער האָבן שוין געאַרבעט פאַר זיי.

נאָר אַבֿראָמ׳ס אומרואיקער גייסט איז ניט געווען צופרידנגעשטעלט. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זיינע חברים — אַמאָליקע פּאַרטיי־גענאָסן — גייען זיך אַנגאַזשירן אין א ספּעציעלן באַטאַליאָן אונטערן נאָמען „רעפּובליקאַנער," איז ער געלאָפן זיך אַנשליסן אין דער גרופּע אַלס פרייוויליקער. נאָר אויף זיין מזל איז אים אויסגעפאַלן אַנצוקומען גאָר אין א צווייטן רעגימענט פון די פרייוויליקע און ניט אין דעם רעגימענט וואו זיינע חברים זיינען געווען צוזאַמען.

אין דעם זעלבן באַטאַליאָן, ביי דער אַטאַקע פון 9־טן מאַי, האָט זיך אַבֿראָם אויסגעצייכנט ביי אַן אויסערגעוויינטלאַכן פאַל, אויף א מערקווירדיקן אופן:

דער גאנצער באטאליאן האט זיך געפונען צופוסנס פון דעם בערגל „140״. דריי־פערטל פון דעם עפעקטיוו האבן געפעלט. א סך זיינען געפאלן טויט איידער מען איז צוגעקומען צום בערגל. די געבליבענע האבן מיט די לעצטע כחות זייערע געהאלטן אין איין גראבן טראנשייען, כדי זיך שיצן פון די קוילן, וואס האבן געהאלטן אין איין רעגענען אויף זיי. אין דער קאמפאניע, וואו אבראם איז געווען, איז ניט געבליבן קיין איינציגער אפיציר אדער אונטער־אפיציר. די סאלדאטן זיינען אזוי געלעגן אין די גריי־בער און געווארט. די זון האט געברענט, פולווער האט געשטיקט אין האלז, דאס פייער פון קאנאנען האט געריסן שטיקער ערד און געטראגן צום הימל. פלוצלונג באוויזט זיך א גאנצע שע־רענגע דייטשן און לאזט זיך גלייך אויף זיי. אלע וואס האבן זיך געפונען אין די טראנשייען האבן שוין געהאלטן ביי אפ־טרעטן און לאזן די דייטשן פארנעמען דאס ארט. נאר אבראם האט זיך געגעבן א שטעל, גענומען קאמאנדירן, באפוילן צו געבן א ווידערשטאנד און די טראנשיי איז געבליבן ביי די פראנצויזן.

פאר זיין העלדישקייט איז אבראם באערט געווארן מיטן דיוויזיאנעם קריגס־קרייץ ביי דער ערשטער מאנעוור וואס איז געמאכט געווארן נאך דער אטאקע פון אראס.

## כח

# דער שיינער בערנאַר

דער שיינער בערנאַר איז געווען דער שפּיגל פון דער גרופּע. הויך, שלאַנק און פעסט געבויט. מ'פלעגט אים רופן מיטן צו־נאָמען „דער אנטינאוס" פון 363־טן, און ער פלעגט דערביי רויט ווערן... פאַר זיין שיינקייט און חנ'עוודיקן שמייכל האָט ער אַמאָל שיר ניט באַצאָלט מיטן לעבן — האָט ער אונז דערציילט.

געווען איז דאָס די ערשטע צייט נאָך זיין קומען קיין פּאַריז. דאָרט וואו ער האָט געאַרבעט, אַקעגנאיבער זיין פענסטער, פלעגט אָפט, פון דער אַנדערער זייט הויף, אַריבערקוקן צו אים אַ יונגע, סימפּאַטישע פרוי. פון אָנפאַנג האָט ער זיך ניט אומגעקוקט, און זיך ניט געקימערט וועגן דער פרוי, נאָר ווען עס איז אוועק אַ צייט און ער האָט יעדן טאָג, אין אַ באַשטימטער שעה, באַ־מערקט די פרוי שטיין ביים פענסטער און קוקן אויף אים, האָט עס אים גענומען אינטריגירן. איינמאָל האָבן זייערע בליקן זיך באַגעגנט, זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן, און ער האָט איר געענטפערט מיט אַ שמייכל.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיי זיך באַפריינדט און גע־מאַכט ראַנדעוואוען, און ער איז שוין געוואָרן אַן אָפטער אריינ־גייער צו דער פרוי אין שטוב.

ווער די פרוי איז געווען האָט ער ניט געוואוסט, ווייל ער האָט זיך מיט איר ניט געקענט צוזאַמענריידן. נאָר מיט דער צייט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זי האָט ערשט ניט לאַנג חתונה געהאַט און אַז זי האָט ניט איבעריקס ליב איר מאַן, און אַז דער מאַן איז מער אין דער פרעמד ווי ביי זיך אין דער היים. האָט

אמאָל פּאַסירט אַז דאָס פּאָרל האָט זיך פאַרגעסן אין אַן עקסטאַז פון ליבע און פּלוצלינג הויבט מען אָן צו קלאַפּן אין טיר. די פרוי לויפט אַראָפּ זען ווער דאָס איז און קומט גלייך אַ דער־שראָקענע צוריק און שטאַמלט: ס'איז מיין מאַן, מיין מאַן! כאַפּט זי בערנאַר'ן אַן ביי דער האַנט, עפנט ראַש אויף דאָס פענצטער פון שלאָף־צימער און שטופּט אים אַרויס...

דאָס גליק זיינס איז געווען, וואָס ער, אַ האַלב־נאַקעטער און באָרוועסער, האָט געדאַרפט שפּרינגען בלויז פון ערשטן עטאַזש...

בטבע איז ער געווען אַ שטילער, אַ געלאַסענער מענטש. דעריבער האָט ער זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון אַלעמען. געבאָרן אין אַ גרויסער רוסישער שטאָט, וואו דאָס לעבן האָט געברויזט און די יוגנט האָט זיך געוואָרפן אין די אָרמס פון לעבן, איז בערנאַרד דאָך געווען אַ צוריקגעצויגענער און זיך געלעבט אין זיין אייגן וועלטל.

אין די פינף יאָר צייט פון זיין נע ונד־לעבן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין פּאַריז, האָט ער זייער פיל דורכגעמאַכט. קיין פּאַריז איז ער געקומען אַ פּאָר חדשים פאַרן קריג. ער האָט גע־אַרבעט אַלס ספּעציאַליסט אין אַ האַלץ־שניצעריי. ער האָט זייער גוט פאַרדינט און געשיקט פון זיין פאַרדינסט יעדע וואָך הילף צו זיין מוטער און שוועסטער קיין רוסלאַנד. די מוטער איז געבליבן אַן אַלמנה נאָך אין די פּאָגראָמען פון 1904. עס זיינען איר געבליבן דריי קליינע קינדער. עס ברעכט אויס די מלחמה און בערנאַרד ווערט פאַרכאַפּט אין דעם שדים־טאַנץ.

אין „פרעמדן־לעגיאָן" האָט ער זיך ניט באַקלאָגט אויף קיינעם. פון די אַטאַקעס איז ער אַרויס אַ לייכט־פאַרוואונדעטער אין קאָפּ. אין יענער צייט האָט מען זיך אין ערשטן רעגימענט דערוואוסט פון דעם טרויעריקן צופאַל וואָס איז פאָרגעקומען אין צווייטן רעגימענט פון דעם „פרעמדן לעגיאָן" — דעם טראַ־גישן סוף פון ניין רוסישע פרייוויליקע, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן מחמת מען האָט זיי חושד געווען אין פאַראַט. די ניים האָט אונז זייער אויפגעבראַכט און מיר האָבן זיך געשראָקן פאַרן גורל פון די עטלאַכע־און־צוואַנציק אַנדערע רוסן, וועלכע זיינען פאַראורטיילט געוואָרן דורך דעם פעלד־געריכט אויף צוואַנגס־

ארבעט, דערפאר וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אויספירן דעם באַפעל — שיסן אויף זייערע חברים.

ס'איז געבליבן מען זאָל די „סטרייקער" אריבערשיקן אין א רוסישן פאָלק. און שפעטער, ווען דער רוסישער פאָלקאָווניק אָזנאָבישן, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן פונם אַמבאַסאַדאָר איז־וואָלסקי'ן, אין פּאַריז, צו רעקרוטירן אַלע רוסישע פרייוויליקע פונם „פרעמדן־לעגיאָן," און זיי אָפּשיקן קיין רוסלאַנד — איז בערנאַרד געווען איינער פון די ערשטע צו פּראָטעסטירן. ער האָט פאַרלאַנגט מ'זאָל אים לאָזן בלייבן אין דער פראַנצויזישער ארמיי.

— יענעם טאָג — האָט בערנאַרד דערציילט — ווען מ'האָט אויסגעפרעגט אין אונזער באַטאַליאָן די סאָלדאַטן, וואו זיי ווילן בלייבן, זע איך ווי צוויי פראַנצויזישע קאַפּיטאַנען שטייען און רעדן צווישן זיך. „איך דערקען אויף זייערע נעזער אַז זיי ווילן ניט גיין קיין רוסלאַנד. זיי זיינען ניט קיין רוסן. אָט־אָ־דער־אָ — ציינט איין קאַפּיטאַן אָן אויף מיר — איז, קענטיק, א ריבּטי־קער רוס.". . ער האָט מיך טאַקע גלייך צוגערופן און א פרעג געטאָן: „ביסטו א רוסע?" איך האָב אים געענטפערט אַז איך בין א רוסישער איד. דענסטמאָל האָבן זיי צוגעגעבן אַז איך האָב ניט וואָס צו וועלן פאָרן קיין רוסלאַנד. דאָרטן קומען פּאָר פּאָגראָמען אויף אידן... איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך וויל בלייבן אין דער אַקטיווער ארמיי און אריינטרעטן אין א פראַנ־צויזישן רעגימענט.

דער סוף איז געווען, אַז די, וועלכע האָבן געוואָלט בלייבן אין דער פראַנצויזישער ארמיי, האָט מען צעשיקט אין רעגימענטן וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעוויילט.

בערנאַרד איז אָנגעקומען אין דעם 363־טן רעגימענט און ער האָט זיך דאָרטן גוט געפילט.

## כו

# דער „עקשן"

דער „עקשן" איז געווען ביי זיך זיכער און טיף איבערצייגט, אז ער וועט איבערשטייגן אלע זיינע חברים סיי אין גראד, סיי אין אויסצייכענונג אין דעם נייעם רעגימענט.

זיין דורכפאל, וואס ער האט געהאט אין דעם „פרעמדן־לעגיאן" האט ער צוגעשריבן צו דעם סארזשאנט פישער, אן אל־טער לעגיאנער, א גע'שמד'טער דייטשער איד, וועלכער האט אים מיט א כיון ניט געוואלט צושטעלן אלס ערשט־קלאסיקן סאלדאט און אים באשטימען פאר א הילף־קאפראל, כאטש דער קאפיטאן אליין האט א פאר מאל דעם סערזשאנט אויסגערעדט און אים אפילו געמאכט פארוואורפן וואס ער, אלס עלטסטער פון דער סעקציע, האט אים ניט געמאכט אויפמערקזאם אויף אזא גוטן סאלדאט. דער „עקשן" האט געהאט נאך א גרעסערן דורכפאל ביי די אטאקעס. ער האט זיך געפלייסט און איינגעשטעלט דאס לעבן כדי צו קריגן דעם פארדינסט־קרייץ, צום סוף זיינען זיינע אפיצירן אלע געפאלן אין שלאכט און דערפאר האט זיין רעקארד ניט געקאנט באוויזן ווערן.

דער „עקשן" האט אויך אין דעם נייעם רעגימענט זיינע אמ־ביציעס ניט געקענט דערגרייכן. זייענדיק אויף א פאסטן אלס מיקראפאניסט, האט אים דער לייטענאנט פון דער הויפט־קוואר־טיר א פאר מאל געטראפן זיצנדיק ביים פאסט מיט צוויי הערערס ביי די אויערן און שרייבן, ראפארטן וואס ער האט געהערט פון די דייטשע פאסטנס. דער לייטענאנט האט אים אבער אויך גע־טראפן אמאל אויפן זעלבן פאסטן עפעס ארייגשרייבן אין א בא־

וונדער העפט. דאָס האָט ער געשריבן אידישע לידער. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אים צוריק אַריינגעגעבן אין די טראַנשייען...

דער „עקשן" האָט געזען ווי איינער נאָכן צווייטן פון זיינע פריערדיקע חברים זיינען געוואָרן קאַפּראַלן מיט אויסצייכענונגען. איינער אַפּילו האָט שוין דערגרייכט די שטופע פון אַ סערזשאַנט און ער איז געבליבן ביי זיין מאָגערן קרייץ אויף וועלכן ער האָט געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען. איצט האָט דער קרייץ אים אויסגעזען אַזוי נישטיק און ווערטלאָז.

זיין איינציקע טרייסט איז געווען וואָס אויך אַבראַם איז, אַזוי ווי ער געבליבן ענטוישט און אָפּגענאַרט אין דער מיליטערישער קאַריערע. גראַד די יעניקע וואָס האָבן ניט געשטרעבט זיך אויסצוצייכענען — זיינען יאָ געוואָרן, דורך צופאַלן, קאַפּראַלן און געקראָגן קריגס־קרייצן. נאָר ער, און אַבראַם, וואָס האָבן געטאָן אַלצדינג כדי זיך אויסצוצייכענען און ווערן געקרוינט פאַר העלדן — זיינען געבליבן הינטערשטעליק...

דער סוף פונם ‚עקשן" איז געווען אַ טרויעריקער, אָבער אַ העלדישער. פּאַסירט האָט עס אַזוי:

אַ פראַנצויזישער סאָלדאַט, נאָך גאָר אַ יונגער און נאַאיווער מענטש, מיט וועמען דער „עקשן" איז געווען זייער גוט באַפריינדט, האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט, אַז זיין יונג ווייבל פאַראַט אים מיט אַן אַנדערן. ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם דורך אַ בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון זיין שטעטל. דערביי האָט ער זיך היסטעריש צעוויינט און אַרויסגעכליפּעט: „היינט, פיל איך, וועט זיין מיין סוף!"... איך וועל דאָס ניט איבערטראָגן!.. אַ קויל אין קאָפּ!.. מיין סוף וועט זיין היינט!.. אויף מיין פּאָסטן!..."

דער „עקשן" האָט גענומען טרייסטן זיין פאַרצווייפלטן פריינט, און גע'פּועל'ט ביי אים ניט צו גיין אויפן פּאָסטן. — „איך וועל גיין פאַר דיר אויף דער וואַך היינט די גאַנצע נאַכט." דער „עקשן" איז אַוועק איבערנעמען די וואַך פאַר זיין פריינט.

מיטן מאָרגן, ווען מ'איז געקומען איבערבייטן די וואַך, האָט מען געפונען דעם „עקשן" אַ טויטן, מיט אַ גראַנאַט אין דער האַנט גרייט צו וואַרפן...

## כז

# דער אַלטער „ווינִי"

„דער אַלטער ווינִי," „דער מאָנטאַניאַר" (דער בערגמאַן), אָדער „אַלפרעד דע ווינִי" (אויפן נאָמען פון באַוואוסטן פּאָעט, דער פאַרפאַסער פון „משה") — יתרו׳ס נעמען האָט ער געהאַט, דער אַלטער. אַ פעסט־געבויטער מאַן פון מיטעלע יאָרן מיט אַ שטענדיק־שמייכלענדיק פּנים און מילדן בליק פאַר יעדן איינעם.

אַ געבירטיקער פון דער וואָגעזן־געגנט, איז ער געווען דאָס האַרץ פונם סעקטאָר אין די וואָגעזן־בערג, וואו מיר האָבן דאַן געלאַגערט. ער האָט די גאַנצע געגנט אַרום און אַרום געקענט, געפונען יעדעס וועגעלע און יעדעס שטעגעלע. געדינט האָט ער אַלס באַאָבאַכטער פון דער באַרג־אַרטילעריע ביי אונז אין סעק־טאָר פון אָנהויב קריג אָן, זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין רעגו־לירן דאָס אַרטילעריע־פייער.

דער אַלטער ווינִי האָט אונז דערציילט ווי אַזוי ער איז אָנ־געקומען צו אונז אויפן פראָנט, אינם סעקטאָר פון זיין געבורט־אָרט: —

די ערשטע טעג פון חודש אויגוסט, באַלד ווי די מלחמה איז דערקלערט געוואָרן, האָבן די דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונגען פאַרפלייצט די גאַנצע געגנט פון די וואָגעזן־בערג און, אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד מצד די פראַנצויזן, פאַרנומען איין דאָרף נאָכן צווייטן, איין שטאָט נאָך דער אַנדערער. זיי האָבן אויף זייער גאַנצן וועג ניט באַגעגנט קיין פראַנצויזישן פּאַטרול, קיין איינציקן זשאַנדאַרם אפילו, וואָס זאָל זיי שטערן און פאַרשטעלן דעם גאַנג.

אינם שטעטל פון אלטן וויני זיינען די דייטשן אריין ביי־נאכט אומגעריכט. ווען די איינוואוינער זיינען אין דער פרי אויפגעשטאנען, האבן זיי געטראפן די „געסט" ברייט צעלייגט, ווי ביי זייער טאטן אין וויינגארטן.

קיין רייד פון אנטלויפן האט שוין דאן ניט געקאנט זיין, ווייל, ערשטנס, זיינען שוין דייטשע פאטרולן געווען צעשטעלט אויף אלע וועגן און שטעגן און געהיט און, צווייטנס, איז שוין געווען אויסגעהאנגען פלאקאטן אין פראנצויזיש, וואו מ'האט געווארנט, אז מ'זאל זיך ניט רירן פון ארט אן דער דערלויבניש פונם קאמענדאנט, און אז מ'וועט גלייך אויפן ארט שיסן יעדן איינעם וואס מ'וועט טרעפן אויפן וועג צווישן איין ישוב און צווייטן. ביי די איינוואוינער פונם שטעטל איז, זעלבסטפאר־שטענדלאך, פארגאנגען דער אפעטיט צו ריזיקירן און מאכן אזא שפאציר. אנדערש איז אבער געווען מיטן אלטען וויני'ן.

באלד דעם ערשטן טאג אין דער פרי, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, געעפנט די אויגן, דערנאך די לאדן פון זיין הייזל און דערזען ווי די דייטשן שפאצירן זיך אזוי ברייטלאך אין דרויסן, — האט ער אויפגעוועקט זיין עלטסטן זון פון 18 יאר, אים געהייסן זיך באלד אנטאן.ביידע האבן זיך געזעגנט מיט דער מוטער און מיט די קינדער, און זיך אוועקגעלאזט אין וועג אריין, צוזאגנדיק דער פאמיליע צו קומען באלד צוריק.

געגאנגען איז דער אלטער וויני מיט זיין זון, דורך א וועג, אין די בערג, וואס איז געווען באקאנט נאר צו אים אליין. דעם גאנצן טאג האט ער זיך מיט זיין זון אויסבאהאלטן אויף דעם שכנות'דיקן בארג און גוט ארומגעקוקט די פיינטלאכע פאזיציעס. ווען די זון האט זיך געזעצט און ס'איז טונקל געווארן, האבן זיי זיך געלאזט אין רעכטן וועג אריין.

געקומען איז וויני צו די פראנצויזישע פאסטנס בעפאר די דייטשע אויסקוקער, און איבערגעגעבן די אפיצירן וואס פאר א מאַ־טעריאל און קראפט די דייטשן פארמאגן, וואו זיי געפינען זיך און אויף וואסערע וועגן זיי מארשירן צו פארכאפן די וויטערדיקע געגנט.

די אויספירלאכע ידיעות פונם אלטן וויני, זיין גרינטלאכע

באקאנטשאפט מיטן געננט האבן צוגעגעבן מוט דעם זשאנדארם־אפיציר צו ריזיקירן און פרואוון אפשטעלן דעם דייטשן אוואנ־גארד — אונטער די בערג. מיט א קליינער אפטיילונג האט ער פארשטעלט דעם הויפט־דורכגאנג אין די בערג, און ווען ס׳האבן זיך באוויזן די ערשטע דייטשע אויסקוקער האט מען זיי באשאסן; די דייטשן זיינען זיך אין איילעניש צעלאפן, מיט א פארלוסט פון איין טויטן און צוויי פארוואונדעטע.

דער אלטער וויני איז דער ערשטער געלאפן געבן הילף די פארוואונדעטע און זיי אפגעפירט אין דעם „שוועסטער־שפיטאל" אינם דערבייאיקן שטעטל. קומענדיג צוריק אויפן בארג, וואו דער טויטער דייטש איז געלעגן, האט וויני אויסגעגראבן א גרוב און אים דארטן באגראבן. אויפן קבר האט ער אויפגעשטעלט פון ברעטער א גרויסן צלם און אויף אים אנגעשריבן: „דא ליגט א דייטשער סאלדאט, וואס איז געפאלן אויספילנדיק זיין חוב צום פאטערלאנד, ווייט פון אייגענע און פריינט. זאל די ערד אים לייכט זיין! דע פראפונדיס." ווען ער איז פארטיק געווארן מיט דער קבורה, האט ער גענומען די פאפירן און די איבעריקע זאכן וואס ער האט געפונען אין די קעשענעס פונם טויטן, געברא̠כט אויפן צווייטן טאג צו זיך אין שטעטל אריין און איבערגעגעבן עס צו די דייטשן, אז מ׳זאל דאס אלעס אפשיקן צו דער פאמיליע פונם געפאלענעם.

אויף אזא אופן האט דער אלטער וויני באלד פון אנפאנג אן געפונען צוטרוי סיי ביי די פראנצויזן, סיי ביי די דייטשן. זיי האבן אים געלאזט גיין אויף די בערג אויך א צווייט מאל און א דריט מאל א. א. וו.

נאך יענער אטאקע האבן שוין די דייטשן ניט געוואגט וויי־טער צו גיין און האבן זיך באפעסטיקט אין די ארומיקע שטעט־לאך אין די בערג. די פראנצויזן, וועלכע האבן, א דאנק וויני׳ן, באקומען גענויע ידיעות וועגן די דייטשן, האבן זיך אויך בא־פעסטיקט אויף די בערג קעגנאיבער, ווארטנדיק אויף ווייטערע באפעלן פון פראנצויזישן גענעראל־שטאב. אזוי ארום איז בא־שאפן געווארן דער פראנט ארום די וואגעזן־בערג: די דייטשן האבן נאך א פאר ניט־געלונגענע פרואוון אויפגעגעבן דעם גע־

דאנק צו גיין פאראוים, די פראנצויזן, ווידער, האבן ניט געהאט קיינע דירעקטיוון פון גענעראל־שטאב און זיינען געצוואונגען געווען צו בלייבן אויף די בערג און היטן די דורכגענג און וועגן וואס האבן געפירט צו די גרעסערע שטעט פון פראנקרייך.

דער אלטער וויני האט אלץ אפטער אנגעהויבן צו גיין פון זיין שטעטל, וואו די דייטשן זיינען געשטאנען, צו די פראנצויזן, און זיי ברייננגען פראדוקטן אין וועלכע זיי האבן זיך גענויטיקט און אהיימברייננגען פראדוקטן וואס האבן דארטן אויסגעפעלט. די דייטשן וואס זיינען איינגעשטאנען ביי אים אין הויז האבן דערפון געוואוסט, זיי האבן אבער גארניט געהאט קעגן דעם, ווייל זיי זיינען געווען זיינע בעסטע פריינט; אדרבא, זיי פלעגן נאך אפט פון זייער קיך ברייננגען פאר זיין הויזגעזונט פארשידענע שפייזן.

אבער מיט דער צייט האט זיך דא קאנצענטרירט א ריכטי־קער פראנט. פריש מיליטער איז אנגעקומען. די פאזיציעס פון ביידע זייטן זיינען באפעסטיקט געווארן — טראנשייען האט מען אויסגעגראבן, מיט געפלאכטענע, שטעכיקע דראטן האט מען זיך ארומגעצוימט. דעם אלטן וויני איז וואס אמאל שווערער גע־ווארן צו מאכן דעם שפאציר צו זיין שטעטל. ווען די גראבנס און שטעכיקע דראטן האבן זיינע וועגן פארשטעלט, האט ער אויסגעפונען נייע, באהאלטענע וועגן, און ווען אויך די וועגן זיינען פארצוימט געווארן, האט ער אויסגעפונען די דייטשע פארפאסטנס, וואו ער פלעגט פון צייט צו צייט אפנעמען גרוסן פון דער היים. די דייטשע מיליטערישע אפטיילונגען האבן זיך אבער אנגעהויבן אפט צו בייטן און ס'איז אים כמעט אוממעגלאך געווארן צו באקומען גרוסן פון דער היים. פלעגט ער זיך צורוקן צו דער ערשטער ליניע, ארויפקלעטערן אויף א הויכן נאדל־בוים, וואס אויפן שפיץ בארג, פון דארטן ארונטערקוקן אויף זיין שטעטל, אויף זיין הייזל, און אמאל דערזעען זיין פרוי אדער זיינע קינדער שטיין אין דרויסן ביי דער שטוב, — ער האט זיי דערקענט לויטן פארב פון זייערע קליידער. זונטיק פלעגט ער זען, ווי זיין פרוי מיט די קינדער גייען אין קירכע אריין, אין יום־טוב'דיקע קליידער, און אזוי אויפן בוים זיצנדיק פלעגט ער

װאַרטן ביז זיי האָבן אָפּגעדאַװנט און זײַנען אַרױסגעגאַנגען פֿון קירכע צו גײן אַהײם; מיט זײַן װאַרימען און האַרציקן בליק פֿלעגט ער זיי באַגלײטן ביז אין שטוב אַרײַן.

אַלץ פֿאַר'עקשנ'טער און פֿאַרביסענער איז די מלחמה געװאָרן. די באַרג־אַרטילעריע האָט זיך געלאָזט הערן. דערנאָך זײַנען געקומען די באַרג־מינעס מיט זײערע דינאַמיט־אױפֿרײַסונגען, װאָס פֿלעגן אָפּט פֿאַרשיטן לעבעדיקערהײט גאַנצע מיליטערישע סעקציעס. דערנאָך זײַנען געקומען די „באָמבעס־װאַרפֿער," װאָס האָבן געמאַכט גרױסע חורבות סײַ אין די געדיכטע בױמער, סײַ אין דער געדיכטער באַפֿעלקערונג פֿון די טראַנשײען. אײנזאַם און פֿאַרצװײפֿלט איז געװאָרן דער אַלטער װיני. זײַן זון האָט מען פֿון אים אױך צוגענומען, אים אַװעקגעשיקט אױף אַן אַנדער פֿראָנט — און ער הערט פֿון אים גאָרניט. מחמת דער אָפּטער באָמבאַרדירונג קענען מער ניט אַרױסקומען פֿון הױז זײַן פֿרױ און קינדערלאַך און ער זאָרגט זיך װעגן זיי... דאָס גאַנצע שטעטל זײַנס זעט אױס װי אַ בית־עולם — גאַנצע טעג זעט מען קײן לעבעדיקן נפֿש ניט דורכגײן די גאַסן. די קירכע איז װיסט און פּוסט אַפֿילו אום זונטיק און קײנער גײט מער ניט דאַװנען. דער הױכער נאָדל־בױם, פֿון װעלכן דער אַלטער פֿלעגט אַראָפּקוקן אױף זײַן הײם, איז ענדלאַך אױך צעפּליקט געװאָרן אױף פּיצלאַך פֿון אַ דײַטשער קאַנאָנען־קױל.

אײנמאָל, זונטיק, אין אַ שפּעטיקן האַרבסט־טאָג, קומט דער אַלטער װיני צו צו אונזער טראַנשײ אױף דער ערשטער ליניע, נעמט זײַן גרױסן פֿעלד־גלאָז, באַטראַכט לאַנג דאָס שטעטל זײַנס און שאָקלט בעת מעשה מיטן קאָפּ.

דאָס האָט אונדז פֿאַראינטערעסירט און מיר האָבן דעם אַלטן געפֿרעגט, װאָס באַטײַט זײַן לאַנג קוקן און צושאָקלען מיטן קאָפּ.

— צום לעצטן מאָל באַטראַכט איך דאָס שטעטל! — האָט ער מיט אַ טרױעריקער, קרעכצנדיקער שטימע אַרױסגערעדט.

מיר האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, װאָס ער מײנט און זײַנען צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל אונדז דערקלערן זײַנע װערטער.

— נאָט! קוקט זיך גוט צו, װעט איר פֿאַרשטײן! — האָט

ער אונז געשטופּט דאָס פעלד־גלאָז אין די הענט אַריין.

איינציקווייז האָבן מיר גענומען דאָס גלאָז און געקוקט.

— נו, וואָס האָט איר געזען? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס שטעטל צענאָן מיטן קלויסטער און די הייזער אַרום.

— און ווייטער האָט איר גאָרניט באַמערקט?

— מענער, פרויען און קינדער, לאָזן זיך גיין אין קירכע גאָט בעטן — איז וואָס? איז דען עפּעס געשען? — וואונדערן זיך די סאָלדאַטן.

— ס'איז גאָר ניט געשען, מיינע פריינט, ס'וועט ערשט גע־שען! היינט איז דער יום־טוב פון אַלע הייליקע, האָט מען צום ערשטן מאָל דאָס יאָר דערלויבט צו קלינגען אין די קירכע־גלאָקן און רופן צו דער מעסע. די דייטשן גופא גייען אויך אַצינד בעטן פאַר זייערע טויטע און געפאַלענע אין שלאַכט, באַגלייך מיטן איבעריקן עולם... — ער האָט דערביי אַ זיפץ געטאָן.

— וואָס־זשע דאַרפט איר זיך אַזוי נעמען צום האַרצן?

— ס'טייטש?! — האָט ער געענטפערט. — דער אַרטי־לעריע־קאַפּיטאַן וועט באַלד הייסן באָמבאַרדירן די קירכע בשעת דער מעסע, און צו די טויטע, וואָס מ'וועט באַוויינען, וועלן באַלד צוקומען פרישע קרבנות פון פרויען און קינדער...

אַלע זיינען מיר געבליבן שטיין מיט ברייט־געעפנטע, אויפ־געריסענע מיילער און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— דער עקיפּ פון אונזער באַטאַרייע האָט זיך דוקא אָפּגע־זאָגט צו שיסן, — האָט וויני אונז דערציילט. — איך בין געפאַלן צו די פיס דעם קאַפּיטאַן און אים געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, אַז ער זאָל ניט באַשיסן דאָס שטעטל און די קירכע בעת אַלע פרויען און קינדער געפינען זיך דאָרטן. ס'האָט ניט גע־האָלפן. דערצו סטראַשעט ער נאָך אונז אַלע איבערצוגעבן צום פעלד־געריכט...

— זאָל ער איבערגעבן! — האָבן מיר אַלע אין איין קול אויסגעשריען.

— יאָ! דאָס אַרט מיך ווייניק וואָס; וואָס מיך שרעקט איז דאָס, וואָס ער און די איבעריקע אָפיצירן גרייטן טאַקע צו די באַטאַרייען און וועלן באַלד אָנהויבן שיסן.

— נו, איז דען ניט מעגלאַך אים געבן צו פֿאַרשטיין, אַז ס'איז גאָר ניט קיין העלדישקייט צו באַשיסן אַ קירכע, ווען פֿרויען און קינדער געפֿינען זיך דאָרטן?! — ער איז דאָך אַ פֿראַנצויז, די פֿרויען און קינדער פֿון שטעטל זיינען דאָך אויך פֿראַנצויזן — ווי־זשע קאָן ער דאָס טאָן?!

— ווען איך האָב אים דאָס אַלעם געזאָגט, האָט ער מיך מיטן פֿוס אַ שטויס געטאָן און אויסגעשריען: „זשמאָן פֿו!" (איך פֿייף דערויף!) „אַצינד זיינען זיי אַלע „באַשעס" און מען דאַרף זיי אַלע צעשטערן און פֿאַרניכטן! אַזוי לאַנג ווי דער שונא איז אין שטעטל, זיינען זיי אויך אונזערע פֿיינט!"...

— דער „פּואַנטער" (דער צילער) און דער „שיסער" זיינען אַרעסטירט. איך האָב זיך אויסגעדרייט פֿון זיינע הענט און צו־געלאָפֿן אַהער זיך געזעגענען כאָטש פֿון ווייטנס מיט מיין פֿאַמי־ליע און שטעטל... — האָט יוויני, וויינענדיק, פֿאַרענדיקט.

אין דעם מאָמענט האָבן פֿראַנצויזישע קאַנאָנען גענומען פֿייערן אויפֿן שטעטל פֿון אַלע זייטן...

## כח

# א נ י א

— געהייסן האָט ער זשאַנאַ, גערופן האָט מען אים אַניאַ „לעמעלע", און ער איז דערמיט געווען צופרידן. אַ מיטלוואוקסיקער, אָבער ברייט־ביינערדיקער און פעסטגעבויטער, מיט אַ פּאָר גרויסע קעלבערנע, אומשולדיקע אויגן, וועלכע האָבן שטענדיק ביי אים געגלאַנצט, האָט ער זיך ארומגעדרייט אַן איבעריקער, אַ פרעמדער צווישן זיינע חברים פאַרביטערטע סאָלדאַטן, מיט קיינעם זיך ניט גע'חבר'ט, מיט קיינעם ניט גערעדט. און ווען עמיצער האָט אים פאַרטשעפּעט און געוואָלט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס, פלעגט ער רויט ווערן, אויסגלאָצן אויף יענעם אַ פּאָר גרויסע אויגן, זיי באַלד צוריק אַראָפּלאָזן, אַ ברום טאָן צווישן די ציין אַ פּאָר אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער און אַוועקגיין.

ווען ער איז אין 1916 אָנגעקומען אין אונזער רעזערוו־רעגימענט, וואָס איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַלס אַקטיווער רעגימענט אויף אַ סעקטאָר אין די וואָגעזן־בערג, האָט ער שוין געמוזט אַלט זיין אַ יאָר עטלאַכע און פערציק. אויף געניי האָט קיינער ניט געוואוסט זיינע יאָרן און ער גופא אודאי ניט, ווייל ביי די בערג־לייט פון זיין געגנט, וועלכע זיינען ס'רוב פּאַסטוכער און לעבן פון אָנהויב פרילינג ביז שפּעטן הערבסט מיט זייערע טשערעדעס אַרום די בערג און קומען זייער זעלטן אַהיים אין די דערפער, איז ניט איינגעפירט צו פאַרשרייבן די געבורטן.

ביזן סוף יאָר 1915 האָט זשאַנאַ זיך רואיק געפּאַשעט זיינע שאָף אַרום די בערג און אַפילו ניט געוואוסט צי עס איז גאָר פאַראַן אַ מלחמה אויף דער וועלט. ווייניקער נאָך האָט ער געוואוסט, אַז אַרום די בערג, וואו ער פיטערט זיינע טשערעדעס שאָף, איז פאַראַן נאָך אַ וועלט מיט מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך

מיט עפּעס אַנדערש ווי בהמות־צוכט און רעדן אויף אַן אַנדער שפּראַך ווי זיין פּאַטוא (אַ לאָקאַלער דיאַלעקט)... ער האָט נאָר געהערט, אַז אַמאָל, פאַרצייטנס, ווען אַ קריג פלעגט אויסברעכן צווישן די בערג־פּאַסטוכער, פלעגן רייטער אַרומפאָרן אויף די פערד און בלאָזן אין אַקסן־הערנער, צונויפרופנדיק די פּאַסטוך־יונגען מיט זייערע שפּיציקע אייזנס צו גיין אין קריג אַריין.

איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך געפונען מיט זיין טשערעדע שאָף ווייט פון די בערג. דאָס איז געווען אַרום סוף חודש, ווען די לבנה ווייזט זיך אַרויס ערשט צוזאַמען מיטן פּאַסטוך־שטערן. די בלעטער פון די בוימער זיינען קופּעסווייז געלעגן אויף דער ערד און געפוילט. ניט ווייט פון זיין טשערעדע זיינען פאַרבייגעפאָרן צוויי רייטער אין בלויע אוניפאָרמס, באַלאַדן מיט געווער פון קאָפּ ביז די פיס, און זיי האָבן גענומען אים אויספרעגן ווער ער איז, ווי אַלט ער איז און צי ער איז געווען אין קריג. אַזוי ווי ער האָט ניט געוואוסט פון וואָס צו זאָגן און ניט געקאָנט ענטפערן אויף אַלע זייערע פראַגעס, האָבן זיי אים מיט־גענומען מיט זיך אין דאָרף אַריין, פון דאָרטן האָבן זיי אים צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַסטוכער אוועקגעפירט אין אַ שטאָט (ווי די שטאָט הייסט קאָן ער אונז אויף ריכטיק ניט זאָגן), דער־נאָך אַרויס דער שטאָט און געבראַכט אין אַ קאַזאַרמע מיט אַ גרויסן געמויערטן פאַרקאַן. מ'האָט זיי אַנגעטאָן ווי סאָלדאַטן און אין לע־דערנע שיך מיט טשוועקעס (אַזעלכע שיך האָט ער נאָר איינמאָל אַנגעטאָן: צו דער צווייטער חתונה פון זיין בעל־הבית מיט דער דינסט מאַריע פון זעלבן דאָרף) און געטריבן — ווי זיינע הינט צעזאַר און זשאַקי פלעגן טרייבן די טשערעדע שאָף צום אָנ־טרינקען — אַזוי לאַנג און אַזוי ווייט ביז מ'האָט זיי געגעבן אַ — ווי רופט מען דאָס... — אַ ביקס, און פאַרפּאַקט אין גרוי־סע וואַגנס אַן פערד, וועלכע האָבן זיי געבראַכט אויף אַן אַנדער אָרט, און פון דאָרטן האָט מען זיי געטריבן צופוס ביז אין די בערג אַרויף...

דאָס האָט ער אונז דערציילט ערשט דאָ, ווען ער האָט באַ־קומען דעם חשק און די שפּראַך צו רעדן; ווייל, ערשטנס, האָט ניט ער פאַרשטאַנען וואָס די אַרומיקע רעדן, און ניט די אַנדערע האָבן זיין שפּראַך פאַרשטאַנען און, צווייטנס, האָט ער איבער־

הויפּט ניט ליב געהאַט צו רעדן, און ווען ער פלעגט שוין יאָ נעמען אַ וואָרט אין מויל אַריין, איז דאָס געווען בלויז וועגן שאָף און פּאַשע, טשערעדעס און הינט.

ער האָט נאָך קיינמאָל אין מיליטער ניט געדינט, אין ערגעץ ניט געווען פאַרשריבן, אָדער צוגעשריבן. זיין פאָטער, זיין זיידע און זיין עלטער־זיידע, זיינען געווען פּאַסטוכער און האָבן געפּאַשעט די טשערעדעס שאָף פון דעמזעלבן דאָרף, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען בירושה פון פאָטער צום זון. אויך איצט, זייענדיק מיט אונז אין די טראַנשייען, האָט ער געהאַט בלויז איין זאָרג: וואָס קאָן ווערן פון די שאָף אָן אים? האָבן זיי זיך שוין געמאָלקן? האָבן די הינט געגנוג עסן? איז דער זיידע זיינער געשטאָרבן? אויב יאָ, ווער־זשע גיט אַכטונג אויף דער טשערעדע?

ווען מ׳פלעגט אים שטעלן אַלס וואַך־מאַן אין די טראַנשייען, פלעגט ער זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו די דייטשן און מיטן פּנים צו אונזערע. די גאַנצע אַרבעט אין די טראַנשייען איז אים ניט אָנגעגאַנגען. פון אַטאַקע־פייבער האָט ער ניט געוואוסט, קיין שרעק פאַרן שונא האָט ער ניט געהאַט: ערשטנס, האָט ער קיין שונאים ניט געהאַט, אויסער דעם גראָבן ביסקאָ, דעם שיכור, וואָס פלעגט זיך שאַרן צו זיין שוועסטער׳ס טאָכטער, מאַרטע, און דאָס קליינוואַרג, וואָס פלעגן זיך רייצן מיט זיינע הינט; צווייטנס, האָט ער קיינמאָל קיין „באָש״ פאַר זיינע אויגן ניט געזען און אין זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט ער גאָר ניט געקאָנט זיך אויסמאָלן, צי דאָס זיינען אַזעלכע ניט־גוטע, וואָס טוען אָן שאָדן, נעמלאַך, זיי צאַפּן אויס די מילך פון די מעלקנדיקע שאָף, פלעכטן צוזאַמען די וואָל פון טראָגנדיקע שאָף, אַז זיי זאָלן מפּיל זיין... צי דאָס זיינען עס אַזעלכע מענטשן.

די לעצטע צייט איז ער געוואָרן מרה־שחורה׳דיק און אַרומגעגאַנגען דערשלאָגן. ווען ער פלעגט שטיין אויף דער וואַך, פלעגט ער אַוועקלייגן די ביקס אין אַ זייט אָדער אין קוק־לאָך פון דער טראַנשיי, זיך אַנידערזעצן אויף דער ערד, אָנשפּאַרן די עלנבויגנס אויף די קני און מיט די הענט אונטערשפּאַרן די געמבע, קוקן אין דער ווייטקייט אַריין און זיך פאַרטראַכטן. אַזוי פלעגט ער אָפּזיצן שעה׳ווייז, ביז מ׳איז געקומען אים אָפּבייטן פון פּלאַץ.

די סיבה פון זיין דערשלאָגנקייט, זאָל געווען זיין, — לויט די רייד פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געשטאַמט ניט ווייט פון זיין געגנט און האָבן דעריבער מיט אים געקאָנט אַביסל זיך צונויפ־רעדן, — זיין פאַרגעפיל, אַז זיין טשערעדע איז געבליבן אויף הפקר, אַז זיין זיידע און דער הונט זשאַקי זיינען געשטאָרבן און אַז צעזאָר גייט אַרום גאַנצע טעג הונגעריק און עס איז נישטאָ געגנוג פּאַשע אויפן גאַנצן יאָר פאַר די שאָף...

איינמאָל זיינען מיר, ביים עסן, געזעסן פאַרשטעקט אין אַ שוץ־לאָך, בשעת די דייטשן, האָבן זיך גענומען, ווי זייער שטייגער איז געווען, אונז צושפּילן צום מיטאָג־עסן מיט זייערע באַפליגלטע גרויסע טאָרפּעדן. זיי האָבן געזשומעט איבער אונזערע קעפּ ווי ריזיגע פליגן. און כאָטש מיר זיינען געווען „ניין איילן טיף אין דער ערד”, איז מען דאָך ניט זיכער געווען, אַז די דאָזיגע „רווישנדיקע פליג” וועט אונז אַהין ניט דערגרייכן. מיר זיינען געווען אַרומגענומען פון הוילן פחד און טויט־שרעק פאַר די „מלאכי חבלה”... פּלוצלונג דערהערט זיך צווישן דער צוזאַמענגעדריקטער מענטשן־מענגע אַ קלאָג־אויסרוף און עטלאַכע אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער.

— וואָס איז דאָרטן געשען? — פרעגט דער סערזשאַנט, וועלכער איז מיט אונז געלעגן אין באַהעלטעניש.

— גאָרנישט — ענטפערט אים אָפּ איינער. — דאָס קלאָגט „אַניאַ,” „דאָס לעמעלע,” אויף זיין פאַרבלאָנדזשעטער טשערעדע שאָף...

אין דעם אויגנבליק הערט זיך אַ שטאַרקער טעמפּיקער פאַל, דערנאָך אַ דונער און אַן אויפרייס איבער דעם אָרט פון אונזער „באַהעלטעניש”.

דער סך־הכל פונם אויפרייס איז געווען: איין־און־צוואַנציק לעבעדיק־פאַרשאָטענע סאָלדאַטן. מ'האָט זיי דערנאָך פון צווישן די חורבות ניט געקאָנט אפילו אויסגראָבן, און בתוכם — אויך זשאַנאַ, אָדער אַניאַ — „דאָס לעמעלע.”...

## כט

# דאָס פּאַריזער באַלעבעסל

דאָס פּאַריזער באַלעבעסל איז געווען אַ זעלטענער עקזעמ־פּליאַר פון אַ טיפּ איד: הויך געוואקסן, גרויס און שטאַרק, נאָר — שרעקעדיק ווי אַ קינד, מיט יעדן האָט ער איינגעשטימט, און יעדערער איז געווען ביי אים גערעכט. און אַז די „פּריוווּיליקע רוסן" זיינען אַרויס אין אַ סטרייק, איז ער געווען פון די ערשטע צוצושטיין. און ווען דער קאַלאַנעל מיט די קאַפּיטאַנען זיינען געקומען און גענומען סטראַשען מיט דערשיסן און גערופן צו זיך די וואָס ווילן ניט טראָגן די שווערע קאָנסעקווענצן פון דער שטראָף, איז ער געווען דער ערשטער חרטה צו האָבן און איבער־לאָזן זיינע חברים צו זייער אייגענעם שיקזאַל.

געהאַט אַ פרוי מיט דריי קינדער. ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אַלס פריוווּיליקער צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, האָט מען אים איינגערעדט און ער האָט פעסט געגלויבט, אַז די מלחמה וועט מער ניט דויערן ווי זעקס וואָכן, העכסטנס דריי חדשים. באַווייזן דערצו זיינען געווען גענוג:

אייראָפּע, וואָס איז אַזוי ענג פאַרבונדן צווישן זיך, וועט ניט קאָנען לעבן לאַנג אין קריג. דייטשלאַנד מוז אָנקומען צו רוסלאַנד נאָך לעבנסמיטל; פראַנקרייך צו דייטשלאַנד דאַרף אָנקומען צוליב כעמישע שטאָפן. ענגלאַנד וועט אָפּשליסן מיט איר פלאָט די ים'ען, וועט אַניספּעלן ברויט, נאַפט און קוילן. מיט איין וואָרט: די מלחמה קאַן ניט לאַנג אָנהאַלטן. און דערפאַר איז ראַטזאַם, אַז די פרעמדע זאָלן זיך אַנשליסן אַן דער פראַנצויזישער אַרמיי, ווייל ביז מען וועט זיי אויסלערנען צו האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט, און עס וועט אויסקומען זייער ריי צו גיין אויפן פראַנט, וועט שוין די מלחמה זיין צו ענדע און מען וועט זיי לאָזן פריי צו זייערע ווייבער און קינדער.

און נאָך אַ טעם האָט ער געהאַט: צו לעבן אַלס „פרעמדער בירגער" אין אַ לאַנד, וואו עס איז גאַנץ גוט און מען מאַכט אַ לעבן — ווערט דערעסן. אָבער אַז ער וועט קומען פון דער מלחמה ווי אַן „אמת'ער פראַנצויז", זיינע קינדער וועלן זיין פראַנ־צויזן, און ער וועט אויך האָבן צו דערציילן וואָס ער האָט מיט־געמאַכט אין דעם קריג — וועט קיינער אים ניט קאָנען מער

אויפוואַרפן, אַז ער איז אַ פרעמדער, וואָס איז געקומען אויפעסן ביי די פּראַנצויזן זייער ברויט. מען וועט אויף אים מער ניט קוקן קרום, ווען ער וועט רעדן אַ שלעכטע פראַזע אין פראַנצויזיש.

די זעקס וואָכן, וואָס די מלחמה האָט געזאָלט אָנהאַלטן, לויט זיין אויסרעכענונג, האָט זיך פאַרצויגן אויף מער פון אַ יאָר און עס נעמט ניט קיין סוף.

ער האָט שוין מיטגעמאַכט אַ פּאָר גרויסע אַטאַקעס און קוים אַרויס אַ גאַנצער מיט די ביינער. ער איז שוין געוואָרן אַן אַלט־געבאַקענער סאָלדאַט און האָט זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט צום טראַנשיי־לעבן, אַז דאָס ציווילע לעבן זעט אים אויס אַ פרעמדס, אַ לאַנג־פאַרגעסנס. די ביקס האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון וויב, ווי מ׳האָט אים אָנגעזאָגט אין קאַזאַרמע. זיין גאַנצע אויפמערק־זאַמקייט, האָט מען אים אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ, דאַרף ער אָוועק־געבן דער דיסציפּלין און די באַפעלן פון זיינע עלטסטע, ווייטער דאַרף ער זיך ניט קימערן וועגן קיין שום זאַך.

און איינמאָל, בשעת אַ מאַנעוור, ווען ער, מיט נאָך אַ פּאָר פון דעמזעלבן סקוואַד זיינען געגאַנגען אויסזוכן האָלץ אויף אויפ־צוקאָכן קאַווע פאַר דער סעקציע, האָט אַ פויערטע פון דער פאַרם זיך באַקלאָגט פאַרן אָפיציר, אַז זיי האָבן איר צעבראָכן דעם פּלויט און אים פאַרנוצט אַלס ברען־מאַטעריאַל. האָט דער אָפיציר זיי געפרעגט:

— וואו האָט איר גענומען דאָס האָלץ?

— מיר האָבן דאָס געפונען אויף אונזער וועג — האָט איינער געענטפערט.

— וואָס? — איז דער אָפיציר געוואָרן אָנגעצונדענער, — איר האָט דען אַ וועג? וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך: „אונ־זער וועג״! ווייסט איר דען ניט, אַז איר האָט ניט קיין אייגענעם וועג, אַ חוץ דעם וועג, וואָס מ׳באַפעלט אייך צו גיין!

און דער אָפיציר האָט אָוועקגעלייגט פאַר זיי אַ פּאַרציע מוסר און זיי געגעבן אַ לעקציע וועגן דיסציפּלין און מיליטערישער טעאָריע, אַז אַזעלכע אַלטע סאָלדאַטן, ווי זיי זיינען, דאַרפן שוין וויסן ווי צו רעדן מיט אַן עלטסטן און ניט האָבן קיין אַנדער מיינונג פון די אָפיצירן און קיין אַנדער וועג, אַ חוץ דעם וועג, וואו מ׳שיקט זיי און מ׳באַפעלט זיי צו גיין.

נאָך דעם ווי דער אָפיציר איז אַוועק פון זיי, האָבן אַ פּאָר געגומען איבערקייען די מוסר־רייד פון זייער עלטסטן און עס איז זיי געוואָרן זויער אין מויל. אָבער דאָס פּאַריזער באַלעבעסל האָט זיך גאָר ניט געקימערט און עס איז ביי אים פאָרגעקומען נאַטירלאַך און זעלבסטפאַרשטענדלאַך, אַז ער טאָר ניט פאַרמאָגן קיין אַנדער וועג, אַ חוץ דעם פון זיינע עלטסטע.

די ערשטע נאַכט, ווען אונזער באַטאַליאָן האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע אויפן נייעם וואַלד־סעקטאָר און מ'האָט צעשטעלט די וואַך, פאַרגלוסט זיך דעם פּאַריזער באַלעבעסל צו מאַכן אַ שטיקל שפּאַציר אין וואַלד ניט ווייט פון דער פּאַלאַטקע פון זיין אָפּטיילונג. נאָר אַזוי ווי ס'איז שוין געווען פינצטער, האָט ער זיך ניט אַזוי גוט אָריענטירט צווישן די ביימער פון וואַלד און פאַרלוירן דעם וועג אויף צוריק... אַזוי ווי ער בלאָנדזשעט, זוכנדיק זיין פּאַלאַטקע, הערט ער ווי מ'שרייט: „האַלטא לאַ! קיווייווי?!"
און אַזוי ווי ער האָט גערעדט פראַנצויזיש ווי אַ טערק, האָט ער געענטפערט: „קאַמעראַד פראַנסע!" און אַז יענער האָט דערהערט די צוויי ווערטער מיטן אַקצענט איז ער געווען ביי זיך איבערצייגט, אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ דייטש, וואָס האָט זיך פאַר'גנב'עט אין די פראַנצויזישע טראַנשייען, און ניט קלערנדיק קיין סך — אויסגעשטעלט די ביקס און אָפּגעשאָסן אין דער האַנט פון דעם „קאַמעראַד." דאָס באַלעבעסל האָט גענומען שרייען פון ווייטיק און טויט־שרעק און יענער, פון שרעק און איבעראַשונג, האָט גענומען שיסן אין דער וועלט אַריין, ביז מ'איז זיך צוזאַמענגעלאָפן און געפונען דעם באַלעבעסל ליגנדיק אין אַ טייך בלוט מיט אַ דורכגעשאָסענער האַנט, און דעם פראַנצויזישן סענטינעל, — אין איבערגעשראָקענעם צום טויט, גלויבנדיק, אַז אַ דייטש איז אים באַפאַלן...

דעם צווייטן טאָג איז די געשיכטע פאַרגעלייענט געוואָרן אין רעפּאָרט פאַר'ן רעגימענט און מ'האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די פראַנצויזישע סאָלדאַטן, אַז צווישן זיי געפינען זיך פרייוויליקע רוסן, און זאָלן די פראַנצויזן ניט מאַכן מער אַזעלכע טעות'ן...
אַזוי מ'בעט די נייע אָנגעקומענע „רוסן" זיי זאָלן אַליין ניט אַוועקגיין פון דעם טראַנשיי, וואָרים דער וועג איז זיי אומבאַקאַנט. און דערמיט האָט זיך עס געענדיקט.

ל

# אידן צווישן פראנצויזן אויפן שלאַכטפעלד

עמיל לאַרענס איז געווען דער איין־און־איינציקער פאַרבי־סענער פּאַטריאָט אין דעם גאַנצן רעגימענט, און אַ „זשוסקאבו־טיסט" (אָנהייגער פון מלחמה ביז אַ נצחון), וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער ערשטער ליניע, און זיינע לאַנדסלייט פון דרום־פראַנקרייך („קאָט ד'אַזיר") אינם זעלבן רעגימענט פלעגן אים האַסן פאַר זיין איבערנאַטירלאַכן פּאַטריאָטיזם, פאַר זיין גרויס־האַלטן זיך און בלאָזן פון זיך.

מיט אַ כיוון אים צו ערגערן, פלעגן זיי שטענדיק זינגען דאָס באַוואוסטע פאָלקס־ליד: „איך גיב אַוועק ווערסאַל, פּאַריז און סען־דעני פאַר דער געגנט וואו עס וואוינט מיין בלאָנדע מיידל, דאָס לאַנד פון מיין בלאָנדער — אַך, ווי שיין, ווי פּרעכטיק דאָס איז!"

דאָס לידל פלעגט אים שטאַרק ערגערן. איבערהויפּט איז אים געווען ניט צום האַרצן די גרינגשעצנדיקע שטעלונג פון זיינע לאַנדסלייט צו דער מלחמה, ניט קימערנדיק זיך צו וויסן ווער ס'איז דער שולדיקער אָדער ווער ס'וועט די מלחמה געווינען.

דערפאַר פלעגט ער אַרומגיין — די פאַר טעג, וואָס ער האָט זיך מיט זיינע לאַנדסלייט געפונען אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט, — אַן איינזאַמער, אַ שווייגנדיקער, מיט קיינעם ניט גע־רעדט און מיט קיינעם זיך ניט גע'חבר'ט. ער פלעגט נאָר אַמאָל פאַרוואַרפן זיינע לאַנדסלייט זייער אומוויסנקייט, זייער לצנות און גלייכגילטיקייט צו אַלצדינג, וואָס קומט פאָר פאַר זייערע אויגן. זיי האָבן דאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן, איבערהויפּט האָבן זיי אים

ניט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס ער געפינט זיך מערסטנטיילס אין דער קאָנצעלאַריע פון גענעראַל־שטאַב אין אַ שטעטל הינטערן פראָנט.

ווען מיר, אַ גרופּע פּריוויליקע, זײַנען צוגעשיקט געוואָרן צו דער אָפּטיילונג, צו וועלכער לאַרענס האָט געהערט, איז ער שוין אויפן פראָנט ניט געווען. זײַנע קאָלעגן פון דער אָפּטיילונג האָבן אונז דערציילט וועגן אים, אַז ער איז אַ פּראָפעסאָר, קאָן רעדן פיל שפּראַכן און איז בלויז צוגעשריבן צו דעם „סקוואַד." די מערסטע צײַט געפינט ער זיך אָבער אין גענעראַל־שטאַב און אין דער קאָנצעלאַריע בײַם קאָלאָנעל. אויף דער ערשטער ליניע קומט ער נאָר בעת אַ קאָרפּוס־גענעראַל מאַכט אַן אינספּעקציע, ווען אַלע פּריווילעגירטע לײַדיקגייער און אונטערלעקער מוזן זיך לפּנים ווײַזן אויף די ערשטע ליניעס, כדי עס זאָל אויף זיי ניט פאַלן קיין חשד, אַז זיי באַהאַלטן זיך אויס פון געפאַר.

באַקאַנט האָבן מיר זיך מיט אים אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן:

איינמאָל, ווען אונזער רעגימענט האָט זיך געפונען אין אַ שטעטל אויף אָפּרו נאָך אַ חודש צײַט בײַ ערשטער ליניע, זיצן מיר, די פּאָר פּריווילעגירטע פּריוויליקע, וואָס זײַנען צוגעטיילט געוואָרן צו דעם רעגולערן רעגימענט, און שפּילן אין דאַמקעס, וואָס מיר האָבן אַליין פאַבריצירט פון ווייך ברויט, אויף אַ שאַך־ברעט פון פּאַפּיר. מיר ליגן אַזוי אויסגעצויגן אויף דער ערד און זײַנען שטאַרק פאַרטיפט אין דער שפּיל. אַרום אונז שטייען אין זייער גאַנצער לענג, די קעפּ אָנגעלעגט אויף די עלנבויגנס אויסגעשטעלט אין אַ רעדל די פראַנצויזישע חברים און קוקן צו ווער פון אונז ס'וועט זײַן דער זיגער. מיר, זייענדיק פאַרטיפט אין דער שפּיל, האָבן ניט באַמערקט ווער עס שטייט איבער אונז און פאַרטגעזעצט די שפּיל מיט היץ און אויסגעשרייען: „דו האָסט ניט ריכטיק געשפּילט, מײַן ליבער! ווייס איז געווען צו־ערשט, איצט גייט שוואַרץ"; „איך צי צוריק מײַן גאַנג"; „דו האָסט מיר אונטערגעשטעלט אַ פּאַסטקע און געפּאַקט דרײַ שטיי־נער, האָב איך זיך מיט דיר אָפּגערעכנט בײַ דער ערשטער בעס־טער געלעגנהייט!" בשעת מעשה רוקט זיך צו אונז צו אַ פּנים חדשות מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען און אַ פּענסנע און נעמט אַן אַנטייל אין אונזער שפּיל. פּלוצלונג רופט ער זיך אָן צו איי־נעם פון אונז:

— איר זייט רוסן, ניט אמת?
—יאָ! — ענטפערט אים אָפּ יענער.
— פּאַרוואָס־זשע רעדט איר דייטש: ווייס, שוואַרץ, גיין, רוקן?
— דאָס איז ניט דייטש, נאָר אידיש.
— אידיש? וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך?
— אַזאַ דייטשער דיאַלעקט...
אַ צווייט מאָל איז ער צו אונז צוגעגאַנגען און געפרעגט, צי אַלע רוסן שרייבן און לייענען פון רעכטס אויף לינקס.
— ניין, נאָר אידן!
— אַזוי גאָר! — איז ער רויט געוואָרן. — און איך האָב געמיינט, אַז איר זייט רוסן.
— דאָס הייסט, מיר זיינען רוסן פון רוסלאַנד, אָבער פון דער אידישער ראַסע.
מער האָט ער זיך מיט אונז ניט באַשעפטיקט און פון דע־מאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן זיך באַציען צו אונז מיט אַ גע־וויסן חשד.
איינמאָל איז אונזער סקוואַד אויסגעקומען צו גיין אין מיטן נאַכט, אויסהאַקן בוימער אויפן דערבייאיקן באַרג און זיי ברייג־גען אין די טראַנשייען. דאַרף גראַד דאָן, צו אונזער שלימ־מזל, זיין אַ פינצטערע נאַכט, דערצו רעגן און פוילע קעלט. דער ווינט האָט געשמיסן דעם רעגן אונז אין פּנים אַריין און גע־שטערט דעם גאַנג. אַזוי אַז ביז מיר זיינען אָפּגעגאַנגען דעם וועג און צוגעקומען צום אָרט איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. דורכגענעצטע און דערפרוירענע פון רעגן און קעלט ביז צו די ביינער, האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט, פאַרשטייט זיך, ניט מיט גרויס פלייסיקייט. אַלץ איז געווען נאַס און געגליטשט זיך פון די הענט. האָבן די פראַנצויזן אָנגעהויבן זיך צו באַ־קלאָגן אויף זייער ביטער מזל און שילטן אויף וואָס די וועלט שטייט...
מיר, די פריש־אָנגעקומענע געסט, וועלכע זיינען געווען דער לעבנס־עלעקסיר און די סערום־איינשפּריצונג אין דעם קערפּער פון דעם רעגימענט, האָבן זיך אַזוי שנעל ניט אונטערגעגעבן די שווערע אומשטענדן און גענומען זינגען ניגונים, איינעם נאָך

דעם אנדערן, ביז מיר זיינען ארויף אויף דער „מארסעליעזע.״ דאָס האָבן שוין אונזערע פראַנצויזישע חברים ניט געקאָנט פאַר־טראָגן און גענומען אונז זידלען און פאַרוואַרפן, אַז מיר זיינען געקומען זיי שיטן זאַלץ אויף די וואונדן. ניט גענוג — האָבן זיי זיך געקלאָגט — וואָס מיר פּלאָגן זיך אַזוי ביטער אויף דעם גיהנום׳דיקן פראָנט, צו וועלכן מ׳האָט אונז געצוואונגען גיין מיט געוואַלד, קומט איר, יונגע שנעקעס, גאַרנישטן, און אַנגאַזשירט זיך פרייוויליק און קומט אונז נאָך רייצן מיט דער פאַרשאָלטע־נער „מארסעליעזע״! צו וואָס שיקט מען אונז אין אַזאַ וועטער צו טאָן אַזאַ אומנוצלאָכע אַרבייט?! איז דען ניט גענוג דער טויט אַליין, וואָס וואַרט אויף אונז יעדע מינוט און יעדע רגע?!

אויף זייערע פאַרוואָרפן האָט קיינער ניט געענטפערט, אפילו ניט דער קאָרפּאָראַל מאָסאָ, וואָס איז געווען דער איינגסטער פון דער אָפּטיילונג און אַ לעבע־יונג. דער איינציקער, וואָס האָט זיך אָנגענומען אונזער קריוודע, איז געווען לאַרענס.

— איר מעגט זיך שעמען — האָט ער זיך אָנגערופן — אָנצופאַלן אויף מענטשן דערפאַר, וואָס זיי זיינען פון דער פרעמד געקומען און זיך פרייוויליק געשטעלט אין אייערע רייען זיך שלאָגן פאַר דער גערעכטיקייט און פאַר אייער לאַנד, וואָס אַ בייזער פיינט איז פּלוצלונג באַפאַלן! איר זידלט זיי דערפאַר, וואָס זיי זינגען דאָס קאַמפּס־ליד פון אייערן אַ לאַנדסמאַן, מיט וועמען ניט נאָר פראַנקרייך, נאָר די גאַנצע וועלט איז שטאָלץ? איך ווייס — האָט ער סאַרקאַסטיש צוגעגעבן — אַז ווען זיי וואָלטן געווען געזונגען אַנשטאָט דער „מארסעליעזע״ דאָס ליד „איך גיב אַוועק ווערסאַיל, פּאַריז און סען־דעני,״ א. א. וו., וואָלט איר גאָר ניט געהאַט דאַגעגן!...

מיט דעם האָט ער שוין איבערגעכאַפּט די מאָס פאַר די מידע, שלעפעריקע, דורכגעווייקטע און פאַרמאַטערטע סאָלדאַטן און זיי האָבן אים גענומען „דעקן״ פון אַלע זייטן.

— דו פּוילנצער! דו דאַרפסט ניט רעדן! אויב דו ביזט טאַקע באמת אַזאַ פאַרברענטער פּאַטריאָט, פאַרוואָס־זשע ביזטו ניט שטענדיק אויפן פראָנט אויף דער ערשטער ליניע? וואָס רעדסטו, דו „זשוסקאָבוטיסט״ וואָס דו ביזט?! ווער־ווער, נאָר דו זאָלסט שווייגן!

די דאַזיקע פּאַסירונג האָט זייער פיל פאַרשאַרפט דעם אַנ־טאַגאַניזם צווישן לאַראַנס'ן און זיינע לאַנדסלייט פון דער זעל־ביקער אָפּטיילונג, און אים, לאַראַנס'ן, דערנענטערט צו אונז, פרעמדע. ער איז מיט אונז געוואָרן אַ גוטער ברודער און פלעגט אָפט פאַר אונז זיך אויסרעדן זיין ביטער האַרץ אויף זיינע פראַנ־צויזן, וואָס פאַרשטייען אים ניט... מיר, ווידער, פלעגן זיין די רודף־שלום'ניקעס און פאַרמיטלער צווישן אים און די איבעריקע סאָלדאַטן פון דער אָפּטיילונג. האָט איין צד אַריבערגעכאַפּט די מאָס, זיינען מיר געוועזן פאַר'ן צווייטן צד, און שטענדיק אַכטונג געגעבן, אַז שלום און גלייכגעוויכט זאָלן הערשן אין דער אָפּטיילונג. לאַראַנס איז מיט אונז געוואָרן היימיש און אונז דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע: ער שטאַמט פון אַ נאָבעלער, פּראָטעסטאַנטישער פאַמיליע, האָט פיל שטודירט אין דער יוגנט, און ווען ער האָט געהייראַט מיט דער איינציקער טאָכטער פון אַ דייטשן רייכן פאַבריקאַנט, האָט אים דער שווער אַריינגענומען צו זיך אין געשעפט, און ער איז, אַנשטאָט פּראָפעסאָר, געוואָרן אַ קאָמערסאַנט. די ביבל האָט ער עד היום זייער ליב, פיל מער ווי די איליאַדע און אָדיסיי, וועלכע ער האָט געקענט ממש אויף אויסנווייניק. די רוימישע קלאַסיקער און אויך די קלאַסיקער פון זיבעצנטן און אַכצנטן יאָרהונדערט זיינען אים געווען שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון, ווייל ער האָט זיי געשטודירט אין זיין יוגנט, אָבער די ביבל איז אים געווען ליבער און טייערער פון אַלע קלאַסישע ווערק..

און ווירקלאַך: זיין רעדן איז געווען פול מיט פּסוקים פון דער ביבל. נאָר, ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט די ביבל, אַזוי האָט ער פיינט געהאַט דאָס פאָלק פון דער ביבל. מ'האָט ניט געדאַרפט לאַנג זיין מיט אים צוזאַמען, כדי אַרויסצוזען זיין אידנפיינטלאַכקייט.

אונז האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט צו וויסן: ווי קומט עס, וואָס אַזאַ אינטעליגענטער מענטש און ביבל־קענער זאָל זיין אַן אַנטיסעמיט? וואָסערע סיבות האָבן אים דערצו געבראַכט, און וואָס האָט ער אויסצוזעצן קעגן דעם אידישן פאָלק? מיר האָבן וועגן דעם צווישן זיך געשמועסט און געפאָרשט. מיר זיינען אָבער צו קיין רעזולטאַט ניט געקומען. ענדלאַך האָבן

מיר באַשלאָסן דעם בעל־דבר גופא פרעגן, וואָס ער דענקט וועגן אידן.

ווען מיר האָבן אים צוגעדריקט צו דער וואַנט און אים אויפגעפאָדערט, אַז ער זאָל אַרויס מיט קלאָרע ווערטער, פאַרוואָס ער האָט ניט ליב די אידן, האָט ער געזוכט מיט אַלע מיטלען זיך אַרויסצודרייען פון צו געבן אַ דירעקטן ענטפער און גענומען פּראָטעסטירן פאַרן בלבול, וואָס מיר ווילן אויף אים מאַכן: ער איז ניט קיין אַנטיסעמיט. דער בעסטער באַווייז איז דאָס, וואָס בעת דעם דרייפוס־פּראָצעס איז ער געווען אַ פאַרכאַפּטער און הייסער דרייפוסאַר.

— נו, פאַרשטענדלאַך. דאָס איז געווען צוליב אייערע רע־ליגיעזע איבערצייגונגען — האָט אים פון אונזער צד איינער גע־ענטפערט — אייך איז נאָך געלעגן אין טעם דער „דרייפוס־ענין" פון אַכצנטן יאָרהונדערט מיט דעם פּראָטעסטאַנט קאַלאַס, ניט אַזוי?

— ניט נאָר אַלס פּראָטעסטאַנט, נאָר אויך אַלס מענטש האָט מיר מיין גערעכטיקייט־געפיל דיקטירט צו זיין אויף דער זייט פון גערעכטן.

— אָבער וואָס פאַר אַ געפיל באַוועגט אייך פיינט צו האָבן די אידן? — האָט אים אַ צווייטער אונטערגעשטעלט אַ פּיסל.

— אויב איר באַשטייט אויף דעם, וועל איך אייך זאָגן אָפן. מיין אַנטיפּאַטיע צו אידן שטאַמט טאַקע אַדאַנק דער ביבל. אידן זיינען פון תמיד אָן געווען אַ האַרטנעקיג און ווידערשפּעניק פאָלק, הן קעגן זייער גאָט, הן קעגן זייערע פירער. זיי זיינען שטענדיק געווען אומדאַנקבאַר פאַר די טובות, וואָס מ'האָט זיי געטאָן. אפילו מסוגל געווען צו באַליידיקן און שלאָגן אַ נביא, וואָס האָט זיי געראָטן צו זיין גוט; אַן אַנדער נביא האָבן זיי אפילו פאַרשטיינערט און דער'הרג'עט אין מיטן הייליקן טעמפּל פון גאָט און אַ דריטן האָבן זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די רוימער אים צו קרייציקן...

ביי די לעצטע ווערטער איז ער פון פאַרדרוס אַזש רויט גע־וואָרן... ס'איז געווען קענטיק, אַז ער האָט מיט זיך פיל געקעמפּט איידער ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוקומען מיט דער באַשולדיקונג. אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן און זיך איבערגעקוקט. צו־

לעצט האָט דער שטענדיק־שווייגנדיקער בערנאַרד זיך אָנגערופֿן:

— ווען מ'זאָל אייערע אַרגומענטן אָננעמען פֿאַר גילטיק, קומט אויס, אַז פֿאַר די זינד, וואָס די אידן זיינען באַגאַנגען מיט טויזנטער יאָרן צוריק, דאַרף מען זיי דערפֿאַר נאָך איצט אויך האַסן. איר זייט דאָך פֿיל ווייטער אַוועק פֿון אַלטן אידישן גאָט גופֿא, וואָס טראָגט אַ שנאה פֿאַר די זינד און געדענקט אַ פֿאַרברעכן בלויז ביזן דריטן, העכסטנס ביזן פֿערטן דור, און איר צילט ווייט־ווייט אין די טויזנטער יאָרן אַריין. אויב אַזוי, דאַרף מען אויך האַסן דאָס גריכישע פֿאָלק, וואָס האָט דורך סם אומגעבראַכט סאָקראַטעס'ן, וואָס איז אפֿשר פֿאַר דער מענטשהייט געווען אַזוי וויכטיק ווי דער נביא פֿון נצרת, און די זעלבע גריכן זיינען אין זייער גלענצנדיקער עפּאָכע באַגאַנגען פֿיל אַנדערע פֿאַרברעכנס און אַפֿגעטאָן אַ סך אַנדערע אומגערעכטיקייטן. נאָך מער קומט צו האַסן, נאָך אייערע רייד, די רוימער, פֿאַר די פֿאַרברעכנס און אומדאַנקבאַרקייט בנוגע זייערע פֿירער און טובה־טוער. האַלט איר פֿאַראַנטוואָרטלאַך אַלע פֿראַנצויזישע קאַטאָליקן פֿון אונזער צייט פֿאַר דער בלוטיקער באַרטאָלאָמייער נאַכט? אָדער פֿאַרן טויט פֿון אַדמיראַל קאָליני? פֿאַר דעם פֿילאָזאָף פּיער ראַמוס? קאָן מען דען איצט באַשולדיקן ווען ניט איז אין דעם טויט פֿון אַ זשאַנע ד'אַרק? וועט נאָך איצט אימיצער וואַגן צו וואַרפֿן שטיינער אין פֿראַנצויזישן פֿאָלק סיי פֿאַרן ווייסן, סיי פֿאַר דעם רויטן טעראָר בעת דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָ־לוציע, פֿון וואָס די פּאַריזער קאַטאַקאָמבעס זיינען די עדות ביז היינטיקן טאָג?... ווער וועט זיך איצט נעמען באַשולדיקן דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק פֿאַר דעם פּריצייטיקן טויט פֿונם פּאָעט שעניע, פֿונם בעמיקער לאַוואָאַזיע און פֿונם פֿילאָזאָף קאָנדאָרסע און זייער גלייכן, וועלכע די גילאָטינע האָט דאַן אַזוי אום־ברחמנות'דיק געשניטן? און איר באַשולדיקט דאָס אידישע פֿאָלק פֿאַר די פֿעלערן, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען מיט טויזנטער יאָרן צוריק! און, לאָמיר צוגעבן, אַז די אידן זיינען זיך שלעכט באַגאַנגען מיטן נביא ירמיה. וואָלט איר זיך דען אַצינד, אין איצטיקן מאָמענט, בעסער באַגאַנגען מיט אים, צי מיט אַן אַנדערן גרויסן מאַן, וואָס וואָלט זיך גענומען מישן אין דער אינער־לאַכער און אויסערלאַכער פּאָליטיק פֿון אייער לאַנד און שרייען,

מע זאָל מאַכן שלום בעת דער פּיינט באַלאַגערט אייערע פעלדער און שטעט?

זאָל אַ ראָמען ראַלאַן אָדער אַנאַטאָל פראַנס געווען אַרויס־לאָזן אויפרופן צו די פראַנצויזן אין דעם יאָר 1914, אין דעם קריטישן מאָמענט, ווען די אַרמייען פון קרוינפּרינץ זיינען גע־גאַנגען אויף פּאַריז, אַז מ'זאָל אַוועקלייגן די וואָפן און זיך אונטערגעבן די דייטשן, ווי אַזוי וואָלט איר זיך מיט זיי געווען באַגאַנגען? וואָלט איר זיי ניט געווען פאַרשטיינערט? און אויב מ'האָט געטויט אין בית־המקדש דעם נביא זכריה, האָבן די אידן גענוג דערפאַר באַצאָלט מיט בלוט פון קליינע אומשולדיקע קינדער און אַלטע גרויע לייט.

איצט וועגן קריסטוס'ן, וואָס איז ביי אייך דער העכסטער פּונקט פון דער באַשולדיקונג. איך וואָלט אייך נאָר בעטן נעמען דאָס בוך פון רענאַן „דאָס לעבן פון יעזוס," אין וועלכן דער גרויסער און קלוגער געלערנטער גיט־צו, אַז די אידן האָבן פול־קאָם רעכט געהאַט צו באַשולדיקן קריסטוס'ן אין פאַראַט, אויב ער האָט זיך געקאָנט אויסדריקן, אַז ווען ער זאָל נאָר וועלן, וואָלט אין דריי טעג צייט אַ שטיין אויף אַ שטיין ניט געבליבן פון הייליקסטן טעמפל אין ירושלים. ווער וואָלט אַנדערש געהאַנדלט מיט איינעם, וואָס דראָעט צו צעשטערן דעם הייליקסטן טעמפל און די באַליבטסטע שטאָט? ווען דאָס וואָלט געשען אין דער קולטורעלער פראַנקרייך אין איצטיקן יאָרהונדערט, וואָלט מען דאָך דאָס אויך ניט פאַרשוויגן! איבערהויפּט האָבן די אידן דאָך ניט געקאָנט שולדיק זיין אין זיין טויט. וואָלטן זיי געווען האָבן צו יענער צייט אַביסל מאַכט, צי אַפילו אַ קליינעם איינ־פלוס, אויפן רוימישן גובערנאַטאָר, וואָלטן זיי דאָך געווען גע־פּועל'ט, אַז די שענדלאַכע אויפשריפט און לעסטערונג קעגן אי־דישן פאָלק — „ישו פון נוצרת דער מלך פון די אידן" — וואָס האָט זיך געפונען איבער דעם געקרייציקטן, זאָל גלייך אַרונ־טערגענומען ווערן און ניט מאַכן זיי צו־שפּאָט, באַווייזנדיק די אומבאַהאָלפנקייט פון די אידן אין זייער אייגענער שטאָט...

צולעצט וויל איך אייך זאָגן, מיין פריינט, אַז וואָס איז שייך אייער אַנטיפּאַטיע צו די אידן, איז פאַראַן גאָר אַן אַנדער סיבה, דיזעלבע וואָס דער גריכישער פּויער האָט געגעבן וועגן

אריסטיד׳ן: איך פערזעגלאך האב צו אים גארנישט, נאר איך בין שוין מיד צו הערן רעדן וועגן אריסטיד דעם גערעכטן.

ביי די לעצטע ווערטער פון דעם „שטילן בערנארד", האבן אלע צוהערער געווענדט זייערע בליקן אויף לאראנס׳ן, צו זען וואס פאר אן איינדרוק בערנארד׳ס רייד האבן אויף אים געמאכט.

— איך האב דאך אייך צו אלעם ערשטן געזאגט — האט ער זיך גענומען דרייען — אז איך האב גארנישט אויסצוזעצן קעגן אידן, און אייך דאס באוויזן מיטן פאקט, וואס איך בין געווען א דרייפוסאר. וואס נאך ווילט איר פון מיר? די ארגומענטן וואס איך האב ארויסגעזאגט זיינען דאך ניט מיינע, נאר פון דער ביבל, און עס איז ניט מיין שולד, וואס אין דער ביבל ווערט דערציילט ווי די אידן האבן גע׳הרג׳עט זייערע אייגענע נביאים. אגב, קלייבט זיך איצט קיינער ניט ארויסצוטראגן א פסק אויף אייך פאר יענע זינד.

— נאר איר רעכנט זיי צו אויף אונזער חשבון, ניט אזוי?

— איך פערזעגלאך האב קיין סך אידן ניט געקענט, נאר די, וואס איך האב באגעגנט, האב איך שטענדיק סיי זומער, סיי ווינטער, געטראפן מיט לאנגע פוטערנע מאנטלען און אויפ־געשטעלטע קאלנערס, און וואו זיי זיינען געשטאנען אדער געזעסן האבן זיי געהאלטן אין איין כראקען און שפייען, אזוי, אז די גאל האט זיך געקאנט איבערקערן. איך גלויב, דעריבער, אז אידן זיינען ניט קיין גאר גאר זויבער פאלק און גיבן כלל ניט אכ־טונג אויף היגיעניע.

— איצט זעט איר ארום מיט קלארע ווערטער, אבער איר, אלס געבילדעטער מענטש, וואלט ניט געדארפט ארויסטראגן אן אורטייל וועגן א גאנצן פאלק, זעענדיק פאר זיך נאר איינצלנע עקזעמפליארן. פארגעסט ניט, ערשטנס, אז איר וואוינט אין דער געבענטשטער זוניקער געגנט פון פראנקרייך — „לא קאט ד׳אזיר" — וואוהין עס קומען צו פארן לונגען־קראנקע פון דער גאנצער וועלט זיך צו היילן; די אידן, וואס איר האט געזען ביי אייך, מיט פעלצן און מיט אויפגעשטעלטע קאלנערס, סיי זומער, סיי ווינטער, זיינען געווען קראנקע מענטשן, און זיי האבן מורא געהאט פאר א פארקילונג; זיי שפייען און כראקען ניט פאר פאר־געניגן, נאר מחמת אזוי איז שוין די טבע פון די לונגען־קראנקע.

ציען דערפון א שלום, אז אלע אידן זיינען שמוציק, איז ניט נאר אומלאגיש, נאר אויך בייזוויליק. וואס וואלט איר געזאגט, ווען מיר באשטעטיקן אייך, אז די פראנצויזן זיינען א פאלק פון אנאלפאבעטן, אנווייזנדיק אויף זשאנא אדער אניא? און וואס וואלט איר געענטפערט, ווען מיר זאגן: זעט, ווי אייערע פראנ־צויזן זיינען שמוציק! — אנווייזנדיק דערביי אויף רעניי'ן און אויף זשיראר'ן, וועלכע האלטן אין איין קייען טאבאק און שפייען אז אז אויפהער אויף יעדן שריט און טריט?!

מיט א צייט שפעטער האבן מיר זיך דערוואוסט פון לארענס' לאנדסלייט, אז ער האט געהאט א קאנקורענט א אידן, מיט וועלכן ער האט זיך געהאלטן אין איין לאדן וועגן א פאטענט אויף א כעמישער ערפינדונג, אויף וואסביידע האבן פרעטענדירט, און אז דער איד האט דעם פראצעס געוואונען; דערביי האט לאראנס פארלוירן א סך געלט. דאן איז פאר אונז אינגאנצן קלאר גע־ווארן זיין שנאה צו אידן.

איינמאל, בעת מיר האבן דיסקוטירט איבער די ענציקלא־פעדיסטן און איבער דער ליטעראטור פון אכצנטן יארהונדערט, רופט זיך אפ לאראנס:

— נו, יא! וואלטער איז געווען א פילזייטיקער געלערנטער און א שארפער מוח, האט ער אויך ניט ליב געהאט די אידן.

— פראטעסטאנטן — נאך וויניקער, — רופט זיך אן איי־נער פון אונז.

וואלטער'ס סארקאזם בנוגע די אידן איז פארשטענדלאך — זעצט פאר א צווייטער, — ווייל וואלטער האט געוואלט זיין קליגער פון דעם אידן און געזוכט אים צו באשווינדלען; האט ער געקראגן א פסק פון זיין קעניגלאכן חבר, צו וועמען ער פלעגט זיך תמיד אונטער'חנפ'ענען. דאן האט וואלטער אויסגעלאזט זיין כעס אויף אלע אידן. איר האט געהאט א קאנקורענט, א איד וועל־כער איז געווען שטארקער פון אייך, זוכט איר אויסצולאזן אייער צארן אויפן כלל־ישראל דורך פארשיידענע אופנים. דער אונ־טערשייד איז וואס וואלטער איז געווען א געניאלער מענטש און אז אנטיסעמיט, און איר זייט בלויז אן אנטיסעמיט...

פון דעמאלט אן, האט לארענס זיך שוין אויסגעהיט צו אר־גומענטירן וועגן אידן און אין זיין רעדן מיט אונז זיך מער ניט געווארפן מיט קיין ביבלישע פסוקים...

## לא

# „פּאַטער לעאָן"

„פּאַטער לעאָן" — אַזוי האָט מען אים גערופן אין אונזער קאָמפּאַניע. זיין ריכטיקן פאַמיליע־נאָמען האָט קיינער ניט גע־וואוסט. ס'איז אויך ניט נויטיק געווען דאָס צו וויסן, ווייל ווען עמיצער פלעגט רופן אָדער זאָגן „פּער לעאָן" האָט ער שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט מען אים. אַזוי איז ער אויך געווען פאַרשריבן ביים „סערזשאַן מאַזשאָר" (ביים קאַנצעלאַריע־שריי־בער), אַזוי פלעגט אים אויך רופן דער לייטענאַנט.

„פּאַטער לעאָן" איז געווען אַ וואוקסיקער און שלאַנקער מאַן פון אַ יאָר עטלאַכע־און־פערציק, מיט אַ מילד, פּאַטערלאַך געזיכט וואָס איז געווען באַ'חנ'ט מיט אַ טונקל־שפּיציק בערדל, מיט קלוגע, שוואַרצע אויגן וואָס פלעגן גלייך צוציען יעדן איינעם.

דעם נאָמען „פּער לעאָן", מיט וועלכן מ'האָט אים געקרוינט, האָט ער ניט באַקומען דערפאַר וואָס ער איז געווען עלטער פון אַלע אין דער קאָמפּאַניע. עס זיינען געווען עלטערע פון אים אַפילו אין אונזער „עסקוואַד" גופא. ער האָט מסתמא געקראָגן דעם נאָמען „פּאַטער" צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אַ טאַטע פון פיר קינדער; אין דער הינזיכט איז ער געווען אַן אויסנאַם צווישן אונז. און כאָטש טאַטעס פון פיר קינדער האָט מען שוין צו יענער צייט ניט געשיקט אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט, אָבער אַזוי ווי צוויי קינדער זיינע זיינען שוין געווען פאַרהייראַט, האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ פּאַטער וואָס דאַרף זאָרגן נאָר פאַר צוויי קינדער.

„פּאַטער לעאָן" איז פון פאַך געווען אַ מויערער, איז דע־

ריבער אויף זיין גורל אויסגעפאַלן צו גיין כמעט יעדן אָוונט מיט נאָך אַנדערע מויערער, אַריינצוקלאַפּן אין דער ערד, פאַר די טראַנשייען, די הילצערנע דרענגלאַך מיט געפלאָכטענע שטעכיקע דראָטן, כדי צו פאַרצוימען די דייטשן דעם וועג צו אונזערע טראַנשייען אין צייט פון אַן איבערפאַל. דער שטח וואָס האָט פונאַנדערגעטיילטביידע לאַגערן איז אינגאַנצן געווען אַ פּאָר צענדליק שפּאַן, אַזוי אַז ס'איז געווען אַ גרויסע סכנה פּלוצלונג איבערגעפאַלן צו ווערן פונם שונא. אין אַ רואיקער צייט, ווען די אַרטילעריע איז ניט געווען אין אַקציע, פלעגט מען גאַנץ דייטלאַך קאָנען הערען די שמועסן אין די געגנערישע טראַנשייען.

נענטער נאָך ווי דער שטח צווישן די צוויי מחנות זיינען געווען די פריינטלאַכע געפילן פון די קעגנער איינע צו די אַנדערע. און כאָטש מ'האָט זיך זעלטן געזען און זייער ווייניק געקאָנט זיך צונויפרעדן איינער מיט דעם אַנדערן, האָט דאָס פאָרט ניט געקאָנט שטערן ביידע לאַגערן זיך צו פאַרשטענדיקן אויף שטום־לשון און אָפּמאַכן צווישן זיך אַ וואַפן־שטילשטאַנד... און דאָס האָבן מיר געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם „פּאָטער לעאָן" און זיינע אַנדערע חברים; זיי פלעגן אַפילו זיין באַזוכער אין די דייטשע טראַנשייען, מיט זיי מאַכן אַ כוסה, מיטברענגען פון דאָרטן גרויסע סיגאַרן, און נאַשערייען אַזעלכע, וואָס די פראַנצויזישע סאָלדאַטן האָבן ניט געהאַט און זיי פלעגן, דערפאַר, איבערלאָזן פאַר די דייטשן אַ פּאָר „בידאָנעס" (פלעשער אַזעלכע) רויטן ווייַן און ביסקוויטן וואָס יענע האָבן ניט געהאַט. אָבער די הויפּט זאַך פון דער פאַרברידערונג איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די גאַנצע צען חדשים, וואָס די זעלבע רעגימענטן האָבן זיך געפונען אויף דעם סעקטאָר, האָבן ביידע צדדים ניט אויסגעשאָסן קיין איין־איינציקע קויל, מחמת די מערסטע אַטאַקן דאַמאָלס זיינען געפירט געוואָרן בלויז דורך דער אַרטילעריע. אַ דאַנק דער פאַרברידערונג צווישן די אינפאַנטעריע סאָלדאַטן פון ביידע לאַגערן, זיינען אויסגעמיטן געוואָרן אַ סך קרבנות אין די אַרטילעריע־קאַמפּן. וואָרים פאַר אַ באָמבאַרדירונג, סיי פון דייטשער, סיי פון אונזער זייט, פלעגן די „סאַנטינעלן" פון דער ערשטער ליניע גיבן אַ סיגנאַל צום צווייטן לאַגער, אַז די סאָלדאַטן זאָלן זיך באַהאַלטן אין די שוץ־לעכער. דער סיגנאַל איז באַשטאַנען אין

דעם, וואָס די סאָנטינעלן פּלעגן אָנהויבן וואַרפן שטיינער אין דעם „שונא'ס" טראַנשייען, און יענע האָבן זיך דאַן גוט באַשיצט. און נאָך דער באָמבאַרדירונג פּלעגט מען ווידער געבן דעם סיגנאַל מיט וואַרפן שטיינער, אַז מ'מעג שוין אַרויסקומען פון די באַ־העלטענישן. און ווען דער צאָרן פון מאַרס'ן איז מיט חסד אַרי־בערגעגאַנגען, פּלעגן זיך די „שונאים" פון ווייטנס מיט צופרידענע אויסרופן באַגריסן. און טאָמער האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אַ גענעראַל איז געקומען מאַכן אַן אינספּעקציע אויפן פראָנט און באַזוכט אויך די ערשטע ליניע, האָט מען גלייך געגעבן צו וויסן, דורך צייכנס, צו די קעגנאיבערדיקע טראַנשייען, אַז מ'זאָל זיך דעם טאָג ניט ווייזן פון די גריבער. און ווען מ'פּלעגט פּאַרט באַפעלן צו באַשיסן די ליניעס, אין אַ פּלוצלימדיקן איבערפאַל, כדי אויסצופּראָבירן די כחות פון געגנער — האָבן די סאָלדאַטן פון ביידע לאַגערס — שוין געהאַט געוואוסט וועגן דעם און זיך פאַרשטענדיקט, אַז אויב מ'וועט הערן שיסן, זאָל מען זיך ניט איבערשרעקן: ערשטנס, וועט מען שיסן ניט דירעקט אין די טראַנשייען, נאָר אין דער הויך; צווייטנס, ווערט בלויז געמאַכט אַ פאַלשער אַלאַרם, כדי אָפּצואָווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע סעקטאָרן, וואָס מ'האָט בדעה צו אַטאַקירן.

אין די אָוונטן, ווען „פאָטער לעאָן" מיט זיינע קאָלעגן פּלעגן דאַרפן אַרויסגיין פאַר די טראַנשייען אַריינצוקלאַפּן אין דער ערד די הילצערנע שטאַבעטן און זיי אַרומפּלעכטן מיט די שטעכיקע דראָטן, פּלעגט מען פריער לאָזן וויסן די דייטשן, אַז מ'וועט די נאַכט אַרבייטן פאַר די טראַנשייען: ערשטנס זאָלן זיי זיך ניט דערשרעקן, ווייל מ'מיינט דערמיט ניט קיין בייז; צווייטנס, זאָלן זיי ניט שיסן, — ווייל מ'קאָן נאָך טרעפן אַ פאָטער פון קינדער, וואָס האָפט נאָך צוקומען אַ היים... די דייטשן ווידער, ווען זיי האָבן געדאַרפט פּלעכטן זייערע דראָטן אַרום פּלעקער, פּלעגן אויך באַצייטנס וועגן דעם מודיע זיין די פראַנצויזן. כדי צו זיין זיכערער, אַז מ'וועט די נאַכט ניט שיסן, פּלעגט מען אָפּט פון ביידע לאַגערן גלייכצייטיק אַרויסגיין אַרבעטן פאַר די טראַנ־שייען, ביי דער אַרבעט זיך צוזאַמענטרעפן און זיך באַגריסן, יעדער אויף זיין מוטער־שפּראַך. דאַן פּלעגט מען שוין אַרבעטן אומגעשטערט. — ווען די פראַנצויזן האָט אויסגעפּעלט אַ שער

אפּצושניידן די דראַטן, האָבן זיי זי אויסגעליען ביי די דייטשן; ווען די דייטשן האָבן זיך געניטיקט אין אַ שלאַג־האַמער אויף אריינצוקלאַפּן די פּלעקער, האָבן זיי אים אויסגעבאָרגט ביי די פראַנצויזן. ס׳פלעגט אפילו טרעפן, אַז מ׳פלעגט זיך ארויסהעלפן איינס דאָס אַנדערע ביי דער ארבעט גופא. די קאַרפּאַראַלן וואָס פלעגן פירן די „עקיפּן" צו דער ארבעט, פלעגן אין געוויסע פאַלן וויסן פון דער פאַרברידערונג, זיי האָבן זיך אָבער געמאַכט ניט־וויסנדיק און ניט באַמערקנדיק. מ׳האָט זיך דאָך פאַר די עלטס־טע געהיט און פאַר זיי אין די אויגן זיך אָפּגעהאַלטן פון צו חבר׳ן זיך מיטן „שונא."

ס׳איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז אונזערע און די דייטשע וואַך־לייט פלעגן היטן דאָס אָנקומען פון די אייגענע עלטסטע, כדי יענע זאָלן זיי ניט פּאַקן בעת זיי פירן פריינטלאַכע באַציאונגען מיטן שונא. און אַזוי פלעגן שטייען די וואַך־לייכט פוןביידע לאַגערן מיטן פּנים געווענדעט צו די אייגענע טראַנשייען און מיטן רוקן צו די געגנער. ווען אַז אָפיציר האָט זיך אַמאָל באַוויזן אין איינעם פון די לאַגערן, איז די ידיעה וועגן דעם באַלד אי־בערגעגעבן געוואָרן, דורך צייכנס, צו די וואַך־לייט פון דעם אַנדערן לאַגער. יענע האָבן דאָס איבערגעגעבן אין די צווייטע גראַבנס, און א. וו. ביז מ׳האָט דערפון געוואוסט אויף דעם גאַנצן סעקטאָר און זיך אָפּגעהאַלטען פון פריינטלאַכע באַציאונגען.

— און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז די סאָלדאַטן פון ביידע לאַגערן, — וועלכע זיינען זיך געווען „דם־שונאים," ניט געקאָנט איינער דעם אַנדערן און ניט געהאַט קיין געמיינזאַמע שפּראַך, האָבן זיך נאָנט פאַרברידערט און אָנגעהאַלטן פריינטלאַכע באַציאונגען, ניט־קוקנ־דיק אויפן שטרענגן פאַרבאָט, וואָס איז יעדן טאָג פאַרגעלייענט געוואָרן, אַז פאַר פריינטלאַכע באַציאונגען מיטן שונא וועט מען דערשאָסן ווערן אויפן אָרט אָן שום געריכט...

אונזער רעזערוו־רעגימענט איז צום ערשטן מאָל געקומען אין דעם סעקטאָר און פאַרנומען די פּאָזיציעס. ווי עס פירט זיך, האָט מען באַלד צעשטעלט וואַך־לייט אין דער ערשטער ליניע; ביי טאָג איז געשטאַנען נאָר איין היטער, און ביינאַכט, ווי דער שטייגער איז, צוויי היטער: איינער אַז „אומבאַוועגלאַכער,"

וואָס איז געשטאַנען אויף איין אָרט און דער צווייטער אַ „באַ־וועגלאַכער,” וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט און געוואַכט, צי דער שונא פאַר׳גנב׳ט זיך ניט צו אונז פון עפּעס אַ באַהעלטעניש אין דער פינצטער. און אַזוי ווי דאָן זיינען די טראַנשייען נאָך ניט געווען טיף אויסגעגראָבן און דראָטן אויף צו שיצן זיך האָבן אויך געפעלט, — האָט מען טאַקע שטאַרק מורא געהאַט פאַר דעם מינדסטן גערויש, איבערהויפּט ביינאַכט, אין דער פינצטערניש.

איינמאָל ביינאַכט שטייט דער „פּאַטער לעאָן” אויף דער וואַך אַלס „אומבאַוועגלאַכער” סאַנטינעל; זיין חבר, וואָס איז געווען דער „באַוועגלאַכער” היטער, איז ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן. שטייט ער אַזוי אין גרויסע אַנגסטן און ציטערט פאַר פּחד. צו די צרות שווימט נאָך אַרויס די לבנה פון צווישן די וואָלקנס. אַט ווערט טונקל און אַט ווערט ליכטיק. די שיין פון דער לבנה און די שאָטנס פון די וואָלקנס שרעקן אים נאָך מער און פאַרשטאַרקן זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט... פּלוצלונג דערפילט ער, ווי עמיצער רירט אים אָן. ער גיט זיך אַוואָרף און כאַפּט זיך אינסטינקטיוו פאַרן געווער: פאַר אים שטייט אַ מאַן אָן געווער. די לבנה איז דאָן גראָד אַרויס פון צווישן די וואָלקנס און האָט באַלויכטן דאָס פּנים פונם מאַן און „פּאַטער לעאָן” האָט באַלד געקאָנט דערקענען, אַז יענער וויל אים קיין שלעכטס ניט טאָן. אַזוי זיינען זיי פון איבערגעשראָקנקייט געשטאַנען אַ פּאָר מינוט אומבאַוועגלאַך איינער קעגן צווייטן, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. צום סוף האָט יענער געקראָגן קוראַזש און גענומען עפּעס שטאַמלען. „פּער לעאָן” האָט אָבער קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. יענער האָט געזען זיין פאַרלעגנהייט און גענומען זיך מיט אים אויס׳טענה׳ן אויף שטום־לשון, גע־מאַכט מיט די הענט און געוויזן, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר אים, ווייל ער האָט ניט קיין געווער און ער מיינט אים ניט צו טאָן קיין שלעכטס... בעת מעשה האָט דער דייטש באַמערקט אויף דער האַנט פון „פּער לעאָן” אַ חתונה־רינג, וואָס האָט געפינקלט אין דער לבנה־שיין. האָט יענער אים געוויזן אויך זיין חתונה־רינג און דערקלערט אויף די פינגער, אַז ער האָט דריי קינדער און טאַקע באַלד אים דערלאַנגט אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין פרוי און קינדער. ווען „פּאַטער לעאָן” האָט דערזען

דאָס בילד, האָט ער באַלד אוועקגעלעגט דאָס געווער אויף דער ערד און אַרויסגענומען פון דער בוזים־קעשענע אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין פרוי מיט די פיר קינדער. יענער האָט די פאָטאָגראַפיע גענומען אין דער האַנט אַריין, זיך אין איר איינגעקוקט, געשאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ, געהאַלטן אין איין אָפּווישן מיטן אַרבל די טרערן פון די אויגן, אַנווייזנדיק אַט אויף זיך, אַט אויף אים, ווי איינער רעדט: אויף וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, מיר זיינען איבערגעקומען — טאַטעס פון קינדער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גזלנים און אין ווילדע ברואים וואָס לויערן אויפן לעבן פון מענטשן...

דעם צווייטן טאָג האָט „פּאַטער לעאָן" דערציילט פאַר זיינע חברים אין „עסקוואַד" די אויסטערלישע באַגעגעניש מיטן דייטש, דערביי האָט ער זיך צעוויינט און די חברים אויף אים קוקנדיק האָבן אויך געלאָזט אַ טרער.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז געשען אַז ענלאַכע געשיכטע מיט אַן אַנדער וועכטער, און דאָס שוין אין מיטן העלן טאָג. אַ דייטשער וועכטער האָט אַרויסגעשטעלט אַ ווייס טיכעלע אויפן באַיאָנעט פון זיין ביקס און דערמיט גענומען פאָכען אין דער לופטן. אונזער וועכטער האָט דאָס באַמערקט און נאָכגעטאָן דאָסזעלבע. איז דער דייטש אַרויס פון זיין גראָבן און זיך גע־לאָזט גיין צום פראַנצויז. יענער איז אַביסל אַנטקעגנגעקומען, האָט אָבער ניט געוואַגט ווייטער צו גיין: ווער ווייסט — האָט ער זיך געטראַכט — אפשר מיינט ער אים גאָר צו פאַרנאַרן. דער דייטש האָט באַמערקט דאָס ניט־אַנטשלאָסנקייט פונם פראַנ־צויז, האָט ער אַוועקגעלעגט דאָס געווער און זיך געלאָזט צו אים מיט די הוילע אָפענע הענט. אונזער וועכטער האָט אַביסל גע־וואַרט, אָבער ווען ער האָט געזען ווי יענער קוקט זיך אַרום צו־ריק אויף אַלע זייטן, צי מ'באַמערקט אים ניט, — האָט ער אויך אַוועקגעלעגט דאָס געווער אין אַ זייט און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין, וואַרטנדיק ביז יענער וועט צו אים צוקומען. דער דייטש איז צוגעקומען, אים באַגריסט, מיט אים זיך צעשמועסט און זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אַז מ'זאָל בכלל ניט שיסן איינע אויף די אַנדערע; איז אַ נויט, ווען מ'זאָל באַפעלן צו שיסן, זאָל

מען שיסן ניט דירעקט אין די גראַבנס, נאָר אין דער לופטן. — דער אַפּמאַך איז אַזוי געשלאָסן געוואָרן איבער דער גאַנצער ליניע פונם סעקטאָר און איין סאַנטינעל האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן דעם פּאַראָל. אַזוי איז אַוועק אַ סדרה פון פרידלאַכע אָפּמאַכן צווישן די לאַגערן דורך סיגנאַלן און צייכנס; היטן פלעגט מען זיך דאַרפן נאָר דאַן, ווען דער דייטשער רעגימענט האָט זיך געביטן; ווען די בייערן, די פאַנאַטישע פּאַטריאָטן, פלעגן קומען. וואָרים זיי האָבן געקאָנט צעשטערן דעם שלום־בית פונם סעקטאָר.

און איינמאָל, אין אַזאַ מאָמענט, ווען דער דייטשער רע־גימענט אויפן סעקטאָר איז פאַרביטן געוואָרן מיט אַ צווייטן, אַ בייערישן, איז געשען אַן אומגליק מיטן „פּאָטער לעאָן" און מיט אַ פּאָר פון זיינע חברים. אַזוי ווי די לעצטע עטלאַכע טעג האָט זיך די אַרטילעריע „צעוועריטלט" מער ווי געוויינטלאַך, אומגע־בראַכט מענטשלאַכע לעבנס און אַ תל געמאַכט פון דער גאַנצער אַרבעט אַרום די טראַנשייען, האָט מען געמוזט באַנייעס אַריינ־קלאַפּן די שפּיציקע דרענגלאַך און זיי אַרומפלעכטן מיט שטעכיקע דראָטן. „פּאָטער לעאָן" און די איבעריקע אַרבעטער האָבן אַלעס צוגעגרייט בייטאָג און אויך ניט פאַרגעסן צו־וויסן געבן לויטן אָפּגעמאַכטן סיגנאַל, די דייטשן, אַז זיי וועלן די נאַכט אַרבעטן פאַר די טראַנשייען — זאָלן זיי זיך ניט שרעקן און ניט שיסן. צופעליק האָט מען די דייטשע וואַך דעמזעלבן אָוונט געביטן אויף אַ בייערשער. איידער אונזערע זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרבעט. דאָס איז פאָרגעקומען אַזוי אומגעריכט, אַז די דייטשע חברים האָבן שוין קיין מעגלאַכקייט ניט געהאַט צו לאָזן וויסן זייערע פראַנצויזישע חברים. די בייערן, וועלכע האָבן פון גאָרניט געוואוסט, ווען זיי האָבן געהערט, ווי מען פּאָרפּלט זיך פאַר זייערע גראָבנס, האָבן אויסגעשאָסן. דער „פּאָטער לעאָן" איז פאַטאַל פאַרוואונדעט געוואָרן. זיינע חברים זיינען אָפּגעקומען מיט לייכ־טע וואונדן.

## לב

# „בנימין"

מער פון אַלעמען איז געווען אונפאַרשטענדלאַך און פאַרבליבן פאַר אונז אַ סוד — דער „בנימין" פון אונז צוועלף. אָדער „אונזער בנימין" ווי מיר האָבן אים גערופן. „בנימין" האָבן מיר אים גערופן, ווייל ער איז געווען דער אינגסטער צווישן אונז אַלע. אַ געבוירענער אין פּאַריז, פון רוסישע עלטערן. גערעדט בלויז פראַנצויזיש, אידיש האָט ער נאָך פאַרשטאַנען, רוסיש — קיין וואָרט ניט.

פון זיין לעבנס-געשיכטע האָבן מיר זיך דערוואוסט בלויז אויף אַזוי פיל:

זיין פאָטער איז אַוועק פון רוסלאַנד באַלד נאָך די פּאָגראָמען פון 82-טן יאָר. נאָך אַ לאַנגן אַרומוואַנדלען האָט ער זיך ענדלאַך אָפּגעשטעלט אין פּאַריז. אָבער ניט אויף באַזעצן זיך דאָרטן. ער האָט דאָרט אָבער חתונה געהאַט, און קינדערלאַך האָבן אָנ-געהויבן קומען, איינס נאָכן אַנדערן. איז אים שוין אַזוי לייכט ניט געווען צו פאַרלאָזן פּאַריז. און אַזוי איז די פאַמיליע גע-בליבן וואוינען דאָרטן.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, איז „בנימין" מיט זיינע צוויי עלטערע ברידער אַוועק — אַלס פרייוויליקע אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

נאָכדעם ווי מ'האָט דערשאָסן די ניין רוסן אין צווייטן רע-גימענט און פאַרשיקט די עטלאַכע און צוואַנציק, און נאָך דעם סימפּאַטיע סטרייק פון אַלע רוסן אין ערשטן „פרעמדן-לעגיאָן," האָט מען רעגיסטרירט אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון די פרעמדע רע-

גימענטן: די איטאַליענער האָט מען געשיקט אונטער דעם נאָ־מען „גאַריבאַלדיס,” די בעלגיער האָט מען, נאָך זייער פאַרלאַנג, געשיקט אין די צעשפּליטערטע טיילן וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן פון ליעזש. מ'האָט אַנדערע בעלגיער אויך געשיקט קיין שאַרל־רואַ. די איינציקע וואָס מ'האָט ניט צעשיקט זיינען געווען די רוסן. ווייל אַ חוץ דעם וואָס זיי זיינען געווען די מערהייט אין די פרעמדע רעגימענטן, זיינען זיי אויך געווען דער אויפגעקלערט־סטער עלעמענט און דאָס האָט אָפּגעהאַלטן די מיליטערישע אויטאָריטעט פון רוסלאַנד זיי צו וועלן האָבן ביי זיך אין דער אַרמיי. אָבער די פראַנצויזישע מיליטערישע אויטאָריטעט האָט פּשוט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן אַזאַ סאָלדאַטן־מאַטעריאַל, וואָס האָט אַזוי גלענצנד געקעמפט אויף פראַנקרייך'ס פראָנטן.

נאָר סוף־כּל־סוף זיינען דער רוסישער און דער פראַנ־צויזישער הויפּט־קוואַרטיר מושווה געוואָרן צווישן זיך. די אונ־צופרידענע רוסן פונם פרעמדן־לעגיאָן האָט מען געגעבן די ברירה: ענטוועדער פאָרן קיין רוסלאַנד, אָדער אַריינגיין אין דער רעגו־לערער פראַנצויזישער אַרמיי. די גרעסטע טייל פון די רוסן האָט בעסער אויסגעקליבן: די פראַנצויזישע אַרמיי.

צווישן די „רוסן” איז אויך געווען „אונזער בנימין” וואָס האָט שוין דאַן געהאַט פאַרלוירן זיין מיטלסטן ברודער ביי דער ערשטער אַטאַקע. ביי דער צווייטער אַטאַקע איז זיין עלטערער ברודער שווער פאַרוואונדעט געוואָרן.

מיר אַלע פון אונזער גרופּע האָבן אויף „בנימינ'ען” גע־לייגט פיל האָפנונג. ערשטנס איז ער געווען יונג און פול מיט לעבן. צווייטנס האָט ער גערעדט פראַנצויזיש ווי אַ געבאָרענער פראַנצויז. האָבן מיר גערעכנט, אַז דער ערשטער צו ווערן אַ קאָרפּאָראַל וועט זיין „אונזער בנימין.”

נאָר דער צופאַל האָט אַנדערש געוואָלט. אַכט טעג נאָך דעם ערשטן צופאַל מיטן „בעל־הבית'ל,” האָבן מיר זיך דער־וואוסט פון אַ ראַפּאָרט, אַז איבער אונפאָרזיכטיקייט איז דער פּריוואַטער סאָלדאַט הירש ראַבינאָוויץ שווער פאַרוואונדעט גע־וואָרן פון זיין אייגענער ביקס, בשעת ער איז געשטאַנען אויפן פּאָסטן.

לג

# אַ ניי־יאָר קאָנצערט

ניי־יאָר 1916, איז אונז אויסגעקומען צו פּראַווען אין אַ שטעטל, אונטער די בערג, וואו ס'איז געשטאַנען דער שטאַב פון רעגימענט. צום גליק איז דאַן אויסגעפאַלן אונזער וואַך פון אָפּרו. סילוועסטער־אָוונט האָט דער שטאַב איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט: מוזיק און טענץ. אין דער פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט איניקע אָפיצירן און סאָלדאַטן פונם רעגימענט גופא. מיר, די „פּריווילעגיע,״ האָבן אויך געהאַט דעם כבוד אנטייל־צו־נעמען — ווער מיט רוסישע לידער און דעקלאַמאַציעס, און ווער — מיט טענץ. און ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן — האָבן די קענער זיך ניט געיאָגט נאָכן כבוד און די „קאַליקעס״ האָבן זיך גלייך אָנגעכאַפּט.

ווען אַבראַם איז געוואָר־געוואָרן אַז דער „שנעק״ קאַלמאַנאָוויטש איז אויף דער ליסט פון די אנטיילנעמער, האָט ער זיך, פון פאַרדרוס, געביסן די ליפּן: סטייטש, אַזאַ שאַנד! ווי קען מען דערלאָזן, אַז אַזאַ שנעק זאָל אויפטרעטן פאַרן שטאַב? וואָס פאַר אַ מיינונג וועלן „זיי״ האָבן וועגן אונז פּריווילעגיע?

— ס'איז שוין אָבער אַ פאַרפאַלענע זאַך — האָט זיך אַריינגעמישט דער „עקשן.״ — חרטה איז שוין צו שפּעט. אַציַנד איז דאָ בלויז איין אויסוועג —

— וואָס פאַר אַן אויסוועג? — האָבן איניקע נייגעריק אויסגעשריען.

— פּשוט! זאָל אַבראַם מיט בערנאַרד'ן נעמען קאַלמאַנאָוויטש'ן און מיט אים איינשטודירן אַ פּאָר לידער אויף אויסנ־

וויניק. א שטימע האָט ער דאָך פאָרט ניט קיין שלעכטע. וועט ער ביזן אָוונט זיין צוגעגרייט אויפצוטרעטן. און כדי צו זיין נאָך זיכערער מיט אים, וועט איינער פון זיי שטיין אונטער די „קוליסן" און אים סופלירן.

— וואָס פאַר אַן איינפאַל? — האָט אַבראַם געקריצט מיט די ציין. — איך זאָג זיך אינגאַנצן אָפּ צו גיין צום קאָנצערט, און איך ראָט אַלע חברים אַזוי צו טאָן.

— טוט ווי איר פאַרשטייט — האָט דער „עקשן" גע־טענה'ט זיינס, — נאָר איך גיי אויפזוכן דעם „זינגער" און אים צוגרייטן.

צום קאָנצערט זיינען אַלע געקומען. די פרייוויליקע האָבן זיך, איינציקווייז, אויסגעמישט מיט די איבעריקע סאָלדאַטן אינם גרויסן באַראַק. אין דער אויבערשטער ריי איז געזעסן דער קאָ־לאָנעל מיט זיין שטאַב. דאַן — די אָפיצירן און אונטער־אָפי־צירן פון אונזער באַטאַליאָן, און, צום לעצטן, די סאָלדאַטן.

די פּראָגראַם האָט זיך אָנגעהויבן און נאָכדעם ווי אַ פּאָר פיינע מוזיקאַלישע נומערן זיינען דורכגעפירט געוואָרן, האָט דער קאָנצערט־מייסטער געמאָלדן, אַז איצט וועט אויפטרעטן דער פרייוויליקער „רוסע" קאַלמאַנאָוויטש אין זיין רעפּערטואַר פון רוסישע לידער. דער זאַל איז פאַרהילכט געוואָרן פון אַפּלאָ־דיסמענטן.

די דריי סטראָפן פון ליערמאָנטאָוו'ס „וויכאַזשו אדין יאַ נאַ דאָראָגו"... זיינען דורכגעגאַנגען גוט, אַ דאַנק דעם סופליאָר, דעם „עקשן." דאָס פּובליקום איז שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן. הילכיק אַפּלאָדירט און פאַרלאַנגט פונם „זינגער" נאָך אַ נומער. אָבער ער האָט זיך צוריקגעצויגן. דער קאָלאָנעל, דער קאַפּיטאַן מיטן גאַנצן שטאַב האָבן ניט אויפגעהערט צו אַפּלאָדירן...

— גיי אַרויס, זינג נאָך עפּעס! — האָט דער „עקשן" אים געשטופּט פון הינטער די „קוליסן" אַרויס.

— וואָס טוט מען? — האָט פאַרצווייפלט זיך געבעטן דער זינגער ביים סופליאָר. — איך געדענק ניט דאָס צווייטע ליד און איך האָב מורא פאַר אַ דורכפאַל.

— נו, זינג אַ אידיש ליד! אַבי גיי אַרויס זינגען!...

דער זינגער איז צוריק ארויף אויף דער „בינע.” דאָס פּובליקום, מיט אָפענע מיילער און פאַרכאַפּטן אָטעם, איז גרייט געווען צו הערן.

„היץ, האָץ, היץ, —
האָט מיין מומע גיטל.
היץ, האָץ, היץ —
געפינט זי ניט קיין מיטל.

היץ, האָץ, היץ —
פאָרט זי אין די בעדער.
היץ, האָץ, היץ —
און טראָגט א סאַק פון לעדער.
וויל....
היץ, האָץ, היץ.”... א. אַ. וו.

פון די בראַוואָ־געשרייען און אַפּלאַדיסמענטן איז שיער ניט איינגעפאַלן דער באַראַק.

דער קאָלאָנעל מיטן קאָמענדאַנט האָבן צווישן זיך גערעדט:

— וואָס זאָגט איר דערצו, קאָמענדאַנט? ביי אונז וועט איר טרעפן אַז אַ פּראָסטער סאָלדאַט זאָל קענען נאָך אַ שפּראַך אויסער פראַנצויזיש? און אָט דער יונגער רוסע קען פראַנצויזיש, ענג־ליש, און...

— יאָ, מיין קאָלאָנעל. איך וויל אייך באַמערקן, אַז דאָס לעצטע וואָס ער האָט געזונגען איז טאַקע געווען אַ דייטש ליד...

. . . . . . . . . . . . . .

## לד

# די גרויליקייטן פון מלחמה

ס'איז שוין נאָך האַלבע נאַכט, מ'בייט באַלד די וואַך. אין דרויסן איז שטיל. אַ בייזער, קאָנאַקנדיקער פראָסט. די פולע לבנה איז אַרויס פון הינטער די וואָלקנס און באַלויכטן מיט איר מיסטישן צויבערלאַכן שיין דעם ווייסן שניי, וואָס איז נאָר-וואָס אַרונטערגעפאַלן און איינגעהילט ווי מיט אַ לײַלאַך דעם צעשעדיקטן און צע'מזיק'טן באַרג מיט דעם אָפּגעפליקטן וואַלד, כדי קיינער זאָל ניט אַרויסזען זיין נאַקעטקייט און שאַנד.

אַלץ איז פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. בלויז מיר, די וועכטער, זיינען וואַך און דורכגעדרונגען פון אַ ניט-קלאָרן, מטושטש'דיקן שרעק פאַר אַן אומבאַקאַנטער געפאַר, וואָס לויערט אויף אונז פון אַלע זייטן.

פון צייט-צו-צייט הערט זיך אַ גערויש, אַ מורמל; מיר גיבן זיך דאַן פון זיך אַליין, ראַפּטאַם אַ וואָרף צו אונזער געווער. דאָס האַרץ קלאַפּט שנעל, די הענט טרייסלען זיך, עס שווינדלט פאַר די אויגן, און שרעקנדיקע בילדער מאָלן זיך אין קאָפּ מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. מ'קומט צו צו די גע-פלאָכטענע, שטעכעדיקע דראָטן, וואָס געפינען זיך אַרום אונזערע טראַנשייען. מ'הערט זיך איין, מ'קוקט זיך צו — שאַ, שטיל... מ'קערט זיך אום צוריק. אין אַ ווײַלע אַרום, ווידער אַ גערויש, שוין גאַנץ דייטלאַך. מ'לויפט ווידער צו אין שרעק צו די דראָטן — ערשט אַ ווילדער חזיר אָדער אַ קליינע הינדין האָט זיך דאָרטן פאַרטשעפּעט...

די שטימונג ווערט בעסער. מיר ווען שוין האָבן אַ פּאָר

גוטע מאַלצייטן פון דער חיה. דער עיקר — די אָפּיצירן זאָלן זיך דערפון ניט דערוויסן און ביי אונז ניט צונעמען דעם גע־שמאַקן ביסן. אמת, ס'איז דאָ אַ געפּאַר, אַז די דייטשן זאָלן באַמערקן ווי מיר שלעפּן זיך מיט דער חיה און אָנהויבן שיסן — אָבער דאָס שטערט אונז ניט אָפּ. מיר קערן זיך אום צוריק און מאַכן זיך פון היימלאַכקייט ווענן אַ קליין פייערל, וואָס רויכערט מער ווי עס ברענט, זעצן זיך דערביי אַרום, רייבן די אויגן פונם רויך און בלאָזן־אויף אַלע רגע דאָס פייער, עס זאָל ניט פאַרלאָשן ווערן.

זיצנדיק אַזוי און וואַרימנדיק זיך ביים צאַנקנדיקן פייערל, קוקנדיק אויף די קליינע וואָלקנדלאַך רויך, שוועבן אַרויף אין זכרון אָפּגעריסענע בילדער, פאַרגעסענע, שווידערלאַכע פּאַסירונ־גען. יעדער דערציילט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, וואָס ער האָט איבערגעלעבט. און יעדער האָט צו דערציילן און דער־ציילן — עס שעפּט זיך גאָר ניט אויס.

איינער פון אונז, וואָס האָט מיטגעמאַכט די מאַרן־שלאַכט, דערציילט: ווען זיי זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם טייך מאַרן האָבן זיי ערשט געזען וואָס פאַר חורבנות די אַרטילעריע האָט אָנגעמאַכט. אויף יעדן שריט און טריט האָבן זיי זיך אָנגע־שטויסן אויף הויפנס טויטע מענטשן. אין איניקע דייטשע טראַנשייען האָבן זיי געטראָפן גאַנצע רייען שטייענדיקע דייטשן, פאַרשטאַרטע און פאַרגליווערטע: איניקע האַלטנדיק דאָס גע־ווער גרייט צום שיסן, אַנדערע שטייענדיק אויף די קני און צילנדיק זיך.

דאָס ערגסטע איז אָבער געווען צו זען די לעבעדיק גע־בליבענע. אַלע זיינען זיי געווען געצירט פון זינען. איניקע האָבן געהאַט איבערגעקערטע, ווילדע אויגן, אַנדערע האָבן ווי משוגענע הינט אַרויסגעשטעקט די צינגער און דער שוים איז זיי גערונען פון די מיילער. איניקע זיינען אַרומגעלאָפן און האָבן געדרייט מיט די קעפּ אין אַלע זייטן. אַנדערע זיינען גע־קראָכן ווי חיות אויף אַלע פיר.

די פאַרוואונדעטע האָבן זיך געוואַלגערט צווישן די טויטע און יאָמערלאַך געשריען, געבעטן מ'זאָל זיי ראַטעווען — אָבער

קיינער האָט זיך צו זיי ניט צוגעהערט. מ'האָט ניט געקאָנט אונטערשיידן פון פראַנצויזישע ביז דייטשע טויטע און פאַר־וואונדעטע. זיי זיינען געווען אויסגעמישט אין איין קאַשע. עס זיינען געבליבן נאָך דער שלאַכט בלויז צוועלף מאַן פון אַ קאָמ־פּאַניע, 75 פון אַ באַטאַליאָן; איניקע רעגימענטן זיינען אינ־גאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן.

אַ צווייטער פון אונז, וועלכער איז פאַרוואונדעט געוואָרן ביי דער מאַרן־שלאַכט, דערציילט ווי ער איז געלעגן מיט אַן אָפענער וואונד דריי טעג אויפן שלאַכט־פעלד. אַרום אים זיינען געלעגן טויטע און פאַרוואונדעטע, וועלכע זיינען אין גרויסע ליידן אויסגעגאַנגען. אַ סך פון די פאַרוואונדעטע האָבן זיך מיט די אויגן און מיט די הענט געבעטן ביי די דורכגייענדיקע, אַז זיי זאָלן זיי דערשיסן, כדי ניט צו שטאַרבן מיט אַזאַ לאַנגזאַמען מאַרטירער־טויט.

איינער, אַ סערזשאַנט, וועלכער איז פון אַ קויל בלינד גע־וואָרן אויףביידע אויגן, איז אַרומגעגאַנגען די גאַנצע צייט אי־בערן פעלד און זיך געדרייט אויף איין אָרט, אָנשלאָגנדיק זיך אָלע ווײַלע אָן אַ פאַרוואונדעטן, אַ טויטן, און איז געפאַלן צו דער ערד. לעבן אים, דעם פאַרוואונדעטן, לינקס, איז געלעגן איינער, וואָס איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין ביידע פיס; איין פוס איז אינגאַנצן געווען אָפּגעטיילט פון קערפּער, דער צווייטער איז נאָכגעהאַנגען אויף אַ פּאָר דינע אָדערן. און דער מענטש האָט מיט זיינע אויגן געזען, ווי זיין אָפּגעטיילטער פוס בייט אָלע ווײַלע זיין קאָליר פון רויט אויף בלוי און געל; און אויפן צווייטן טאָג — זיינען שוין ווערים געקראָכן אויפן פוס. ער איז געלעגן און געוואַרט אויפן טויט. אַ רגע פאַרן טויט האָט ער זיך געפּרוואווט אויפהויבן, זיך געריסן אין דער ריכטונג פון זיין פוס — און באַלד אויסגעגאַנגען.

אַן אַנדערער דערציילט, ווי ער האָט געזען די שוואַרצע פון סענעגאַל אָפּשניידן קעפּ, אויגן און נעזער פון טויטע דייטשן. אויף דער פראַגע, צו־וואָס זיי טוען דאָס, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי ווילן די מתנות אהיימפירן און האָבן מיט וואָס זיך צו באַרימען; אויסער דעם ווילן זיי די קעפּ אַרויפציען אויף אַ

שטריקל, אלס א צירונג, און די נעזער און אויגן וועלן זיי אויס־טריקענען און אנטאן אויף די העלזער. דאס איז א סגולה קעגן שדים און פארשיידענע קראנקייטן. איינער א „שיסער," א קאַ־ביל, האט זיך בארימט, אז ער האט אפגעשניטן פון א לעבעדיקן דייטש, א פארוואונדעטן, ביידע אויערן און זיי אויפגעגעסן. „אבער — האט ער זיך באקלאגט, — איך האב זיך אפגענארט: כ'האב געמיינט, אז די אויערן פון די דייטשן דארפן זיין גע־שמאקער."...

— דאס איז ניט קיין קריג, נאר א שחיטה, א מאסן־אויס־שלאכטונג — רופט זיך אפ איינער. און ער גיט־איבער זיינע איינדרוקן פון די סאלדאטן פון א געוויסן רעגימענט, וועלכע זיינען פיל ווילדער און בארבארישער פון די אפריקאנער. ביי מאנכע איז געווען א פרינציפ, ניט צו נעמען קיין געפאנגענע...

זיי זיינען געווען בארימט ניט נאר מיט זייער אכזריות לגבי די געגנער; אפילו מיט זייערע אייגענע פראנצויזן האבן זיי זיך באַ־נומען גראב און שלעכט. דער בירגערמייסטער פון דעם שטעטל האט געגעבן דער מיליטערישער מאכט טויזנט פראנק, אז מ'זאל זיי אוועקנעמען פון דעם שטעטל, וואו זיי האבן געזאלט האבן דרו אכט טעג. ווען זיי קומען אריין אין א דארף, צי א שטעטל, גנב'ענען זיי און רויבן אלץ וואס זיי טרעפן אויף זייער וועג, שענדן די פרויען און מיידלאך. ס'ווערט דאן פארמאכט אין שטעטל טיר און טויער, קיין מענטש ווייזט זיך ניט אויף דער גאס. קאן מען זיך שוין משער זיין, וואס אזעלכע פארשוינען זיינען מסוגל אפצוטאן אין די מקומות וואס זיי פארנעמען ביים שונא.

—דארפט איר דערציילן, וואס ווילדע נעגערס טוען־אפ מיט מענטשן? הערט בעסער אויס, וואס מיר, ציוויליזירטע פראנ־צויזן, האבן געטאן — רופט זיך אפ איינער פון אונז. — דאס איז געווען ביי דער אטאקע פון פונטעל. מ'האט אונז ארויסגע־געבן לאנגע קצבים־מעסערס און געהייסן מיט זיי אויסשעכטן די דייטשן, ווען אונז וועט זיך איינגעבן אריינצודרינגען אין זייערע שוץ־גריבער. שרעקלאך איז געווען צו זען, ווי די דייטשן זיינען ארומגעלאפן ווי די פאר'סם'טע מייז, זיך געבעטן און געשריען:

„קאפוט, פראנצויז! קאפוט, קאמעראד!" — און מיר האבן זיי ווי די שאף אויסגעקוילעט.

איינער פון מיין קאמפאניע האט געבראכט צוויי לעבעדיקע דייטשן, וואס ער האט ניט געהאט דאס הארץ זיי צו דערשטעכן. האט דער קאפיטאן ארויסגענומען זיין רעוואלווער און זיי אויפן ארט דערשאסן. און צום סאלדאט האט ער זיך אנגערופן: — „אויב דו וועסט נאכאמאל ברענגען לעבעדיקע הינט, וועסטו האבן אזא סוף ווי זיי. צו־וואס דארפן מיר זיי? אז זיי זאלן עסן אונזער ברויט?"....

אן אפיציר, וועלכער האט געהאלטן אין איין שרייען, אז מיר קעמפן פאר דער ציוויליזאציע, האט באפוילן אויסצושטעלן אין איין שורה פינף־און־צוואנציק אומבאוואפנטע דייטשע געפאנגע־נע, און מיטן רעוואלווער אין דער האנט האט ער זיי איינציק־ווייז דערשאסן... אייניקע פון זיי זיינען דערביי געפאלן אויף די קני, געוויינט און געבעטן, אז מ'זאל זיי שענקען דאס לעבן; אבער דער קאלטער מערדער איז געווען הארט ווי א שטיין און האט זיי אלעמען אומגעבראכט.

אן אנדער אפיציר, ליגנדיק פארוואונדעט, האט געהייסן זיך ברענגען דייטשע געפאנגענע און ער האט זיי דערשאסן.

א דריטער האט געהייסן דערענדיקן צום טויט די פארוואונ־דעטע דייטשן. ווען דער סאלדאט איז צוגעקומען צו איינעם א דייטש, וואס איז געלעגן מיט א צעבראכענעם פוס, האט אים דער דייטש ארומגענומען ביים פוס, אים געקושט און געוויינט, און קושנדיק זיין שטיוול איז ער פון דעם סאלדאט דערשטאכן געווארן.

אנדערע, מער „פראקטישע" אפיצירן, האבן אויסגעשטעלט די דייטשע געפאנגענע פאראויס פאר זייערע סאלדאטן און זיי געהייסן גיין קעגן די קוילן פון זייערע ברידער. די דייטשן, פון זייער זייט, פלעגן טאן דאס אייגענע מיט אונזערע געפאנגענע און פארוואונדעטע.

וועגן די גרויזאמקייטן און גרוילטאטן פון די פשוט'ע סאל־דאטן, איז שוין איבעריק צו רעדן. דער חשק צו דערשיסן און דערשטעכן מענטשן וואס קאנען זיך ניט ווערן איז דערגאנגען ביי זיי צו א שרעקלאכער ליידנשאפט.

אין איין שוץ־גרוב האָבן מיר געטראָפן עטלאַכע־און־צוואַנ־
ציק דייטשן. מיר האָבן באַלד גענומען עטלאַכע זעק מיט ערד
און פאַרמויערט דעם אַריינגאַנג צו דער גרוב. ס׳איז געווען אַ
שרעק צו הערן די קולות פון די פאַרשפּאַרטע, וועלכע האָבן זיך
געבעטן, מ׳זאָל זיי אַרויסלאָזן. זיי זיינען אַזוי דערשטיקט און
באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט. אין אַ צווייטער שוץ־גרוב
האָבן מיר געטראָפן אַנדערע דייטשן; מיר האָבן אַהין אַריינגע־
וואָרפן עטלאַכע גראַנאַטן, זיינען זיי אויף שטיקער צעריסן געוואָרן.

דאָס פייערל איז דערווייל אײנגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. די
לבנה האָט זיך באַהאַלטן הינטער שווערע וואָלקנס. אַ קאַלטער
ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון
די ערטער און גענומען שפּאַנען.

## לח

# אַ ברודער געגן אַ ברודער

אין דרויסן האָט דער פרישער, נאַר־וואָס געפאַלענער שניי באַצויגן דעם פאַר׳חרוב׳טן באַרג מיט אַ קלאָר־ווייסן לײַלאַך און באַקליידט די סקעלעטן פון די פאַרוואָונדעטע בוימער מיט ווייסע, שעמערירנדיקע העמדער, און די שמאָלע סטיינגעס וואָס זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון די צעפליישטע צווייגן, האָבן אויסגעזען ווי לעפישע אַרבל אויף סטראַשידלעס...

דער שוואַכער שיין פון דער לבנה, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרשווינדן פונם האָריזאָנט, האָט זיך נאָך אָפּגעשפּיגלט אויף די בוימער־מצבות און אויף די הילצערנע צלמים, באַקרוינטע מיט היטלען פון געפאַלענע העלדן — אויף דעם איינזאַמען פעלז, אַנטקעגן דעם אָרט פון אונזער באַהאַלטעניש.

אין דער ריכטונג פון האַרטמאַנ׳ס „ווילער קאָפּ”, האָבן זיך געטראָגן די ווידער־קולות פון אונאויפהערליכע דונערנדיקע באָמבאַרדירונגען וואָס האָבן אין דער פאַרשווינדנדיקער נאַכט אָפּגעקלונגען מיט מורא׳דיקער שרעק און מיט פיינליכקייט...

און צווישן איין אַשמורה און דער אַנדערער, האָט מען, כדי די צייט צו פאַרטרייבן, זיך גענומען דערציילן מעשות:

— „אַ צווייטער עפּיזאָד פונם איצטיקן קריג” — אַזוי האָט געהייסן דאָס קעפּל פון דער פּאַסירונג, וואָס איך האָב געלייענט — האָט זיך דער ערשטער דערציילער אָנגערופן און באַלד פאָרטגעזעצט:

אַ שווייצער־געבוירענע פרוי האָט געלעבט אין פראַנקרייך מיט אַ מאַן, פון וועלכן זי האָט געבוירן צוויי זין. נאָכן מאַנ׳ס

טויט, הייראַט זי אַ דייטש און האָט פון אים צוויי זין. דאָ ניט לאַנג האָט זי באַקומען פון דער דייטשער רעגירונג אַ נאָכריכט, אַז אירע צוויי זין זיינען געפאַלן פאַרן פאַטערלאַנד ביים פראַנצויזישן פראָנט. פון פראַנקרייך באַקומט זי כמעט אין דער זעלבער צייט צו וויסן, אַז אירע צוויי זין זיינען געשטאָרבן פאַר פראַנקרייך. — — —

נחמיה, דער זון פון קאַזאַבלאַנקער חכם, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן נעבן אויוון און אונטערגעבלאָזן דאָס פייער, האָט זיך אויסגעדרייט צו די איבעריקע און געזאָגט:

— ווי עס ווייזט אויס, זייט איר אַלע געטראָפן פון דער גייס, האַ? — און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט ער צוגעגעבן: — ביי דער ערשטער אַטאַקע, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין אַרראַס, איז פאַלגנדיקס מיט מיר אַליין פאָרגעקומען. איך און מיין קוזין, פון דער דריטער קאָמפּאַניע — איר קענט אים אַלע — פירן מיר צוזאַמען אַ פּאַרטיע געפאַנגענע, וואָס מיר האָבן געפּאַקט ביי „אובראַזש בלאַנק." רופט ער זיך אָן צו מיר אין שפּאַניש: „עס מוז געווים צווישן די „באָשעס" אויך זיין אידן. דערביי דרייט זיך איינער פון די געפאַנגענע אום און זאָגט: „איר האָט געטראָפן, ברידער!"

— נפתלי, דו?! וואָס טוסטו דאָ?...

ער האָט גלייך אַרונטערגענומען זיין קעפּי (דעם שטאָלענעם העלם), און מיר האָבן דערזעען אונזער שוועסטערקינד פון סאַלאָניקי, וואָס איז ביז דער מלחמה געווען ביי אונז אין דער פאַמיליע. און מערקווירדיק: זיין ברודער איז מיט אַ פּאָר שטונדן פריער געפאַלן פון אַ פראַנצויזישער קויל, ניט ווייט פון דעם בערגל... — האָט נפתלי אַליין אונז דערציילט.

רובין, „דער שוויינער" — ווי מ'האָט אים גערופן צווישן די חברים, — האָט נאָך דער פיינער סעודה געקראָגן מוט צו רעדן:

— אָט וועל איך אייך דערציילן אַ קוריאָזיטעט פון דער צווייטער אַטאַקע פון 16־טן יוני.

דאָס איז געווען אין אַ העק, וואו מ'האָט צוזאַמענגעטריבן אויפן לאַגער־פּלאַץ די אַלע געפאַנגענע, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן אין די לעצטע צוויי טעג. איך בין גראָד געווען אויפן

וואָד, ביים אריינגאַנג פון טויער. אין דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט מען געבראַכט אַ פרישע פּאַרטיע פון עטלאַכע הונדערט געפאַנגענע סאָלדאַטן, אויך פרויען און קינדער זיינען זיך צונויפגעלאָפן ביים אריינגאַנג צו זען די פרישע „באַשעס." אייניקע האָבן פון זיי אַרונטערגעריסן די היטלען און אָפּגעשניטן די קנעפּ מיט די פּאַטעטישע אויפשריפטן: „גאָט שטראָף ענגלאַנד". די רימענס אַראָפּגעריסן צום אָנדענק. איבערהויפּט איז געווען דער געלאַף נאָך די קאַסקעטן מיט די שפּיצן, אונזער אַדיוטאַנט האָט דער ערשטער דעם ביישפּיל געוויזן: וועלנדיק אַרונטעררייסן פון אַ דייטשן אָפיציר זיין קאַסקעט, און ווען יענער האָט זיך ניט געלאָזט — האָט ער אים מיט אַ רעוואָלווער דערשאָסן אויפן אָרט. דאָס האָט געגעבן די געלעגנהייט אַלע אַנדערע צו טון מיט די געפאַנגענע וואָס דאָס האַרץ גלוסט. עס זיינען זיך אַלץ מער און מער צוזאַמענגעקומען סאָלדאַטן, זיך אַרומגעשטעלט אַרום פּאַרקן אָנקוקן די „חיות," פאַר וועלכע מ'האָט זיך אַזוי געשראָקן.

און ווי איך קוק זיך צו דעם אַלעמען צו, רייסט זיך פּלוצלונג אַריין, דורך דעם טויער, איינער פון אונזער קאָמפּאַניע, דער טרובאַטש, מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב געגלויבט, ניט אַנדערש, אַז ער וויל עמיצן מאָרדן. און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אים אָפּצושטעלן, איז ער שוין געווען אין מיטן פון די געפאַנגענע און זיך געהאַלזט און געקושט מיט איינעם פון זיי. — באַלד איז געוואָרן אַרום זיי אַ רעדל. — וואָס קען דאָס זיין?...

דערביי האָט דער „פראַנצויז" אַראָפּגעוואָרפן זיין קעפּי, זי מיט די פיס צעטראָטן און — אַ שוים האָט אים פון מויל געזעצט: — „אַ פלוך! פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן... וואָס האָט מען צו אונז?!" — און אַ ווילד רעוועז האָט נאָכגעפאָלגט. די אַנוועזנדע זיינען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ געבליבן שטיין ווי צוגעשטיינערט צום אָרט. און אַזוי ווי די ביידע האַלטן זיך אַרומגענומען, קומט אָן אַנדערער פון אַ צווייטן באַטאַליאָן און דערקענט אויך צווישן די געפאַנגענע איינעם, לויפט צו צו אים, כאַפּט אים אַרום, וויינט און קושט אים. — — —



שלום שווארצבארד מיט אַ גרופּע סאָלדאַטן אין די „וואגעזן בערג". 1916.

— ווער זיינען דאָס די? וואָס קערן זיי זיך אָן איינער מיט דעם אַנדערן?...

— ברידער! אייגענע ברידער!...

— און די אַנדערע?

— קוזינען און פריינט!...

דעם זעלבן טאָג האָט נאָך עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט מיך געמאַכט נאָכדענקען. נאָכ'ן אָוונט־ברויט, ווען די זון האָט זיך שוין געוויזן אויף יענער זייט באַרג פון צווישן די ביימער, און אין לאַגער איז געוואָרן שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם, — גיי איך מיר אַזוי אַרום און טראַכט... פּלוצלונג באַמערק איך אַז אַ זייט ביים פּאַרקען זיצט אַ געפאַנגענער, דעם קאָפּ אַרונטערגע־לאָזן, שטאַרק פאַרטיפט איבער אַ ביכל, זיך שאָקלענדיק. ווער איך נייגעריק און בויג מיך אַריבער. ער האַלט אַ סידור'ל און וויינט איבער דעם...

— וואָס טוט איר, איד? — פרעג איך אים שוין אין מאַ־מע־לשון.

— איך בענטש גומל... — ענטפערט ער מיר, ווישנדיק מיטן אַרבל די אויגן. — איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט מיך געלאָזן לעבן, אפשר וועל איך נאָך זוכה זיין צו זען זיך מיט מיין פרוי און קינדערלאַך, זאָלן לעבן...

## לו

# „גוטע" און „שלעכטע" טראַנשייען

די קלימאַטישע באַדינגונגען פון יעדן געגנט אויפן שלאַכט־פראָנט, זיינען געווען פאַרשידן. אַזוי אַז דער שטח, וואו אַ סעקטאָר האָט זיך געפונען, האָט געהאַט זיינע ספּעציפישע מעלות און חסרונות.

למשל, אין שאַמפּאַן, האָבן מיר זומער־צייט געהאַט צו קעמפן מיט ל י י ז. סיי מיט די אייגענע — די זעלנערשע און סיי מיט די לייז פון פלאַנצן. מיר האָבן אויך געדאַרפט אָנפירן אַ „מלחמה" מיט מ י י ז, וועלכע זיינען דווקא געווען קליינע, אָבער — אין גרויסע מחנות.

נאָך יעדן נאַכט־מאַנעווער, ווען די קאָמפּאַניעס פלעגן זיך בייטן מיט די פּאָזיציעס, האָט מען אינדערפרי געפונען די גאַנצע ליינג פון די זיגזאַגישע טראַנשייען באַדעקט מיט טויזנטער פגרים פון צעטראָטענע מייז.

אין צייט פון רעגנס, האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן פון דעם ווייסן, קלעפּיקן ליים־און־קאַלך. מיר פלעגן זיך ממש „פּרעגלען" אין אַ בלאָטע פון ליים־און־קאַלך. דאָס איז אונז טיף אין די ביינער געלעגן.

אָבער צומשווערסטן איז, אין ווינטער־צייט, אויף אונז געפאַלן: דער קאַמף מיט די בוראַקעס. מיר האָבן געדאַרפט זיך באַרען מיט די בוראַקעס פאַר יעדן שפּאַן ערד. און ניט די לאָפּעטע, ניט דער גרויסער, שווערער לאָם, האָבן געקענט „איינבייסן" די בוראַקעס; זיי זיינען געווען נאָך פּאַראַיאַריקע און ריזיק־גרויסע; זיי האָבן איבערגעלעבט די „מאַרנער שלאַכט" און

זיינען ארויסגעוואקסן פון דער ערד — אויף גאָטס באַראָט...

דערפאַר, אָבער, האָט שאַמפּאַן פאַרמאַגט די געבענטשטע מעלה וואָס די ווינטער־קעלט איז דאָרט געווען אַ מילדע. און אָפט זיינען אַפילו די „האַרטנעקיקע" בוראַקעס אויך געווען פאַר אונז אַ ברכה: ווען עס האָט אונז אויסגעפעלט שפּייז, זיינען די רויע בוראַקעס אויך געווען אַ מאכל... אין רו־צייט זיינען אויך די ווייסע, קאַלעכדיקע שטרויכל־שטיינער געוואָרן נוצלאַך:

די סאָלדאַטן וואָס האָבן פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט צו צייכענען און מאָלן, פלעגן אויסריסעווען מיט זיי פאַרשידענע דיאַגראַמען און אוזאָרן.

אָבער די הויפּט־מעלה פון יענעם געגנט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס די פּיינטלאַכע טראַנשייען זיינען געווען אָפּגערוקט פון אונזערע אויף אַ פּאָר הונדערט שפּאַן. אזוי, אַז אין אונזער סעקטאָר זיינען פאַרוואונדעטע און טויטע סאָלדאַטן געווען אַ סך זעלטענער ווי אין אַנדערע סעקטאָרן...

דער צפון־סעקטאָר, ווידער, איז שוין געווען געבענטשט מיט אַלע „גוטע מעלות": די מייז זיינען דאָרט געווען גרויסע, און — פאַרביטערט זיך אַנטקעגנגעשטעלט אונז; דער שמוץ — עקלדיק און עסערדיק; די בלאָטע — אַ טיפע און קלעפּיקע, אַזאַ וואָס האָט אונז דערמאָנט אין די „מאַזורער זומפּן."

איין מעלה האָט דאָך פאַרמאָגט דער צפון־סעקטאָר: מיר האָבן זיך דאָרט ניט געלאַנגווייליקט — די אָפטע אַטאַקן, די מאַסן טויטע און פאַרוואונדעטע, האָבן אונז געהאַלטן „געשפּאַנט"; יעדער איינער האָט געפילט אַז — — אויב ניט איצטער, איז — שפּעטער... אויב ניט היינט — — איז — — מאָרגן... דער סוף — — — — קומט...

אין די „וואַגעזן־בערג" — דאָרטן איז שוין געווען פאַר אונז דער אמת'ער „גן־עדן"; די שטשורעס, מיט פלאַכע געזיכטער ווי סאָוועס, פלעגן גריזשען די טויטע פאַר די לעבעדיקע אין די אויגן... זיי פלעגן אויך זיין די „שותפים" צו אונזערע שפּייז־טאָרבעס. ווען ס'האָבן זיך ניט געפונען קיין פּגרים אַרום אונז, און ווען קיין שפּייז אין די טאָרבעס איז אויך ניט געווען, האָבן די שרצים פּשוט געגריזשעט אונז די שיך מיט די פיס צוזאַמען...

אָבער דער שטאַרקסטער שונא אונזערער אין די „וואַגעזן־בערג" — וואָס פון אים האָבן מיר אַ סך מער געליטן ווי פון די פיר־פיסיקע חיות — איז געווען דער ש ט י ל ע ר אָבער גרויזאַמער פיינט — דער ווינטער. די שטאַרקע פרעסט און די אָפטע שניי־שטורעמס זיינען געווען פיל ערגער ווי אין אַנדערע געגנטן אויפן שלאַכטפראָנט. ס'האָט ניט איינמאָל געטראָפן, אַז ווען אַ „סענטינעל" פלעגט זיך אָוועקזעצן אויף דער „פּאַראַ־פעט" פון טראַנשיי אויף צוויי־שעה'דיקער וואַך, האָט מען דער־נאָך געמוזט אָפּשניידן די פּאַלעס פון זיין שינעל, כדי אים צו באַפרייען פון זיין אָרט. אַזוי שטאַרק צוגעפרוירן איז ער געווען צו דער ערד.

צו די אַלע צרות, האָט נאָך דאָס שלימזל „אַנגעצייכנט," אַז אַט די רעגימענטן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון גאַלע אַרי־בערגעבראַכטע סאָלדאַטן פון די מעסיקע און וואַרימע קלימאַטן, פון זיד־פראַנקרייך, זאָלן זיך קאָנצענטרירן דווקא אין דעם קאַלט־סטען געגנט. דערפאַר טאַקע זיינען, ווינטער צייט, אַלץ שיטע־רער געוואָרן די רייען אין די טראַנשייען. דער „שטילער" שונא, וואָס האָט באַזיגט נאַפּאָלעאָנען (אין מאָסקווע), האָט אין די „וואַגעזן־בערג" אומגעבראַכט אַ סך מער סאָלדאַטן — ווי דער אמת'דיקער שונא — דער בליצנדיקער און דונערנדיקער שליח פון מאַרסן...

דערפאַר אָבער האָבן מיר אין די „וואַגעזן" פאַרמאָגט אַזעל־כע פּריווילעגיעס וואָס אין קיין שום אַנדערן סעקטאָר האָט מען אפילו ניט געקענט חלומ'ען דערפון. דהיינו: יאַגד. סיי ווינ־טער, סיי זומער, האָבן מיר געקענט עפּעס פאַנגען. אַ פויגל, אַ האָז, און דעסטגלייכן.

איינמאָל, גייענדיק צום וואַסערפאַל, האָבן מיר דערזען אַ הינדין שטיין בײַם וואַסער און טרינקען. זיינען מיר אַזוי אויפ־גערעגט געוואָרן, אַז מיר האָבן זיך תיכף אַ כאַפּ געטאָן צו די ביקסן... האָבן אונז אָבער די פראַנצויזישע חברים — על־טערע רעקרוטן — אָפּגעהאַלטן פון שיסן אויף דער הינדין; זיי האָבן אונז דערקלערט, אַז בײַ דעמדאָזיקן וואַסערפאַל טאָר מען ניט שיסן... מחמת מען האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט

די דייטשן, אַז דאָ, וואו ביידע אַרמייען קומען נאָך וואַסער, זאָל זיין אַ נייטראַלע זאָנע און — וואַפנשטילשטאַנד, וואָרים איידער אַזאַ אָפּמאַך איז דורכגעפירט געוואָרן, פלעגן דאָ פאַלן אַ סך קרבנות. — דערווייל האָט אויך די הינדיין „געגאָסן" פון אונזער אָפּמאַך: זי האָט זיך אָנגעטרונקען און — פאַרשוואונדן געוואָרן.

דערפאַר אָבער האָט אַ האָז, וועלכן מיר האָבן באַגעגנט, סוף סעפּטעמבער, אין אַ וואַלד, שוין ניט געהאַט דעם זעלבן מזל, ווי די הינדיין: —

מיר זיינען דאַמאָלסט געגאַנגען — אַ גרופּע אויסקוקער, זוכן די דייטשע טראַנשייען. און זוכנדיק אַזוי, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן וואַלד־האָז. מיר האָבן גלייך אָנגעשטעלט די ביקסן און אַ פּאָר מאָל אויסגעשאָסן. תיכף האָבן מיר „באַקומען" אַן „ענטפער" פון וואַלד אַרויס: אַ רעגן פון קוילן... דער געשאָסענער האָז האָט אונז „געקאָסט" צוויי פאַרוואונדעטע חברים...

ביים ווילדן חזיר האָט אונז שוין מיטגעהאָלפן דאָס בלינדע מזל: —

דאָס האָט פּאַסירט אין אַ פינצטערער ווינטער־נאַכט. די קעלט איז געווען אַ נאַסע און אַן עסעריק־פוילע. אונזערע אַ האַלבע סעקציע האָט פאַרנומען דעם הויגל „675," וועלכע האָט משופּע׳דיק אַראָפּגעקוקט אין דער טיעף — ווי דער טאָרפּעדן־פּעלז. אַנטקעגן האָט צו אונז אַריבערגעקוקט אַ געדיכט־באַוואַקסענער באַרג. פון יענעם באַרג האָבן די דייטשן, שפּעטער, צו אונז „אַריבערגעשיקט" שווערע, זשומענדיקע טאָרפּעדן־פליגן. דערווייל אָבער זיינען מיר, דער האַלבער „שבט," געווען אָפּגעזונדערט פון די טראַנשייען — ווי אויף קליינע אינזלען פונם פּאַסיפישן אָקעאַן.

טרעפט אַז אין יענער פינצטערער ווינטער־נאַכט קריגן מיר אַן אַלאַרם. וואָס איז? — די דייטשן באַפאַלן אונז! דער סענטינעל האָט אויסגעשאָסן, כדי דערמיט צו געבן אונז אַ „סיגנאַל": „צו די וואָפן!" מיר לויפן אַלע אַרויס, האַלבפאַרשלאָפענע, און ציטערנדיק פון שרעק און קעלט, הויבן מיר אָן שיסן. שיסן גלאַט אין דער וועלט אַריין... אויסגעשאָסן עט־

לאכע מאָל, זיינען מיר געבליבן שטיל, און וואַרטן אויף אַן „ענטפער" פון שונא... קיין ענטפער האָבן מיר ניט געקראָגן, לאָזן מיר זיך גיין צו די שטעכיקע דראָטן, אויסצוגעפינען צי דער שונא ליגט דאָרטן ניט פאַרטייעט... און פלוצלינג דערהערן מיר ווי עמיצער ראַנגלט זיך ביי די דראָטן... האָבן מיר ווידער גענומען שיסן און דאָס מאָל — נאָך העפטיקער. גאַנצע פאַקעטן קוילן האָבן מיר אויסגעשאָסן... די רערן פון די ביקסן זיינען אַזש צונטער־רויט געוואָרן פונם שיסן... און געלויכטן אין דער נאַכט ווי לאַנגע פאַסן־פייער... אָבער קיין ענטפער אויף אונזער שיסן איז אַלץ ניט געקומען. האָבן מיר באַשלאָסן — „אוועקצולייגן די וואַפן" און וואַרטן...

פאַרטאָג האָבן מיר ענדלאַך דערזען דעם „שונא":

אויף די דראָטן, אונטן, איז געהאַנגען אַ צעשאָסענער ווילדער חזיר. אַ פּאָר סאָלדאַטן האָבן אים אַרויפגעשלעפּט. און נאָך יענעם טאָג האָט די גאַנצע סעקציע געפּראַוועט אַ פריילאַכע סעודה — פונם „שונא" און זיך געוואונטשן צו האָבן אָפּט אַזעלכע שונאים...

לז

# מאָריום דער דערציילער

מאריום „דער דערציילער" האָט געשטאַמט פון די איטאַל־יענישע אַלפּן — ניט ווייט פון דער הויכער „סאַוואָא." אָבער נאָך אַלס קינד איז ער מיט זיינע עלטערן אריבערגעקומען קיין פראנקרייך. אין פּאריז איז ער דערצויגן געוואָרן און דאָרט זיך אויסגעלערנט די פּראָפעסיע פון דאַמען־שניידעריי. און אַ דאַנק דער דאָזיקער פּראָפעסיע, האָט ער זיך אַנטוויקלט צו ווערן אַ „פּאָליגלאָט" (שפּראַכנקענער) און אַ פיזיאָנאָמיסט.

ביים אָנהויב פון דער מלחמה איז ער, באַגלייך מיט זיינע חברים פון שניידער־פאַך, אַוועקגעלאָפן זיך אָנשליסן אַלס פריי־וויליקער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

די צוויי אַטאַקעס אין פרילינג, 1915, האָט ער דורכגעמאַכט מיט אונז אין פרעמדן־לעגיאָן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצור־שליסן זיך אין די „גאַריבאַלדים" וואָס האָבן זיך געגרינדעט אַלס אויסשליסלאָך־איטאַליענישער באַטאַליאָן. און ווען דער פרעמדן־לעגיאָן איז געקומען אין די „פלאַנשעס" פון דער יורא־געגנט, זיך אויסצורוען פון די אַטאַקעס, איז מאַריום געקומען אין אונזער אָפּטיילונג און זיך מיט אונז באַפריינדעט.

די הויפּט שווערע אַרבעט אונזערע אין יענעם געגנט איז דאָן געווען דאָס קלעטערן אויף די אַרומיקע בערג און די מאַ־נעוורעס אויף ווייטע שטרעקעס. ווייטער, סיי די איבונגען, סיי די דיסציפּלין, איז ניט געווען באַזונדערס שווער. אין די פאַר־נאַכטן, פאַר, און נאָך דעם „אַפּעל", (ריטריט) פלעגן מיר זיך גרופּנ־ווייז פאַרזאַמלען אַ טייל אין פלאַנשע „לע מין" און אַ טייל אין

פלאַנשע „באַ," און חלום'ען אויף דער וואַר פון אַ פריי, ציוויל אומאָפּהייניגיק לעבן... ווען מיר פלעגן שוין מיד ווערן צו זיצן און חלום'ען, דאַן פלעגט מען זיך נעמען זינגען טרויעריקע נגונים, וואָס יעדערער האָט מיטגעבראַכט פון זיין לאַנד און פון זיין היים. און אַז מען איז מיד געוואָר פון זינגען — פלעגט מען זיך נעמען דערציילן געשיכטעס און אַזוי אַרום פאַרגעסן אַז דער ווירקלאַכקייט.

איינמאָל איז מאַריוס געקומען און אונז דערציילט אַזאַ נייס: ער האָט באַקומען אַ בריוו פון זיינעם אַ פריינט, וועלכער איז דעם צווייטן אווגוסט אַוועק אויפן פראָנט, איבערלאָזנדיק זיין יונגע פרוי ניט לאַנג נאָך דער חתונה. ער, מאַריוס, האָט זי גוט געקענט אַלס ערנסטע, איבערגעגעבענע פרוי. שרייבט אים דער פריינט זיינער, אַז קומענדיק אַהיים פאַריגע וואָך אויף קורצן קאַנוואַלעסאַנס, נאָך דריי חדשים ליגן אין שפּיטאָל מיט אַ דורכגעשאָסענעם פוס, האָט ער געטראָפן זיין פרוי: אין זיבעטן חודש...

— נו, וואָס איז דער וואונדער? — מישט זיך איינער אריין אין געשפּרעך — ס'איז דאָך קריג, מענטשן ווערן אויסגע'הרג'עט, נו, דאַרף מען זען, אַז עס זאָלן געבאָרן ווערען נייע מענטשן — ניט אַזוי? און וואָס איז דער אונטערשייד ווער דער טאַטע איז: פּיער צי פּאָל? אַבי מען פּלאָדיעט קינדער...

— וואָס קומסטו מיט דיין פילאָזאָפיע? ניט יעדער דענקט אַזוי עקסטרעם ווי דו — ענטפערט מאַריוס. — מיין פריינט פון בריוו איז אַ דורכשניטלאַכער מענטש, בטבע גאָר ניט קיין שלעכטער, נאָר „אַזאַ זאַך" האָט ער ניט געקענט גלייכגילטיק איבערטראָגן. און איך גלויב, אַז יעדער איינער פון אונז וואָלט ניט געווען בעסער פון אים אין אַזאַ מאָמענט, און דו, אפילו, מיין גריבלער, אויך ניט. קיינער וואָלט אַנדערש ניט געהאַנדלט.—

— וואָס־זשע האָט ער געטאָן? — האָבן מיר געפרעגט.

— ער האָט דאָס גאַנצע מעבל צעבראָכן, און זיין פרוי אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זי האָט גע'מפּיל'ט... אַצינד ליגט זי אין שפּיטאָל, און ער — וואַרט אין דעפּאָ אָפּגעשיקט צו ווערן אויפן פראָנט...

— דאָס בעסטע וואָלט געווען — רופט זיך אָן נאָך איינער — ווען מען שיקט אַלע חודש אָדער אַלע צוויי חדשים, די פאַר־הייראַטע מענער צו זייערע ווייבער, — וואָלטן די פרויען גע־בליבן געטריי זייערע מענער און קיין „צוקינפטיקע סאָלדאַטן" וואָלטן שוין אויך ניט אויסגעפעלט...

וואָס וואָלט דען ארויסגעקומען דערפון? — מישט זיך אריין אַן אַנדערער — סיי ווי סיי וועט מען שוין אַזוי גיך דאָס נאָרמאַלע לעבן פון דער געזעלשאַפט צוריק ניט אויפשטעלן ווי ס'איז געווען, דער עיקר: דאָס פאַמיליען־לעבן, וואָס איז צע־בראָכן געוואָרן פיזיש און מאָראַליש — אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צייט. אָט איז אַ פאַקט, — זעצט פאָר דער זעלבער, — וואָס מיט מיר אַליין האָט ניט לאַנג געטראָפן:

— אין מאַנטביאַרד האָב איך, ווי מיר אַלע, געגלויבט, אַז מיר וועלן פאַרבלייבן אין דער פעסטונג צומווינציקסטן אַ חודש צייט. פון מיין פרוי פלעג איך באַקומען אָפטע בריוו מיט טענות: אַז אויב איך קען ניט קומען צו איר כאָטש אויף עטלאַכע טעג „אורלויב," וועט זי קומען צו מיר. זי איז נאָך יונג און קען זיך ניט ראַנגלען מיט נסיונות. און איך, — אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען געלעגן אין די טראַנשייען און ניט געזען פאַר זיך קיין אַנדער באַשעפעניש, אויסער סאָלדאַטן, איז נאָך געווען צו דערליידן; דאָס אָפטע באָמבאַרדירן האָט ניט נאָר אונז פאַרשלאָגן דאָס געהער, נאָר אויך פאַרטויבט די געהירן און אַלע חושים... און דאָ פּלוצלונג, געפינען מיר זיך אין אַ שטאָט, צווישן ציווילע מענטשן. דו גייסט אַרוים פון דעם „שטאָט," דערשיינען פאַר דיר שיינע, יונגע פרויען, אין לייכטע, העלע קליידער.

— פאַלט מיר איין אַ געדאַנק צו לאָזן קומען מיין פרוי צו מיר. איך זאָג „לאָזן," ווייל ניט קוקנדיק דערויף וואָס זי פלעגט מיך ניט לאָזן לעבן מיט אירע בריוו און איך האָב אויך געגאַרט זי צו זען, האָב איך דאָך אָבער געוואוסט, אַז ס'איז אַן אוממעגלאַכקייט, אַז מיר זאָלן זיך קענען זען ביים פראָנט. ערשטנס וועט מען איר ניט דערלויבן אריינצוקומען אין דער מיליטערישער זאָנע, און צווייטנס, איז דאָך אונז גאָר פאַרבאָטן צו שרייבן עמיצן אין וועלכן געגנט מיר געפינען זיך. נאָר, ווי געזאָגט, איך האָב עס געלאָזט אַזוי גיין.

— איינמאָל, מיר קומען אַריין אין פעסטונג, מידע, פאַר־שוויצטע, ברודיקע, ערשט, פאַרן טויער פון הויפּט־אַריינגאַנג זאָגט צו מיר איינער פון מיין עסקוואַד: גיב נאָר אַ קוק, אַ פרוי שטייט! איך גיב אַ קוק אין דער ריכטונג וואו ער ווייזט מיר אָן — מ י י ן פ ר ו י !... דערזעענדיק מיך, איז זי געבליבן שטיין ווי פאַרשטיינערט:

— דאָס זייט איר?... דאָס ביסטו?... דו?... — האָט זי געשטאַמלט און טרערן האָבן זי געשטיקט. — אַ חוץ מיין באַוואַקסנקייט איז מיין גאַנצער אויסזען געווען אַ פאַרענדער־טער, און ווען ניט מיין קול — האָט זי זיך נאָכדעם געשוואוירן — וואָלט זי מיך אָסור דערקענט...

— דאָס אַלעס, וואָס דו האָסט אונז דערציילט ביז אַהער, איז גוטער מאַטעריאַל פאַר אַ ראָמאַן, אָבער דערציילן אונז דעם עיקר, — האָט זיך אַ וויצלינג אָפּגערופן.

— איך בין באַלד צוגעלאָפן צום סערזשאַנט־מאַיאָר — זעצט פאָר דער דערציילער, — און געבעטן ביי אים אַ דער־לויבעניש צו זען זיך מיט מיין פרוי. ער האָט מיר געענטפערט, אַז דער קאַפּיטאַן איז ניטאָ, און ער אַליין קען ניט געבן קיין דערלויבעניש אָן דעם קאַפּיטאַנס אונטערשריפט. נאָר איך בין צוגעשטאַנען צו אים און אים געבעטן: זע, מיין פרוי שטייט פאַרן טויער און וואַרט אויף מיר. דערווייל קומט צו דער אַדיוטאַנט און הערט ווי איך טענה צום סערזשאַנט־מאַיאָר.

— וואָס? — גיט ער זיך אַ כאַפּ, — דאָס איז דיין פרוי, וואָס איז געקומען פון פּאַריז?

— יאָ, מיין אַדיוטאַנט!

— האָסט רעכט, מיין אינגל, זי איז אַ שיינע פרוי. לאָז אים אָפּ אויף אַ שטונדע! — רופט ער זיך אָפּ צום סערזשאַנ־מאַיאָר.

— מען האָט מיר געגעבן אַ שטונדע צייט אויף צו באַזאָרגן מיין פרוי מיט אַ צימער אין שטאָט. נאָר מ'האָט מיר באַפוילן, אַז איך זאָל גיין מיט די הינטער־געסלאַך, ווייל ס'איז שטרענג פאַרבאָטן פאַר סאָלדאַטן גלאַט אַזוי אַרומצושפּאַצירן אין שטאָט אין מיטן טאָג. ווען אַן אָפיציר טרעפט אַז אַ סאָלדאַט אין אַזאַ

צייט, קען נאָך דער סערזשאַנט־מאַיאָר כאַפּן אַ פּסק דערפֿאַר...

— אַ שטונדע צייט איז געגוג, — האָבן עטלעכע אויסגערופֿן אויף אַמאָל — און זיך איבערגעוואונקען...

— איך האָב אַפֿילו קיין צייט ניט געהאַט צו ר ע ד ן מיט איר.

—אַט אַ שלים־מזל! — האָבן אייניקע אויסגערופֿן.

— איך האָב צוערשט געמוזט געפֿינען פֿאַר איר אַ קוואַרטיר, און ביז איך האָב געפֿונען — איז די שטונדע געווען פֿאַריבער.

— טאָ וואָסזשע האָט עס געטויגט?...

— איך האָב געדענקט אַז פֿאַרנאַכט וועט מען מיר געבן דערלויבעניש אויף עטלעכע שעה. נאָר איך האָב אַ טעות געהאַט. קיין דערלויבעניש אויף אַ לענגערער צייט האָט מען מיר ניט געגעבן און איך האָב געמוזט קומען צום „אַפּעל” ניין אַזייגער אין דער קאַזאַרמע. ס'איז די קריג־זאָנע און מען טאָר ניט פֿאַרלאָזן די פֿעסטונג. ווען חברה האָבן זיך דערוואוסט, אַז מיין פֿרוי איז געקומען פֿון פּאַריז, זיינען זיי אויך געקומען זי זען און אָפּגעמען גרוסן, יעדער פֿון זייניקע, אַזוי, אַז איך האָב ווידער ניט געהאַט קיין צייט צו בלייבן מיט מיין פֿרוי אַליין.

— ביסטו, הייסט עס, געבליבן ווי טאַנטאַל? — קיבעצט אים איינער.

— ניט געכאַפּט, מיין ליבער! העך אויס ביזן סוף. — איך בין געקומען צום „אַפּעל” גלייך מיט אַלע, נאָר איך האָב ניט געקענט רוען. די חברים פֿונם עסקוואַד און דער קאַפּראַל האָבן מיטגעפֿילט מיט מיר און געזוכט אַן אויסוועג ווי אַזוי איך זאָל קענען זיך אַרויס'גנב'ענען פֿון דער פֿעסטונג. איך דאַרף דאָך אייך ניט דערציילן און אויסמאָלן די מאָנטביאַרדער פֿעסטונג. דאָס איז אַ פֿעסטונג פֿון דעם עכטן מיטלאַלטער. זי שטייט אויף אַ באַרג, און ווען דער אייזערנער טויער פֿון אַריינגאַנג איז געשלאָסן, קען מען שוין זיין קלוג ווי דערדאָל אַליין, — וועט מען האָבן איקאַרוסעס סוף, אויב מען וויל זיך אַרויס'גנב'ענען. אָבער, אַז מ'זוכט אַן אויסוועג, געפֿינט מען: דערטאַפּ איך אַ שטריק, וואָס איז פֿון קדמונים אָן געלעגן אין אַ

קאמער פון דער שאטא, בינד אים אן צו אן אייזערנער גראטע פון א קליין פענסטערל, און ווי עס איז נאר פינצטער געווארן — האב איך זיך אראפגעלאזט מיטן שטריק, און דורך די הינטער־געסלאך זיך געלאזט גיין זוכן, מער מיטן אינסטינקט ווי מיטן פארשטאנד, דעם האטעל וואו מיין פרוי האט געוואוינט.

— איך גיי ניט אפ קיין פוציק שפאן, הער איך טריט פון מענטשן. גיב איך זיך א שאר צו א וואנט און, בלייב שטיין ווי א סטאטוע, איינהאלטנדיק דעם אטעם. און, שטעלט אייך פאר: א נאכט־פאטרול קומט מיר גלייך אנטקעגן. אבער ס׳איז געווען מיין גליק, וואס קיינער פונם פאטרול האט מיך ניט באמערקט. מיט הארצקלאפעניש בין איך, נאך א לאנגן זוכן און ארומטאפן אין דער פינצטער, צוגעקומען צו דער וואוינונג פון מיין פרוי. איך קלאפ אן אין דער טיר — מען ענטפערט מיר נישט. איך קלאפ שטארקער — דאס זעלבע שטילשווייגן. איך ווער שוין אומרואיק און קלאפ אן אן אויפהער. ערשט עס רופט זיך אן א ווייגענדיקע פרויען־שטימע: — ווער איז?... — איך! — ענטפער איך אויף א קול. — עפן אויף! — ווער איז דער „איך״? דו, מיין ליבער?... דו?... — שטאמלט מיין פרוי אונטער דער טיר. — איך, אודאי איך, ווער דען ווילסטו זאל קומען, דער קאנסיערש?

— מיט שווערער מי האט מיר מיין פרוי געעפנט די טיר. איך קום אריין — אן איבערקערעניש: דער טיש מיט די ביינקלאך צוזאמענגערוקט צו דער טיר, אויפן טיש ליגט דער דייטשער רעוואלווער וואס איך האב מיט זיך געפירט פון דער ערשטער אטאקע און וואס איך האב בייטאג איבערגעלאזט ביי איר. די פרוי מיינע שטייט דערשראקן און ציטערט. די אויגן פארלאפן מיט טרערן און קען ניט אויסריידן קיין ווארט. א היבשע ווײַלע האט געדויערט, ביז איך האב ביי איר געקענט ארויסקריגן וואס מיט איר איז געשען. און אט וואס ס׳האט פאסירט:

א האלבע שטונדע פאר מיין אנקומען, הערט זי א קלאפן אין טיר. זי גיט א פרעג: — ס׳איז דו, ליבער? ענטפערט מען איר ניט, נאר מען קלאפט ווייטער. פרעגט זי ווידער אמאל:

דו ביסט עס? קיין ענטפער. נאָר דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער. ווערט זי שוין אַביסל אומרואיק און פרעגט העכער: — ווער איז דאָס?! ענטפערט! — רופט זיך אָן אַ מענער־שטימע: עפן אויף טייבעלע, האָב ניט קיין מורא. דערהערט אַזעלכע ווערטער פון אַ פרעמדן מאַן הינטער דער טיר, איז זי נאָך מער דערשראָקן געוואָרן און גענומען שרייען: — גייט אַוועק פון דאַנען, אַז ניט מאַך איך אַזאַ געוואַלד, אַז מען וועט זיך צונויפלויפן. נאָר דער בחור מאַכט זיך נישט דערפון און קלאַפּט נאָך פעסטער אין דער טיר. מיין פרוי נעמט שרייען געוואַלד!! יענער, אָבער רייסט די טיר. זי נעמט קלאַפּן אין דער וואַנט, אין דער סטע־ליע, רופן צו הילף, נאָר קיינער ענטפערט ניט. גיט זי אַ נעם דעם טיש און די ביינקלאַך און רוקט זיי צו צו דער טיר. אָבער יענער רייסט אַלץ די טיר, קלאַפּט מיט די פיס און בעט זי, אַז זי זאָל זיך בארואיקן און אים עפענען, ער האָט פאַר איר אַ גרוס פון איר מאַן, וואָס קען ניט קומען נעכטיקן...

— וואו־זשע איז דער מאַן אהינגעקומען?! — פרעג איך שוין אַן אויפגעברויזטער.

— ער איז נאָר וואָס אַראָפּ פון די טרעפּ. איך האָב זיך צוגעהערט ווי ער איז אַראָפּגעלאָפן און געבורטשעט עפּעס צווישן די ציין, און ווען דו האָסט אָנגעהויבן קלאַפּן, האָב איך גע־מיינט, אַז דאָס איז ער ווידער געקומען.

פון דעם דאָזיקן אינצידענט איז מיין פרוי געוואָרן די גאַנצע נאַכט היסטעריש. איך — נערוועז. און קיין פאַרגעניגען האָבן מיר שוין ניט געהאַט.

— ווער האָט דאָס געקענט זיין? צו קומען נאַכן אָפּעל אין שטאָט, ווען ס'איז פאַרבאָטן אַרומצוגיין נאָך נייַן אַזייגער? — האָט מען געפרעגט און זיך איבערגעוואונקען מיט די אויגן.

— אַ ציווילער, מסתמא, — רופט זיך אָפּ איינער. — ווי דיינקט איך?

— ניין — ענטפערט אַ צווייטער — אַ ציווילער וועט מיט אַזאַ חוצפּה ניט וואַגן צו קומען צו אַ פרוי פון אַ סאָלדאַט, וועלכער שטייט אין דער זעלבער שטאָט.

— ווער דען האָט דאָס געקענט זיין?

— דער אַדיוטאַנט! האָב איך אויסגעפונען — ענטפערט

דער דערציילער. — ער האָט געזען מײַן פרוי בשעת זי האָט געוואַרט בײַ דער פעסטונג, און האָט נאָכדעם אויסגעפונען וואו איר קוואַרטיר געפינט זיך, און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז קיין דערלויבעניש צו זײַן מיט איר די נאַכט — האָב איך ניט, איז ער געקומען פאַרנעמען מײַן אָרט...

— אָט דאָס הייסט אַ געטרײַער אַדיוטאַנט! — שרײַט אויס אַ לײַ. — געקומען פאַרנעמען זײַן סאָלדאַטס פּאָזיציע!...

— ס'איז אַן אײַנפאַל!... — צעהירזשעט זיך אַן אַנדע־רער ציניש.

וואָס, אַ שטײַגער, וואָלסטו געטאָן ווען דו טרעפסט זיך דאָרט אַן מיט אים?—פרעגט מיט טשיקאַוועסט אַ דריטער פאַרשוין.

— ער וואָלט אים מסתמא סאַלוטירט!... — שרײַען אַנ־דערע אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

און מיר האָבן אַלע זיך צעלאַכט.

— סאַלוטירט?! — איך וואָלט דעם הונט דערשאָסן אויפן אָרט!...

— אַ שיינע חתונה וואָלסטו זיך אָנגעמאַכט!...

— הערט! — שלאָגט איבער מאַריוס. — אָט וועל איך אײַך איצט דערציילן פון אַן ענלאַכן פאַל, נאָר מיט ווינציקער ריטערלאַכקייט. וואָס מיט מיר אַליין האָט פּאַסירט, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרלאָזט מאָנטביאַרד.

— דאָס האָט פּאַסירט אין דעם שטעטל ביען, נעבן האַרי־קאָר, באַלד נאָך דעם גרויסן מאַנעוור, בײַ וועלכן דער גענעראַל זשאָפּר האָט אונז מזכה געווען מיט זײַן אָנוועזנהייט. איר גע־דיינקט דאָך מסתמא ווי דער רעגן האָט אונז דאַמאָלסט געוואַשן די גאַנצע צוויי און צוואַנציק קילאָמעטער וואָס מיר האָבן יענעם טאָג געמאַכט. איך גלויב אַז יעדן פון אונז איז דער דאַזיקער טאָג געבליבן ניט נאָר אײַנגעקריצט אין געדעכעניש, נאָר אויך טיף אין די ביינער...

— צו דער זאַך, מאַריוס, אָן הקדמות — בעט זיך בײַ אים אַ נײַגעריקער.

— איך מוז דאָך דערציילן, וואו און ווען ס'איז פאָרגעקו־מען, צי ניין?

— דערצייל! דערצייל! — בעטן זיך בײַ אים אַנדערע.

— איך מוז אייך אָבער פריער באַמערקן, אַז אונזער קאַמעראַד, צו וועמען זיין פרוי איז געקומען פון פּאַריז, איז ניט געווען דער איינציקער. מיר זיינען געווען עטלעכע אַזוינע משוגעים. און אויב מיר זיינען בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק, מעגן מיר געוויס זיין צופרידן, ווייל ס׳האָבן דאָך געקענט זיין ערנסטע קאָנסעקווענצן פון אַזאַ „פאַרגעניגן״ מיט דער אייגענער ווייב... אָט, הערט וואָס ס׳קען טרעפן:

— מיין פרוי איז אָנגעקומען קיין מאַנטביאַרד אַ שטונדע פריער, איידער מיר האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין. באַגעגענען זיך מיט איר איז מיר אויסגעקומען דאַן ווען איך בין געווען אין דער פולער אַמוניציע. מיטן האַק און פּאַק, אָנגעלאָדן ווי אַ לאַסט־פערד. ס׳איז אַפילו קיין צייט ניט געווען אויסצורעדן אַ וואָרט. דער באַטאַליאָן איז געשטאַנען גרייט צו מאַרשירן. וואוהין מיר גייען, האָב איך ניט געוואוסט און איך דענק, אַז אַ חוץ דעם לייטענאַנט־קאָלאָנעל האָט עס קיינער פון אונז ניט געוואוסט. (וואָרים אונזער לייטענאַנט האָט זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום באַקלאָגט, אַז זיינע זאַכן זיינען אים פאַרלוירן געגאַנגען דערפאַר, ווייל ער האָט געגלויבט אַז מיר׳ן זיך נאָך צוריק אומקערן קיין מאָנטביאַרד). איז מיר איינגעפאַלן אַ וואונק צו טאָן צו מיין פרוי, אַז זי זאָל אונז נאָכגיין. און זי האָט אַזוי געטאָן. דעם גאַנצן טאָג האָב איך זי ניט געזען, און ביי די עטאַפּן האָב איך זי לאַנג אַרומגעזוכט און ניט געקענט געפינען. האָט מיר שוין באַנג געטאָן, וואָס איך האָב איר געהייסן אונז נאָכצוגיין אין אַזאַ שלאַגס־רעגן. פאַרנאַכט, האָבן מיר זיך, דורכגענעצטע פון רעגן, ענדלאַך אָפּגעשטעלט אין אַ דערפל נעבן אַ ווינט־מיל. איך האָב, דעם אמת זאָגנדיק, זיך שוין מייאש געווען צו געפינען מיין פרוי. מחמת אין אַזאַ גאָס־רעגן איז אַפילו פאַר אונז שווער געווען צו גיין אַזאַ ווייטע שטרעקע, בפרט נאָך פאַר אַ פרוי. האָט זי זיך מסתמא ערגעץ־וואו אָפּגעשטעלט. דאַן האָט מיך שוין אינגאַנצן פאַרדראָסן: וואָס פאַר אַן אומזין דאָס איז געווען צו לאָזן זי קומען צו מיר און נאָך איר הייסן נאָכפאָלגן דעם רעגימענט! איין זאַך האָט מיך געטרייסט: אַ דאַנק דעם רעגן איז זי מסתמא געבליבן אין מאָנטביאַרד. דאָך בין איך געווען אומרואיק. די גאַנצע נאַכט ניט

געשלאָפן, כאָטש איך בין געווען מיד און פאַרמאַטערט. די פּאָר מינוט וואָס איך האָב געזען מיין פרוי, האָבן צושטערט מיין גלייכגעוויכט. וואָרים ווען איך האָב זי דערזען, האָב איך מיך דערמאָנט אָן מיין שטוב, אָן דעם ציווילן און אומאָפּהייגיקן לעבן, אָן דער פאַמיליע און גוטע פריינט.

— צו־מאָרגנס הייסט מען אונז ווידער זיך גרייטן אין וועג אריין. און בשעת מיר האָבן נאָך געהאַלטן אין טריקענען אונ־זערע מלבושים פון דעם נעכטיקן שלאַקס־רעגן. גיט מיר דער סער־זשאַנט א רוף: „העי, מאַריוס! קום אַהער. עמיצער פרעגט זיך נאָך אויף דיר!" — „אויף מיר!?" — ווער איך איבער־ראַשט. איך גיי צו, און דער סערזשאַנט ווייזט מיר אָן אויף א דאָרפסמיידל וואָס איז געקומען מיט א שליחות צו מיר. דאָס מיידל דערציילט מיר, אַז מיין פרוי איז ביי זיי אין שטוב פון נעכטן אָן און אַז זי פרעגט זיך נאָך אויף מיר. איצט שטעלט זיך פאָר אַזאַ לאַגע: זי איז ערגעץ אין צווייטן עק דאָרף. דער רעגימענט האַלט ביים פאַרלאָזן און קיין סך צייט קען מען ניט פאַרלירן. בעט איך דאָס מיידל, זי זאָל לויפן וואָס גיכער און אָנזאָגן מיין פרוי, אַז זי זאָל קומען וואָס שנעלער אַהער.

— און אויך יענעם טאָג, ווי דעם נעכטיקן, האָב איך זי ניט געזען. ביי יעדער עטאַפּ וואָס מיר האָבן געמאַכט אין דער מיטאָג־שטונדע, בין איך אַרומגעלאָפן ווי א פאַר'סמ'טע מויז פון איין אָרט צום אַנדערן, פון איין באַטאַליאָן צום צווייטן: אפשר וועל איך זי דערזען. אָבער אומזיסט! קיין שפּור ניט פון איר!

פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין א שטעטל. איך נעם אַראָפּ די ביקס און דעם פּאַק פון די פּלייצעס און לויף זוכן מיין פרוי. ערשט איך גיב א קוק, מיין פרוי גייט מיט דעם זעלבן מיידל אין א ריכטונג וואָס פירט צו אַן אַנדער דאָרף. איך שטעל זיי אָפּ: וואָס איז געשען? ענטפערט זי מיר: מען האָט איר געזאָגט, אַז אונזער באַטאַליאָן געפינט זיך אין דעם דערבייאיקן דאָרף, גייט זי אַהין מיך זוכן. און זי זעט אויס אַזוי פאַרמאַטערט און שוואַרץ — ניט צו דערקענען.

יענע נאַכט זיינען מיר ביידע אָוועקגעגאַנגען צו א פּויערטע ניט ווייט פון לאַגער, און געבעטן ביי איר נאַכט־לעגער. גע־



ש. שווארצבארד אין אַ וואַלד־טראַנשיי עטליכע מעטער פאַרן לאַגער פון די דייטשן

שלאָפֿן זיינען מיר בײדע ווי געהרג׳עטע. איך כאַפּ זיך אויף, ס׳איז שוין גרויסער טאָג. איך טו זיך שנעל אָן, לויף אַרויס אין דרויסן: ווער, וואָס, ווען, קיין סימן ניט געבליבן פֿונם רעגימענט! ווער איך שוין אַ דערציטערטער און נעם זיך דער־פֿרעגן ביי די אַלטע לייט און ביי די פֿרויען: ווען דער רעגי־מענט איז אַוועק און וואוהין? איך באַקום אַ ענטפֿער, אַז אַוועק זיינען זיי נאָך גאַנץ פֿרי, און אין דער ריכטונג פֿון ביען.

קיין סך צייט צו קלערן האָב איך ניט געהאַט. לויף איך צו צום בוידעם, וואו איך האָב איבערגעלאָזט מיין ביקס מיט די טאָר־בעס, ערשט קיין סימן איז ניטאָ פֿון זיי. כאַפּ איך אַ ביציקלעט ביי אַ פּויער און לאָז מיך קיין ביען דעריאָגן אונזער באַטאַליאָן. און ערשט אַרום מיטיק־צייט האָב איך זיי דעריאָגט ניט ווייט פֿון ביען.

— און וואָס האָסטו געטאָן מיט דיין ווייבל? — האָבן זיך אַ פּאָר פֿאַרשווינע אָנגערופֿן.

— וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב זי איבערגע־לאָזט אויף גאָטס באַראָט, וואָרים איך האָב זיך שטאַרק געשראָקן פֿאַר אַ פּסק. עפּעס אַ קלייניקייט: די ביקס פֿאַרלירן! און מ׳האָט דאָך אויך מיך געקענט אָננעמען פֿאַר אַ דעזערטיר! נאָר ווען איך בין צוגעקומען צו מיין סעקציע, האָבן מיר די קאַמע־ראַדן אָקעגן געטראָגן די ביקס מיט אַלע איבעריקע זאַכן און מיך געטרייסט, אַז קיינער אַ חוץ דעם קאַפּראַל ווייסט ניט אַז איך האָב געפֿעלט, און אַז דער קאַפּראַל וועט מאַכן אַ שוויג.

און ווען איך האָב זיך באַרואיקט, האָב איך ווידער גענומען טראַכטן פֿון מיין פֿרוי. ס׳האָט מיר שוין האַרציק באַנג געטאָן וואָס איך האָב זי אָט אַזוי־אַ איבערגעלאָזט. זיך אַפֿילו ניט גע־זעגנט מיט איר. וואָס איז זי נעבאַך שולדיק געווען, די אָרימע פֿרוי?

קיין ביען איז שוין מיין פֿרוי געקומען מיט אַ פֿור. געבראַכט האָט זי דער פּויער ביי וועמען איך האָב גענומען דעם ביציקלעט. דער אַלטער האָט שוין אויך פֿאַר אונז באַשטעלט אַ צימער ביי זיין שוועסטער־קינד, אַן אַלטע פֿרוי. צוזאַמען מיט דער אַלטער וואוינט אירע אַ פֿאַרהייראַטע טאָכטער, וואָס האָט אַ בן־יחידל. דער איידעם איז אין די טראַנשייען. און אַזוי ווי דאָס איינציקע

בעט אין דער גאַנצער שטוב איז געווען דער טאַכטערס, האָט זי דאָס אָפּגעטראָטן פאַר אונז און אַליין איז זי מיטן קינד געגאַנגען שלאָפן ביי דער מוטער, אויפן בוידעם־שטיל.

א פּאָר חברים פון מיין עסקוואַד האָב איך געהאַט אַנגעזאָגט, אַז אין פאַל דער לעגיאָן וועט דאַרפן אַפּגיין פאַרטאָג, זאָלן זיי מיר אַנקלאַפּן אין פענצטער. איך האָב זיך שוין געהיט, אַז עס זאָל ניט געשען די נעכטיקע געשיכטע. און די דאָזיקע נאַכט קען איך אייך זאָגן, איז געווען מיין צווייטע חופּה־נאַכט.

אין מיטן דער נאַכט, מען קלאַפּט אין פענצטער. ווי אַן אָפּגעבריטער שפּרינג איך, אַ נאַקעטער, אַראָפּ פון בעט, לויף צו צום פענצטער און פרעג: וואָס איז?

— עפן אויף! — ענטפערט מיר אָפּ פון יענער זייט פענצ־טער אַ גראָבע שכורע מענער שטימע.

— ווער איז דאָס? — פרעג איך נאָכאַמאָל, און לייג צו מיין געזיכט צו דער שויב, כדי צו זען דעם פּערזאָן. — ווער איז דאָרט?

די פּערזאָן גלאָצט אויס אַ פּאָר ווילדע אויגן, לאָזט אַרויס אַ ווילדן געשריי: דו שלאָפסט מיט מיין פרוי! און שימפּפט אַן אויפהער, לאָזט זיך לויפן פון פענצטער צו דער טיר און נעמט קלאַפּן אַזוי שטורמדיק מיט עפּעס אַ האַרטער זאַך, אַז ממש אָט ווערט צעבראָכן די טיר. איך, ניט וויסנדיק ווער דאָס איז, און ניט פאַרשטייענדיק די אורזאַך פון זיין שרייען און שימפּפן, מאַך זיך גרייט צו גיין עפענען די טיר און זען, ווער דער „פּע־נאָמען" איז און וואָס ער וויל. און ווען איך צינד אָן דעם לאָמפּ, כדי צו זען ווי צו עפענען די טיר — כאַפּט זיך אויף מיין פרוי מיט קולות, לויפט אַראָפּ פון בעט, לאָזט זיך לויפן צו די טרעפּ און נעמט שרייען צו דער בעל־הבית'טע זי זאָל אַראָפּקומען. איך קוק אָן די סצענע און ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס דאָ קומט פאָר. איך ריגל אויף די טיר — גיט זיך אַ לאָז אַריין אַ גרויסער שכורער סאָלדאַט מיט אַן אויסגעשטרעקט געווער קעגן מיין ברוסט. דאָס מויל ביי אים איז פאַרקרימט פון ווילדן כעס, די אויגן גרויס צעעפנט און אַ פּיענע זעצט אים פון מויל:

— דו לומפּ! דו גאַרנישט! דו פוילעניצער! שלאָפסט מיט מיין פרוי! דאָס וועט דיך שוין טייער קאָסטן! — האַלט

ער איז איין שימפן און איך פיל שוין דעם קאלטן באיאָנעט „קיצלען" מיין ברוסט. אינסטינקטיוו האָב איך זיך געגעבן אַ וואָרף אויף צוריק. אין דעם אויגנבליק איז אונטערגעקומען מיין פרוי און גענומען שרייען צו אים: „האַלט זיך אָפּ! עס איז מיין מאַן. דיין פרוי קומט באַלד אַראָפּ!"...

דערהערנדיק די קולות איז די יונגע פרוי אַראָפּ פון די טרעפּ און גענומען שרייען: „פראַנסוא, וואָס טוסטו, פראַנסוא!" —

איך אַליין בין געווען דערשראָקן צום טויט און ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר. דער סאָלדאַט איז צעמישט געוואָרן, ווען ער האָט דערזעען אַ פרעמדע, האַלב־נאַקעטע פרוי, און זיין פרוי גאָר אַראָפּקומען פון בוידעם אַ צעפּאַטלטע, האָט ער אַ וואָרף געטאָן דאָס געווער פאַר מיינע פיס, געפאַלן דער פרוי זיינער אויפן האַלז, און גענומען כליפּען ווי אַ קינד:

— מאַריא, מאַריא... מיין טייערע, וואו איז אונזער קינד, וואָס טוסטו, מאַריא?... וואו איז די מאַמע? מאַריא!... — מער האָט ער ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט....

מאַריוס איז דערביי אַנטשוויגן געוואָרן, און מיר אַלע זיינען געבליבן זיצן מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס.

— האָסט נאָך גוט אָפּגעשניטן — האָט אים איינער געזאָגט, קלאַפּנדיק אים אין פּלייצע. — איז דיר געבליבן אַ צייכן פון יענעמס באַיאָנעט?

מאַריוס האָט אָן ווערטער צעשפּילט די קאַמזוילקע און באַוויזן זיין ברוסט: אַ סימן פון אַ נאָך ניט פאַרהיילטן שניט.

— און קיינער האָט גאָרניט געוואוסט, אַז דער יונגער פּויערטעס מאַן דאַרף אָנקומען אַהיים יענעם טאָג? — זיינען מיר נייגעריק געווען צו וויסן.

— די פרוי זיינע האָט יאָ מיט אַ טאָג פריער געהאַט געקראָגן אַ בריוו אַז ער קומט אָן מיטן מיטיקדיקן צוג. נאָר אַזוי ווי ער איז אַ גאַנצן טאָג ניט געקומען, האָט זי גערעכנט אַז ער וועט, ווייזט אויס, קומען מאָרגן. ער, ווידער, איז דווקא יאָ געווען געקומען מיט דער מיטיקדיקער באַן, נאָר טרעפנדיק זיך מיט לאַנדסלייט, האָט ער זיך פאַררעדט מיט זיי און איז געקומען אַהיים ערשט שפּעט אין דער נאַכט אַ שיכורער...

## לח

# די בערג-לעגענדעס...

ווען מיר זיינען אויף איינעם פון די בערג ביז העלפט ארויפ־געשטיגן, האבן זיך אין הימל שוין געגומען אויסלעשן די לעצטע שטערן. פאסן, טונקל־בלויע, העל־געלע און ראז־רויטע, זיינען ארויסגעשוואומען פון דעם ווייטן האריזאנט און אנגעזאגט די בשורה אז די זון גייט אויף. רעכטס פון אונזער וועג האט זיך געשלענגלט א שמאל שטעגעלע און זיך צעצווייגט אין פארשידענע ריכטונגען. אויף דעם שטעג זיינען געגאנגען צוויי יונגע קינדער־ארבעטער, דארע, אויסגעטריקנטע, אויסגעמוטשעטע, מיט פאר־זארגטע פנים'ער ווי דערוואקסענע מענטשן. א 20 טריט הינטער זיי האט ער געשלעפט אן אלטער איינגעבויגענער מאן .א האלב בלינדער. ער איז געגאנגען א וואקלענדיקער, אנגעלענט אויף א שטעקן און געטאפט דעם וועג. די קינדער זיינען יעדע ווילע געבליבן שטיין, זיך אומגעקוקט אויף צוריק, און מיט אומגע־דולד אפגעווארט דעם אלטן מאן. דער זיידע מיט די אייניקלאך זיינען געגאנגען ארבעטן צוזאמען אין די שאכטעס. יעדערער האט געטראגן זיין קארב שפייז אויפן גאנצן טאג, — וואס איז באשטאנען פון א פלעשל ביר אדער מילך, א קאלטן זופ און א געמיזע. אט אזוי גייען דא די ארבעטער דעמזעלבן וועג פון קינדווייז אן ביזן קבר. זיי ארבעטן ווי די קראטן אונטער דער ערד און לעבן ווי צוגעשמידט צו זייערע ערטער. ס'טרעפט אויך, אז די שווארצע אונטער־ערדישע היילן, וואו זיי ארבעטן, ווערן זייערע קברים. ווען איך האב דעם זיידן מיט די אייניקלאך פון אויג פארלוירן און א קוק געטאן אויף דער נאר וואס אויפגעגאנ־

גענער פּרעכטיקער זון, האָב איך מיט פאַרדרוס געטראַכט: —
„מענטשן לעבן אין אַזאַ געבענטשטער געגנט — מילדע זון, צווי־בערנדיקע לאַנדשאַפט, געזונטע, פרישע לופט און דאָך זיינען זיי אַזוי אויסגעמוטשעט און פאַרקריפּלט... פאַרוואָס זאָלן זיי פירן אַזאַ אָרים לעבן — ליידן פון נויט און הונגער, אין דער צייט וואָס די בערג, די פעלדער און וועלדער זיינען אַזוי פרוכטבאַר?.. וואוהין קומען די רייכקייטן אַהין?...

מיר האָבן דערגרייכט דעם שפּיץ פון דעם באַרג. דאָס אויג האָט זיך גאָרניט געקאָנט אָנזעטיקן מיט דער שענער פּאַ־נאָראַמע וואָס האָט זיך פאַר אונז אַנטפּלעקט. די פאַנטאַסטישע מעשה'לאַך און לעגענדעס פון דער קינדהייט וועגן צויבער־שלעסער און פאַר'כישופט'ע פּאַלאַצן, האָבן אויפגעוואַכט און באַקומען לעבן. איך בלאָנזשע אַרום אין אַ פּרעכטיקן גאָרטן פון כל'ערליי פרוכט־ביימער און בלומען, וואָס קיין אויג האָט נאָך ניט געזען. איך קום צו צו אַ קרישטאָלענעם טייך. פון יענער זייט טייך געפינט זיך אַ שלאָס. איך קום צו צום שלאָס, עפנט זיך די טיר פון זיך אַליין אויף און קליינע ווייסע מלאָכים'לאַך נעמען מיך אַרויף אויף זייערע פליגל און טראָגן מיך אַהין אַריין. זיי ברענ־גען מיך אַריין אין אַ צימער פון איידל־שטיינער און פירן מיך צו צו אַ פּרינצעסין, וועלכע זיצט אָנגעלענט אויף איר גאָלדן בעטל.

— דאָס איז דיין כלה — רוימען זיין מיר אַריין אין אויער. זיי לאָזן מיך אָבער צו דער כלה ניט צוגיין, און פירן מיך אַריין אין אַן אַנדער שעמערירנדיקן צימער. דאָרט זיינען אויסגעשפּרייט רייכע טעפּיכער, אויף זיי זיצן מלאָכים'לאַך און שפּילן זיך. —

— דאָס זיינען דיינע קינדערלאַך, — רוימען מיר מיינע באַגלייטער איין אַ סוד אין אויער, און שטעלן מיך אַוועק אויף אַ טעראַסע.

איך קוק מיך אַרום: — איך שטיי גאָר אויף אַ ריזיקן באַרג; אַרום באַרג ציען זיך רינגען פון נידעריקערע בערג מיט פעלזיקע שפּיצן, אין די טאָלן ליגן צעוואָרפן דערפער און שטעטלאַך, וואָס זען אויס פון דער הויך ווי קינדער־שפּילעכלאַך, און די מענטשן — ווי מילבן.

מיין באַגלייטער, וואָס האָט גוט געקענט די געגנט, ווייזט מיר אַן אויף אַ באַרג קעגנאיבער און ער הויבט אָן דערציילן:

— אַט־אָ־דער באַרג הייסט „לא בעל פי" — „דאָס שיינע מיידל." וועגן דעם באַרג גייט אַרום אַזאַ לעגענדע: אַמאָל האָט אויף אים געוואוינט אַ קינדלאָז פּאָרפאָלק, איינזאַם און אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געווען זייער ערלאָכע מענטשן; דער מאַן האָט שווער געאַרבעט אין פעלד, די פרוי האָט געפּאַשעט די פי. ווען דער מאַן פלעגט מיט דער נאַכט צוגלייך אַהיימקומען, פלעגט ער שוין טרעפן זיין פרוי אין דער היים, מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט געקלאָגט דארויף וואָס זי איז אַן עקרה; זי האָט שטאַרק געבענקט נאָך אַ קינד. דער מאַן פלעגט זי טרייסטן, אָבער זיינע ווערטער האָבן איר קיין נחמה ניט געבראַכט. מיט יאָרן שפּעטער איז זי פאַרגאַנגען אין טראַגן. נאָר זי האָט געהאַט אַזאַ שווער האָבן, אַז ווי נאָר דאָס קינד איז אויף דער וועלט געקומען, איז זי פון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען...

דאָס קינד, אַ מיידעלע, איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אָן אַ מוטער. זי האָט געלעבט מיט איר פאָטער אין דעם קליינעם שטיבעלע, צוזאַמען מיט אים באַאַרבעט דאָס פעלד, געשניטן די תבואה, געפּאַשעט די פי, זי האָט אויך געקאָכט און געבאַקן פאַר זיך און פאַר איר פאָטער. אין דאָרף פלעגט זי ניט גיין, אין קירכע אויך ניט, — זי האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר מענטשן. אין דער פרייער צייט האָט זי אַרויפגעקלעטערט אויף דעם בוים וואָס איז געוואַקסן אויפן פעלד פון באַרג און דאָרטן זיך אָפּגערוט, געהוידעט זיך אויף די צווייגן פון בוים. זי פלעגט זיך דאָן צעזינגען מיט איר שיינער, קלינגנדיקער שטים, און ווילדע ציגן און אַנדערע חיות פלעגן צוקומען, זיך אַרומשטעלן אַרום איר, אויפשטעלן די אויערן און זיך איינהערן. זי פלעגט זיך מיט די חיות שפּילן, און לוסטיק מאַכן און דערביי האָט זי געטאַנצט און געלאַכט. האָט זיך איר קול געטראָגן איבער די אַרומיקע בערג און טאָלן. די בערג־לייט, וואָס האָבן געוואוינט ניט ווייט פונם באַרג, האָבן זי זעלטן געזען, דאָך האָבן זיי געוואוסט אַז דאָס האָט זי געזונגען. זיי האָבן זיך אויך פאָרגעשטעלט אַז זי איז אַ שיין מיידל מיט ברענענדיקע פאַרפירערישע אויגן און

לאנגע, צעלאזענע פעך־שווארצע האר. אזוי האט זי געלעבט אויף דעם בארג, ביז איר פאטער איז געשטארבן. פון דעמאלט אן פלעגט זי זיך שוין זעלטענער ווייזן אויפן פעלז; בלויז פון צייט צו צייט פלעגט זי ארויפקלעטערן אויפן בוים, זיך וויגן אין זיינע „ארעמס,” אבער שוין מער ניט זינגען, ניט פייפן אויף איר פלייט און ניט לאכן ווי אמאל.

אמאל האט א יעגער פון טאל באקומען א שטארקן באגער זי צו כאפן און איז ארויף אויפן פעלז. ווען ער האט זיך דער־נענטערט צום בוים, וועלכער איז געווען פארוואקסן און באהאנ־גען מיט ווילדע פעלזן־בלומען, האט ער דערהערט א פייפעריי און באלד א ווילדן קוויטש. פון דער וויטנס האט ער געזען, ווי א בארווים מיידל מיט צעלאזענע שווארצע האר, האט זיך געלאזט לויפן צו דער „ווייסער גאנדז,” — א בארג וואס ליגט אין דרום פונם „שיינעם מיידל” — און דארט איז זי פארשוואונדן געווארן... און — מער האט מען זי שוין אויף דעם פעלז ניט געזען...

„ווייסע גאנדז” הייסט דער בארג דערפאר, וואס ער איז אינגאנצן פארדעקט מיט שניי, אויסער זיין פעלז, און, ווען מען קוקט אויף אים פונם פעלז פון „דעם שיינעם מיידל,” זעט ער אויס ווי א שווימנדיקע ווייסע גאנדז, וואס בלויז דער שנאבל אירער איז שווארץ. די אלטע איינוואוינער ארום דעם דאזיקן בארג דערציילן, אז זינט דער יעגער האט דאס מיידל פאריאגט פון דעם איינזאמען בוים, האט זי זיך אויף דער „ווייסער גאנדז” אויפגעהאלטן, אין דער הייל פונם פעלז וואס זעט אויס ווי א פויגל־שנאבל האט זי געוואוינט. די וואלד־ און בערג־חיות פלעגן זיך ארום איר פארזאמלען און הערן איר שפילן און זינגען. און די חיות פלעגן ארויסלאזן אזעלכע קולות, אז ס'איז געווען א שרעק צו הערן. אפילו די יעגער האבן מורא געהאט אהין ארויפצוקלעטערן...

בשעת יענער האט דערציילט, האבן ווייסע, קלארע וואלקנד־לאך זיך געשיפט אויפן העל־בלויען הימל און ווייסע, לייכטע און קלארע געדאנקען האבן זיך געוועבט אין מיין קאפ...

— גיב א קוק אין מזרח־זייט — זעצט פאר מיין באגלייי־

טער: — א שטאַרקער ריז שטרעקט אוים זיין שטאָלצן, שלאַנקן פעלזנקאָפּ און קוקט אַריבער איבער זיינע ברידער־בערג וואָס רינגלען אים אַרום. דעם באַרג רופט מען „לאַ מער האנרי" — „די מוטער פון האנרי." פאַרשידענע לעגענדעס ווערן וועגן דעם באַרג דערציילט, אָבער די באַרימטסטע פון זיי איז אָט די: —

אין דער צייט פונם מיטלאַלטער האָט אין די געגנטן רעגירט אַ פירשט. ער איז געווען אַ גרויסער העלד, איז אַלע שלאַכטן געזיגט און פיל פעסטונגען און לענדער איינגענומען. נאָר ווי ער איז געווען אַ גרויסער העלד, אַזוי איז ער געווען אַ גרויזאַמער און ווילדער טיראַן. ער האָט ניט נאָר אונטערדריקט די פרעמדע לענדער, נאָר איז אויך געווען גרויזאַם צו זיינע אייגענע אונטערטאַנען. ער האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט גרויסע צינזן און פלעגט פאַר דער מינדסטער זאַך הייסן זיי שמייסן. פאַרמאָגט האָט דער פירשט איין־און־איינציקע טאָכטער פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. אַ אינגל איז נאָך קינדוויז ביי אים פאַרפאַלן געווארן צוזאַמען מיט זיין באָנע און אַלע באַמיאונגען פונם פירשט אויפצוזוכן דאָס קינד האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט. די טאָכטער איז געווען דער היפּך פונם פאָטער. זי פלעגט אַלץ, וואָס דער פאָטער האָט צוגענומען ביים פאָלק, צעטיילן צוריק צווישן די אָרימע איינוואוינער פון די אַרומיקע בערג. זי איז געווען זייער שיין, קלוג און גוט און געטריי צו יעדן איינעם. זי האָט ליב געהאַט די פּשוטע מענטשן פון איר פאָלק, און געלעבט צווישן זיי, פלעגט זיך פרייען אויף זייערע שמחות און טרויערן אין זייערע טרויער־טעג. ערב יעדן יום־טוב פלעגט זי פאַרטיילן צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולם מעל, וויין און אַנדערע שפייזן, כדי דעם פאָלק זאָל גאָרניט אויספעלן אויף יום־טוב. זי פלעגט זיך חבר'ן מיט די מיידלאַך פון פאָלק, מיט זיי צוזאַמען אַרבעטן אין פעלד און פאַשן די פי. ווען מ'האָט אַראָפּגענומען די תבואה פון פעלד און זי אַריינגעבראַכט אין שייער, פלעגט זי צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם זיך פרייען און פאַרוויילן זיך.

ניט ווייט פונם באַרג, וואו די פּרינצעסין פלעגט מיט אירע חבר'טעס פאַשן די טשערעדעס, האָט געוואוינט אין אַ הייל פון אַ פעלז, וואָס איז געווען העכער פון אַלע אַרומיקע פעלזן, אַ

יונגער פּאַסטוך מיט זיין אַלטער מוטער. זיי האָבן זיך דערנערט פון די מאָגערע פּרוטות וואָס ער פלעגט באַקומען פונם רייכן פּי־איינגנטימער, וועמעס סטאַדעס ער האָט געפּאַשעט. ער פלעגט נאָר איינמאָל אין יאָר זיך ווייזן אין דאָרף, וואָס איז געלעגן אין טאָל; דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ער פלעגט אָנ־הויב הערבסט אָפּפירן צום אייגנטימער די שאָף און רינדער וואָס ער האָט אַ גאַנצן זומער אויסגעפּאַשעט. די איינוואוינער פונם טאָל פלעגן דאַן באַוואונדערן דעם פּאַסטוך׳ס שיינקייט און גבורה: מ׳פלעגט דערציילן, אַז ער האָט איינמאָל מיט די הוילע הענט זיינע צעריסן אַ וואָלף אויף צווייען, און אַז אַן אַנדערש מאָל האָט ער אַ גרויסן ווילדן חזיר פּאַר אַ פוס אָנגענומען, אים אויפגעהויבן און אַרונטערגעוואָרפן פון באַרג. דער פּאַסטוך האָט אויך וואונדערבאַר שיין געזונגען און אויסגעשפּילט אויף זיין פייפל די רירנדיקסטע ניגונים, ווען ער האָט זיך איינער אַליין אויף די בערג געפונען.

איינמאָל איז דעם פירשט׳ס טאָכטער פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין טיפקייט פון וואַלד, זי האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן, האָט אָבער קיין אויסוועג ניט געפונען. זי האָט זיך דאַן אַנידער־געלעגט אויף דער ערד, צוגעלעגט אַן אויער און זיך איינגעהערט, טאָמער דערהערט זיך פון ערגעץ אַ געררויש אָדער אַ קול פון אַ מענטשן. ליגנדיק אַזוי מיטן אויער צו דער ערד, הערט זי פּלוצ־לונג אַ ווידער־קול פון אַ פּאַסטוך־ליד וואָס קומט פון ווייט. זי האָט זיך באַלד אויפגעהויבן און גענומען גיין אין דער ריכ־טונג, פון וואַנען דאָס קול האָט זיך געטראָגן. לאַנג, לאַנג איז זי געגאַנגען, ביז זי איז צוגעקומען צום אָרט, וואו דער פּאַסטוך איז געזעסן און געשפּילט אויף זיין פייפל בערג־לידער. ווען דער פּאַסטוך האָט זי דערזען, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן, איז שטיל געבליבן און אויפגעהערט צו שפּילן. די פירשטין איז צו אים נענטער צוגעגאַנגען און אים גענומען בעטן, אַז ער זאָל ווידער שפּילן און זינגען, ווייל זיינע לידער פאַרשאַפן איר גרויס פאַרגעניגן און אַז, אַ דאַנק זיין שפּילן האָט זי זיך אַרויס־געפּלאָנטערט פון וואַלד און איז ניצל געוואָרן פון די ווילדע חיות. האָט ער איר ניט געקאָנט אָפּזאָגן און אָנגעהויבן ווידער צו

שפּילן און זינגען, דאָס געזאַנג איז געווען מיט אַזוי פיל געפיל און טרויער, אַז די פירשטין האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

דערנאָך האָבן זיי ביידע צוזאַמען געזונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אויף מאָרגן גלייך מיטן זון־אויפגאַנג האָט מען באַגעגנט דעם פאַסטוך צוזאַמען מיט דער פירשטין. זיי האָבן אָפּגעפירט די שאָף און רינדער צו דעם רייכן פּי־אייגנטי־מער, וועלכער האָט געוואוינט ניט ווייט פונם פירשטלאַכן שלאָס. ווען דער פירשט האָט זיך פון דעם אַלעמען דערוואוסט, האָט ער פאַרזאָגט זיין טאָכטער, אַז זי זאָל זיך ניט דערוועגן צו חבר'ן זיך מיט די פאַסטוך־יונגען און אויך מער ניט קומען צווישן פאָלק, ווייל ס'איז ניט פּאַסיק פאַר אַ פירשט'ס אַ טאָכטער צו פאַרברייגגען מיט פאָלקס־מיידלאַך. די טאָכטער האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו גיין צום פאַסטוך. זיינע לידער האָבן זי גע־צויגן צו אים.

ווען דער פירשט איז געוואויר געוואָרן, אַז זיין טאָכטער ליבט זיך מיט אַ פאַסטוך, האָט ער באַפוילן, אַז מ'זאָל זי פון שלאָס ניט אַרויסלאָזן און ער האָט אָוועקגעשטעלט סאָלדאַטן זי צו היטן. דער פאַסטוך, ווען ער האָט געזען אַז זיין געליבטע קומט ניט, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט פונם באַרג אין טאָל אַריין, זי צו זוכן. ער איז צוגעקומען צום פירשטלאַכן פּאַלאַץ און גענומען זיך אַרומדרייען דאָרטן. ווען די דינער האָבן אים דערזען, האָבן זיי אים אַרעסטירט און פאַרשפּאַרט אין אַ אונ־טערערדישער הייל.

איינמאָל האָט די פירשטין געשפּאַצירט ניט ווייט פון דער הייל וואו דער פאַסטוך איז געווען פאַרשפּאַרט, און האָט דער־הערט זיין קול: ער האָט דאַן געזונגען און זי גערופן אין זיינע לידער. זי איז געגאַנגען נאָך דעם קול ביז זי איז צוגעקומען צו דער הייל. זי האָט באַפוילן אויפצעריגלען די אייזערנע ריגלען און אים באַפרייט. זיי האָבן זיך באַלד ביידע אַרויסגע'גנב'עט, זיך אַוועקגעלאָזט אויפן באַרג און זיך באַזעצט אין דער פעלזן־הייל, וואו דער פאַסטוך האָט געוואוינט מיט זיין מוטער. דאָרטן, אין דעם הויכן פעלז זיינען זיי ביידע פאַרבליבן און זיך געליבט. ווען דער פירשט האָט זיך דערוואוסט, אַז זיין טאָכטער איז

אין שלאָס ניטאָ, און אַז דער געפאַנגענער איז אויך פון דער הייל אַנטלאָפן, האָט ער באַפוילן אויסצוקוילען די גאַנצע וואַך. דערנאָך האָט ער צונויפגערופן אַלע זיינע קריגס־לייט און זיי געהייסן זיך צעלאָזן אויף אַלע וועגן און אויסזוכן די טאָכטער מיטן פּאַסטוך; ער אַליין איז מיט זיינע געטרייסטע דינער אַוועק אין די בערג זיי צו זוכן. ווען ער איז צוגעקומען צו דעם הויכן פעלז און דערזען ווי זיין טאָכטער מיטן פּאַסטוך זיצן געאָרעמט אין דער הייל, איז ער מיט אימפּעט און צאָרן צוגעלאָפן צו זיי, ארויסגעצויגן זיין שווערד און זי אין דעם פּאַסטוך'ס ברוסט אריינגעשטאָכן. דעם פּאַסטוך'ס מוטער, וועלכע האָט דאָס געזען האָט אָנגעכאַפּט די האַנט פון פירשט און אויסגעשריען: „מער־דער! דו האָסט דער'הרג'עט דיין אייגענעם זון וואָס איז אַלס קינד ביי דיר פארלוירן געגאַנגען." — — — — — — — — —

אָבער איצט איז אָט דער שטאָלצער ריז, דער הויכער, שיינער לעגענדן־באַרג, צעגראָבן און פארניכטעט. זיינע מעכטיקע רוקנס, וואו גאַנצע וועלדער האָבן געצויגן זייער חיונה און וואו שלאַנקע סאָסנע־בוימער זיינען געוואַקסן, — זיינען איצט צעשניטן אויף זיגזאַגישע טראַנשייען און גריבער. זיין שטאָלצער ריזן־קאָפּ, דער פעלז, איז פון די האַרמאַטן־שאָסן צעמאָלן געוואָרן אויף קליינע קופּקעלאַך זאַמד. ס'זעט אויס, ווי דער באַרג וואָלט פון אַ וואולקאַנישער ערד־ציטערניש צעשעדיקט געוואָרן. בלויז שוואַרצע שטיקער קויל און צעהאַקטע שטיינער און שפּענער זיינען איבערגעבליבן אַלס זכר פונם אַמאָליקן לעבן פון דעם באַרג...

די אור־אַלטע בוימער, פּאַטריאַרכן פון הונדערטער יאָרן, זיינען מיט די וואָרצלען זייערע פון דער ערד אַרויסגעריסן געוואָרן. אומעטום, ווי מ'מאַכט נאָר אַ טראָט, געפינט מען אַ צעשמעטערטן, אַ צעמאָלענעם שטיק פעלז, אַ סקעלעט פון אַ בוים, אַ פּגר פון אַ פערד אָדער פון אַ מענטשן.

דער יונגער וואַלד מיט זיינע בוימער־סקעלעטן זעט אויס ווי אַ גרויסער בית־עולם. אויף דעם אָרט פון דער לעגענדאַרישער הייל, אונטער דעם ריזיקן פעלז, געפינט זיך איצט אַ בית־עולם, גאָר אַ נייער וואַלד פון הילצערנע צלמים, אונטער וועלכע

ס'ליגן פארשניטענע יונגע לעבנס. געוועזענע „פארביסענע שונאים" ליגן דא צוזאמען צו צוואנציק, צו פופציק און צו הונדערט אין איין קבר. זיי האבן שוין צווישן זיך געשלאסן א דויערהאפטן — אן אייביקן שלום, וואס וועט פון קיינעם פון זיי ניט פארשוועכט ווערן...

א יונגער טאלאנטפולער סקולפטאר האט פון א שטיק פעלז, וואס איז אפגעריסן געווארן פון זיין שטאם, אויסגעהאקט א סטאטוע פון א יונג־פרוי מיט צעלאזענע בלאנדע האר. זי וואכט אויף אין מארגן־רויט, און וואשט אירע האר אין דעם פרישן פרימארגן־טוי. די סטאטוע האט ער א נאמען געגעבן „די טאכטער פון דער מוטער האנרי." פארן „מויל" פון דער אמאליקער הייל, אין מיטן פון דעם איצטיקן בית־עולם, האט מען געפונען א שטיק פעלז, אויך א נע־ונד'ניק, אפגעריסן און פארווארפן פון זיין שטאם. פון אים האט דער קינסטלער אויסגעהאקט א צווייטן מאנומענט: ארויפגייענדיק די טרעפלאך, שטייט אויף די קני די „מוטערלאנד," א פרוי, וועלכע לעגט ארויף א קראנץ בלומען אויף די קברים פון די געפאלענע סאלדאטן. פון אירע אויגן גיסן זיך גרויסע טרערן פון בלוט און איר געזיכט דריקט אויס טיפן צער. דער קינסטלער האט פאראייביקט דעם בארג מיט נייע לעגענדעס...

איך האב גענומען ארופקלעטערן פון בארג. די זון איז שוין געווען פארגאנגען. וואלקנס שווארצע האבן זיך איבערן הימל צעשפרייט. איך האב מיך דערפילט קליין און נישטיק ווי א מילב, — איינער פון אלע מילבן־מענטשן פון טאל און אפגרונד, וואו ס'הערשט נויט, עלנד, שרעק און טויט... א מורא איז מיך באפאלן ווען כ'האב געווארפן א בליק צום תהום...

ווען איך בין אראפ פון דעם בארג איז שוין געווען נאכט.

## לט

# אַ ראַבינער׳ס וויזיט

איינמאָל, אַ נאָכמיטאָג, ווען איך האָב זיך שוין געריכט אָנצונעמען דעם ביטערן רעצעפּט פון אַ צוויי־שטונדיקער נודנער, מאָנאָטאָנער סאָלדאַטישער טעאָריע, וואָס איז אונז יעדן נאָכמי־טאָג געגעבן געוואָרן, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ קאַרפּאָראַל און מיר איינגערוימט, אַז איך קען פון אַ זייגער צוויי אָן זיין פריי צו גיין אין נאָענטן שטעטל מ. אין דער קינדער־שולע, וואו עס געפינט זיך אַ איזראַעליטישער פּאַסטאָר, וועלכער וועט מיט אונז אָפּ־ריכטן אונזער „קולט" און פּראַוון אַ „מעסע."

די לעצטע ווערטער האָבן מיר גלייך געגעבן אַ שטויס צוריק. נאָר איך האָב זיך אויף דער שטעל אַ קלער געטאָן, אַז יעדנפאַלס קען דאָס מיר ניט שאַטן אַהין צו גיין. ערשטנס, וועל איך פּטור ווערן פון דער נודנער טעאָריע, וואָס קריכט שוין פון האַלז; צווייטנס, אַביסל פריי זיין און זיך זען מיט אחינו בני ישראל און גוטע ברידער סאָלדאַטן.

ארויסגייענדיק פון מיין קאַזאַרמע, באַגעגן איך טערקישע אידן. זיי גייען זיך גלייך, ווי ניט זיי מיינט מען. איך האָב זיי אָפּגעשטעלט און געפרעגט, צי זיי איז ניט באַוואוסט די געשיכטע וועגן דעם ראַבינער, וואָס וויל אַלע אידישע סאָלדאַטן זען און זיי טרייסטן מיט וואָרט און טאַט.

די אָריענטאַליש־אידישע סאָלדאַטן האָבן אויף מיר אויסגעשטעלט די אויגן און געענטפערט, אַז זיי האָט קיינער גאָר ניט געזאָגט און ניט גערופן, מ׳האָט בלויז פאַרלאַנגט די „רומענער" און די „רוסן."

דאָ בין איך שוין אויפגעשפּרונגען: „ווער רומענער, וואָס רוסן? אידן! מיר זיינען אַלע אידן און מ'האָט פאַרלאַנגט אידן!"

מיר איז באַלד די זאַך אריין אין נאַז... נאָר איך האָב אויף קלאָר ניט געקענט וויסן, וואָסער פּאָליטיק דאָס איז. איך האָב מיך מיט זיי געזעגנט און זיי פאַרשפּראָכן זיך צו דער־וויסן וועגן אַלץ און זיי איבערגעבן ווי דער ענין וועט צוגיין.

אויפן וועג טרעף איך אָן באַקאַנטע סאָלדאַטן, פאַרפּוצט, אויסגעמוסטערט, פּאַראַדמעסיק. „וואָס איז מיט אייך דער מער?" צעלאַכן זיי זיך און דערציילן מיר: „אין דער פרי, זייענדיק נאָך אויף די איבונגען, האָט מען אויסגערופן אין אונ־זערע סעקציעס, אַז אַלע רומענישע און רוסישע איזראַעליטן זאָלן גלייך נאָכן עסן זיך אַפּוואַשן, אַפּראַזירן און פּאַראַדמעסיק זיך אָנטאָן און אויף צוויי אַזייגער זאָלן זיי זיין גרייט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך דערפרייט. יעדער איינער האָט אונז מקנא געווען. פון עסן איז שוין קיין רייד ניט געווען. מ'האָט אונז אויסגעטיילט אונזערע ביכלאַך — אַ זאַך וואָס ווערט געטאָן נאָר דאַן, ווען מ'גייט ארויס פון רעגימענט. די סאַר־זשאַנטן האָבן אונז אויסגעמושטירט, זיך מיט אונז געזעגנט און געוואונטשן אַ גוטע רייזע. צו ענדע, ווען מיר זיינען שוין גרייט געווען צו גיין, נאָך דעם, ווי דער סערזשאַנט האָט אונז איבערגעציילט און פאַראָרדנט מ'זאָל שוין פאַר אונז קיין עסן ניט צוגרייטן, איז געקומען דער קאָמענדאַנט און דערזעענדיק די ביכלאַך, צעשרייט ער זיך אויף דעם סאַרזשאַנט: „וואָס איז דאָס? מ'גייט דאָך ניט אַוועק! זאָג זיי, אַז ס'איז געקומען אַ ראַבינער און ווער ס'וויל קען גיין אים זען און מיט אים רעדן...
די סאָלדאַטן זיינען געבליבן שטיין ווי חדר־אינגלאַך, אַפּגעשמי־סענע...

„מ'איז ענדלאַך געקומען צו זיך. די אידן, וואָס האָבן פריער קיין וואָרט אידיש ניט געוואָלט אויסרעדן, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז עס איז געקומען אַ ראַבינער, האָבן זיי די ערשטע אָנגעהויבן צו רעדן אידיש און זיינען געוואָרן גוטע ברידער."

צוגעקומען צו דער געוויסער שולע, האָבן שוין פון די

פענצטער געוואונקען צו אונז באקאנטע אויגן און געזיכטער.

אין שולע, אין א ווינקל ביי א שטענדער, איז געזעסן א מאן מיט א שווארץ שפּיציק בערדל, פיינע געדרייטע שנור־באָרד, א קעפּקע מיט דריי גאָלדענע בענדלאך, אלס צייכן, אז ער איז א קאַפּיטאַן, געקליידט ציוויל אין א שווארצן לאַנגן אַנצוג, מיט א רויטן קרייץ. ער האָט גענומען רעדן אויף פראַנצויזיש, זעלבסטפארשטענדלאך, געקאַליעטשעטע העברעאישע ווערטער, אונז געדאַנקט פאַר אונזער העלדישקייט, צוגעזאָגט, אז ער וועט אונז געדענקען. דערביי דערמאָנט, אז ער קען זיך פּערזענלאך מיט די ראָטשילדס און ווען מיר וועלן דאַרפן שטיצע, סיי מאָ־ראַלישע, סיי מאַטעריעלע, קענען מיר זיך ווענדן פּערזענלאך צו אים, — ער איז ראַבינער פון בעלפאָרט, און באַלד גענומען זאָגן א קאַפּיטל תהלים: „מן המיצר קראתי יה,” געזאָגט קדיש, דערמאָנט די טויטע און געוואונטשן, אז מיר זאָלן ווידער ווייזן גבורות, ווי ביז אַצינד. ער האָט דערנאָך אַרויסגענומען צוואַנציק פראַנק און צעטיילט צווישן אונז. מיר זיינען געווען א דריי הונדערט מאַן...

דער סוף איז געווען אז פון דעם דאָזיקן ראַבינער׳ס וויזיט, זיינען די אָריענטאַליש־אידישע סאָלדאַטן געבליבן טיף־באַליי־דיקטע...

און ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דער „חכם” ראַבינער האָט זיך, וואַרשיינליך, געשעמט מיט זיינע ברידער די „טערקן”. און איך וויים פאַרוואָס: ס׳האָט אים ניט געפּאַסט צו ווייזן זיינע קאָלעגן די אָפיצירן, אַז די טערקן, די פיינט פון פראַנק־רייך, זיינען זיינע ברידער...

אויף מיין פראַגע פאַרוואָס ער האָט אויסגעלאָזט די טערקישע אידן, האָט ער זיך פאַרענטפערט, אז ער האָט ניט געוואוסט אז ס׳איז פאַראַן אַזעלכע צווישן די פרייוויליקע און אז צום צווייטן מאָל וועט ער פאַרבעסערן זיין טעות. דערווייל זיינען די טער־קישע אידן געבליבן די באַליידיקטע.

מ

# דער „גייסט"

... אָט דערשיינט ווידער פאַר מיר דער גייסט פונם געפאַלענעם אידישן סאָלדאַט און ער רעדט צו מיר שטענדיק די זעלבע רייד:

„גיי, ברודער, גיי און אָפּפער זיך, אזוי ווי איך, אויף די בלוטיקע פעלדער... באַווייז, אַז דו ביסט ניט קיין שפיאָן, און אויך ניט קיין פייגלינג... באַווייז העלדישקייט! טו עס, נישט צוליב דעם אַז מ'זאָל דיך באַלוינען, שיינקען ערן־אויסצייכענונגען. ניין! טו דאָס נאָר צוליב דעם, אַז מ'זאָל נישט האָבן וואָס פאַרצוואַרפן דיינע ברידער און זיי שטעכן אין די אויגן!... זאָל מען נישט זאָגן אַז אידן זיינען נישט ערלאַך, אַז זיי קויפן זיך פון אַלץ אויס, און אַז זיי זיינען „טרוסן."...

„גיי, און וואַש אָפּ מיט דיין בלוט דעם געלן, מיטלאַלטערלאַכן שאַנד־פלעק פון דיין פאָלק!... לויף און שריי: הורא! און הער זיך נישט צו צו דיין האַרץ, וואָס איז פאַרזאָטן מיט בלוט און וואָס צעגייט פון ווייטיק!... גיי, ברודער, גיי, פאַרטיידיק דיינע ביטערסטע שונאים... פרעג נישט און קלער נישט פיל, עס איז דיין ריי געקומען, דיין צייט... קאָנסט מיט דיין טויט נאָך ראַטעווען די ווייניק־איבערגעבליבענע ברידער דיינע, וואָס בלאָנדזשען אַרום היימלאָז, פאַרפאָלגט און פאַרלאָזט פון גאָט און מענטשן: אָט די, וואָס האָבן קיין אָרט נישט אויף דער גרויסער וועלט... דו קאָנסט פאַרלייכטערן זייערע ליידן!"

און מיט אַ אויסגעמאַטערטער, ביינערדיקער האַנט צייגט ער מיר אין דער ריכטונג פון די פיינטלאַכע גרובנס... און מיט שטאַרע אויגן־לעכער, פון וואַנען עס רינען גרויסע, בלוטיקע,

אידישע טרערן ווינקט ער מיר צו אין דער זעלבער ריכטונג. אין דעם מאמענט וואַרף איך מיך אהין, וואו דער טויטן־גייסט האט מיר אנגעוויזן — אבער די שטעכיקע דראטן מאכן מיך וואך און איך דערמאן זיך, אז איך בין אויף פאטרול... נעבן די דייטשע טראנשייען. איך הער זיך איין... די דייטשן רעדן, אבער זייערע ווערטער הער איך ניט...

איך בין אויף דער וואך: שוין עטלאכע נעכט נישט גע־שלאפן, שטיי איך אויף מיין פאסטן און דרעמל... אבער דער „גייסט" לאזט מיך ניט אפ... ער וועקט מיך אויף און דער־מאנט מיר מיין פליכט... דערנאך קומט צו מיר צו אן אפי־ציר און פרעגט מיך, צי איך האב עפעס צו מעלדן, און, אגב, וויל ער אויך וויסן, צי איך שלאף נישט אמאל אונטער אויף דער וואך?... אפט מאל טרעפט עס טאקע, אז די וועכטער שלאפן איין און די פיינטלאכע אויסקוקער באפאלן זיי, טויטן זיי און פארנעמען די פאזיציעס...

ס'איז דאך אבער שרעקלאך נישט צו שלאפן נאכאנאנד אזוי פיל נעכט, און דערצו דער „גייסט."... וואס וויל ער פון מיר?... וואס לאזט ער מיך נישט צורו?!! — — — — —

# עפּילאָג

אין אונזער אָפּטיילונג פון די שווער פאַרוואונדעטע זיינען מיר געבליבן פיר מאַן: פרידמאַן, מיט די צעלעכערטע לונגען, דער האָלענדער פילאָזאָף, דער דייטשער געפאַנגענער אָפיציר, און איך.

דער „לעבעדיק באַגראָבענער," וועלכער איז אַכט טעג געווען פאַרשאָטן אונטער דער ערד, פון אַן אויפגעריסענער מינע, האָט דערנאָך, נאָך דריי טעג שטיל זיין — בלויז געקענט ארויסשטאַמלען: „צור וואַפען!"... און אַזוי איז ער אויסגעגאַנגען.

דער יונגער וויאָליניסט, וואָס האָט געענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע און געשפּילט אין דער פּאַריזער גרויסער אָפּערע, האָט זיך נאָך דער אָפּעראַציע אויפגעכאַפּט און זיך דערוואוסט אַז די רעכטע האַנט זיינע פעלט ביי אים, ביזן אַקסל. האָט ער, ווי אַ קליין, אומבאַהאָלפן קינד גענומען זיך קלאָגן: ווי אַזוי וועט ער איצט קענען שפּילן אויף זיין ליבן אינסטרומענט? און צו וואָס טויג אים שוין איבערהויפּט דאָס לעבן, אויב ער וועט מער ניט קענען שפּילן?...

די דאָקטוירים האָבן שטאַרק מורא געהאַט, אַז פון זיין ערגערן זיך זאָל ער ניט קריגן קיין בלוט־פאַרגיפטונג (וואָס איז אים טאַקע שפּעטער געקומען און האָט אים דערלייזט פון זיינע שמערצן...).

דער ליאָנער טאַנץ־מייסטער, וואָס אַ דייטשער האַרמאַט האָט אים אָפּגעריסן די לינקע פוס ביז צו דער קני, און מ'האָט אים אין שפּיטאָל אַמפּוטירט די צווייטע העלפט ביז צו דער דיך, — האָט פון גרויס שמערצן געשריען: „מיין גאָט! מיין גאָט!

העלף מיר איבערטראָגן די יסורים, איך וויל נאָך לעבן...״ דעם דריטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע, איז ער געשטאָרבן.

די איבעריקע פאַרוואונדעטע האָבן אפילו ניט רעכט אָנגע־וואָרעמט די ערטער פון די געלעגערס, — האָט מען זיי שוין אַרויסגעטראָגן פון אונזער קאַמער...

דריי פון אונז פיר האָט דער שפּיטאָל־דאָקטאָר גערופן: „די דריי מוסקעטאָרן״; „און אויף מיר — האָט אונזער דיי־טשער אָפּיציר זיך אָנגערופן — וואָס פאַר אַ צונאָמען גיט איר מיר?״ — „איר זייט — אַרטאַגאַן״.

פון דעמאָלסט אָן האָבן מיר דריי קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט ווי נאָר די „דריי מוסקעטאָרן,״ און דעם דייטש האָט מען גערופן „אַרטאַגאַן״.

אַזוי גיך ווי די קריטישע צייט פון אונזערע וואונדן איז אַדורכגעגאַנגען בשלום און די הויכע טעמפּעראַטור אונזערע האָט גענומען פאַלן, האָבן מיר, פיר, גענומען זיך נענטער באַפריינדן איינער מיטן אַנדערן.

דער האָלענדער איז געווען דער „קאָפּ״ פון אונזער גרופּע. וואָרום אַ חוץ זיין קענטניש און זיין הויכע בילדונג, איז ער געווען אַן עטישער מענטש און האָט פאַרמאָגט פיינע מאַניערן. זיין טיטל, דר. פילאָזאָף און פּאַסטאָר פון צווינגלי ליוטעראַני־שער קירך, האָט זיך טאַקע געפּאַסט צו אים און האָט אים פאַר־שאַפט די אַכטונג פון אַלעמען.

די „הייליקע שוועסטער״ מאַריע, די אויפזעערין פון אונזער אָפּטיילונג, האָט אונז געדינט מיט איר גוטסקייט, טאַקע ווי אַ הייליקע; מיט איר געטריישאַפט — ווי אַ מוטער, און מיט דעם צאַרטן חן און צויבער פון אירע יונגע אויגן, האָט זי אונז פאַר׳כשופ׳ט.

וויסנדיק אונזער גוטן געשמאַק אין ליטעראַטור, פלעגט זי אונז צושטעלן די בעסטע קלאַסיקער. מיר פלעגן לייענען און אַ דאַנק דעם פאַרגעסן אין דער לאַנגווייל, בשעת מיר זיינען געלעגן ווי צוגעשמידטע צו די בעטלאַך. מיט אַ ריינעם באַוואוסטזיין, און מיט אַ געזונטן גייסט, פלעגט די „הייליקע״ מאַריע אונז ליינען איר נעזעלשאַפט, יעדן טאָג, שטונדנלאַנג, כדי צו פאַר־

לייכטערן אונזער מאַנאַטאָנעם לעבן אין שפּיטאָל. די איבעריקע צייט פון טאָג פלעגט אויסגעפילט ווערן מיט פאַרשידענע איבער־לעבונגען וואָס יעדער האָט געהאַט צו דערציילן:

— איר רעדט וועגן העפלאַכקייט — רופט זיך אָפּ אַמאָל דער דייטשער אָפיציר — איך וועל אייך דערציילן ווי אַזוי די רוסן פאַרשטייען העפלאַכקייט: אַ רוסישער בריגאַדע־גענעראַל איז אַרויסגעפאָרן מיט זיין „סאַנקע" אויף אַ שפּאַציר איבערן שניי, איז אים אַקעגנגעקומען אַן אַנדער שליטן אין וועלכן ס'איז גע־זעסן עמיצער איינגעוויקלט אין אַ פעלץ. אַזוי ווי דער וועג איז געווען שמאָל פאַר צוויי שליטנס דורכצוגיין פריי, האָבן זיך ביידע איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אָפּטרעטן דעם וועג איינער דעם צווייטן. ווערט דער גענעראַל בייז און גיט אַ באַפעל זיין אָר־דאָנאַנס איבערצוקערן דעם צווייטנס שליטן אין שניי. דער דינער לויפט אַראָפּ און קערט איבער יענעם שליטן. דער מאַן אינם פעלץ קריכט אַפיר פון אונטערן שליטן און טרייסלט אָפּ דעם שניי פון זיך. ערשט דער דינער דערזעט, אַז דער אינם פעלץ, איז נאָר אַ קאָרפּוס גענעראַל, לויפט ער תיכף צוריק צו צום בריגאַדע־גענעראַל און קערט אים איבער מיטן שליטן אין שניי כדי דער קאָרפּוס־גענעראַל, וועלכער איז פון אַ העכערן ראַנג, זאָל קענען דורכפאָרן...

— איר, אַלס מיליטער־מאַן, ווייסט פון אַט אַזאַ פאַל. איך וועל אייך דערציילן וואָס מיט מיר פּערזענלאַך האָט פּאַ־סירט אין רוסלאַנד מיט קאַרגע צוויי יאָר פאַרן קריג. — זאָגט דער פילאָזאָף. — אַ זאַך, וואָס נאָך ביז איצט קען איך זיך עס ניט דערקלערן.

— אין אָנפאַנג 1912 באַקום איך אַ בריוו אין וועלכן מען מאַכט מיר אַ פאָרשלאָג פון קיעווער סעמינאַריע, אָנצונעמען די שטעלע אַלס פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע. אייניקע פון מיינע פריינט האָבן מיך אָפּגערעדט פון צו פאָרן אין אַ ווייטן, אומבאַ־קאַנטן לאַנד, נאָר איך האָב פונדעסטוועגן אָנגענומען דעם פאָר־שלאָג און זיך צוגעגרייט צו דער רייזע.

אַ באַקאַנטער מיינער, מיט וועלכן איך האָב, גלייכצייטיק, גע־ענדיקט דעם פאַקולטעט, אַ רוסישער עמיגראַנט פון אידישער

אַפּשטאַמונג, וואָס האָט מיך אונטערריכט אין דער רוסישער שפּראַך, האָט מיר איינמאָל, ביי אַן אונטעריכט, פּלוצלונג אַ זאָג־געטאָן: „מיין ליבער חבר, איך וואָלט אייך ניט געראָטן צו פאָרן קיין קיעוו, סיידן איר זאָלט זיך פריער אָפּראַזירן די באָרד.״ „וואָס פעלט אייך איין?״ — פרעג איך אים, ניט פאַרשטייענדיק וואָס ער מיינט. „פּשוט, מיט אייער באָרד זייט איר ענלאַך צו אַ אידן. אין רוסלאַנד האָט מען פאָראורטיילן קעגן אידן, אין די שטעט וואו אידן טאָרן ניט וואוינען. קיעוו איז איינע פון די שטעט...״ מער האָט ער מיר ניט געוואָלט דערקלערן און איך האָב דאַרויף קיין סך אַכט ניט געלייגט.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אָנגעקומען קיין קיעוו. אַראָפּגייענדיק פון דער באַן, גייט צו מיר צו אַ זשאַנדאַר און פרעגט מיך אויף די „פּאַפּירן.״ ווייז איך אים מיין פּאַס. דרייט ער אים אין אַלע זייטן און צולעצט פרעגט ער מיך ערשט מיין נאָמען: — בנימין־יוסף מייער! „און אייער וואוינרעכט?״ — פרעגט ער מיך. „איך בין פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין לאַטיין, ביי דער היגער סעמינאַריע.״ „איך ווייס פון גאָר ניט,״ ענטפערט מיר דער זשאַנדאַר גראָב אָפּ. „קומט מיט מיר אין דער פּאָליציי־אָפּטיילונג וועט איר זיך דאָרטן אויס׳טענה׳ן.״ מילא, נעם איך די פּעק און שלעפּ מיך נאָך דעם זשאַנדאַר צו דער פּאָליציי. דאָרטן האָב איך געמוזט וואַרטן אַ פּאָר שטונדן ביז ס׳איז געקומען דער קאָמיסאַר. דאַן האָט מען אויסגעפונען ווער איך בין, און מען האָט מיך באַפרייט.

אין אַ צייט אַרום, איינמאָל, שפּאַצירנדיק אין גאַס, שטעלט מיך אָפּ אַ מאַן אין אַ אוניפאָרם און פרעגט: „פּאַספּאָרט?״ נעם איך אַרויס דעם פּאַספּאָרט און ווייז אים. קוקט ער אויף מיר מיט אַ מין איראָניע און פאַרלאַנגט ביי מיר אַ וואוין־רעכט שיין. זאָג איך אים אַז איך בין אַ האָלענדישער בירגער און פּראָפעסאָר ביי דער היגער סעמינאַריע. „איר זייט אַ איד?״ — גיט ער אַ שעלמישן שמייכל צו מיר. „ניין, מיין הער, איך בין אַן עוואַנגעלישער.״ „אָבער, איר הייסט דאָך בעניאַמין־יוסף מייער!״ „נו, איז וואָס?״ „אויב אַזוי, טאָ קומט טאַקע מיט מיר אין צערקל.״

אין אַ מיטן העלן טאָג, אויף אַ גאַס וואו מענטשן גייען אַפּ און אויף, פירט מיך דער אוניפאָרם־מאַן אַרום איבער דער שטאָט און ברייננגט מיך אין פּאָליציי־צערקל אַריין.

„ווייז דיינע פּאַפּירן!" — ווערט ער מיט מיר אויף „דו."

„מיין הער, איך קענט מיר ניט, און איר דאַרפט זיך אַביסל העפלאַכער באַנעמען צו מיר", באַמערק איך צו אים. „דיינע קינדער וועסטו לערנען, נישט מיך! דו אידישע צורה, מיר קענען דיך!" איך הויב אָן פּראָטעסטירן, אַז ערשטנס בין איך ניט קיין איד, און אויב איך זאָל אפילו זיין אַ איד, וואָלט ער מיך אויך ניט באַדאַרפט באַליידיקן. אָבער דער מאַן מאַכט זיך ניט הערנדיק וואָס איך רעד צו אים און זוכט מיינע קעשענעס אַרום. „וואָס איז דאָס?" — גיט ער אַ פרעג. „די ביבל אין לאַטיין," ענטפער איך. „אַזוי, דו פאַרשאָלטענער איד, דו טראָגסט אַרום די ביבל, און דאָך לייקענסטו פאַר מיר דיין אָפּשטאַמונג!? איך האָב אָבער אין דיין אידישער נאָז און אין דיין לייזיקער באָרד גלייך דערקענט ווער דו ביזט און מיט וואָס דו שמעקסט". —

„די ביבל איז דאָך אָבער הייליק ביי די קריסטן אַזוי גוט ווי ביי די אידן," וויל איך אים דערקלערן זיין טעות. נאָר דער מאַן האַלט אין איין שימפּפן אויף זיין שפּראַך און טריאומפירן איבער מיין אומבאַהאָלפנקייט...

דאָס מאָל האָב איך שוין איבערגענעכטיקט אויף אַ האַרטער באַנק אין אַ פינצטערער קאַמער צווישן שכורים און גנבים. זיי האָבן יענע נאַכט אויסגעליידיקט מיינע קעשענעס, צוגענומען דאָס רעשט וואָס די פּאָליציי האָט געהאַט דורכגעלאָזט.

אויף מאָרגן איז געקומען דער רעקטאָר צו לויפן און האָט מיך אַרויסגענומען. אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דעם דאָזיקן פאַל, האָט זיך די פּאָליציי אַריינגעריסן צו מיר אין צימער אין מיטן דער נאַכט, און מיך אויפגעריסן פון שלאָף: „פּאַספּאָרט!" איך האָב דאָס מאָל צום גליק גוט אָפּגעשניטן, ווייל אין דעם פּאַנסיאָן וואו איך בין איינגעשטאַנען, זיינען געווען אַ פּאָר רוסישע באַאַמטע, וועלכע האָבן גוט געזאָגט פאַר מיר און גאַראַנטירט אַז איך בין ניט קיין איד. אָבער ס'האָט מיך גענומען עקלען דער גאַנצער ענין. איך האָב רעזיגנירט פון מיין שטעלע און פאַרלאָזט רוסלאַנד.

אזוי האָט אונזער האָלענדער פילאָזאָף פּאַרענדיקט זיין געשיכטע און דערביי האָט ער געמאַכט אַזאַ מינע וואָס האָט אויסגעדריקט אי פאַראַדוס אי ביטול.

— און אָט דאָס אַלץ האָט מיט אייך פּאַסירט בלויז דערפאַר וואָס איר זייט ע נ ל א ד צו אַ אידן? — האָט פרידמאַן זיך געוואונדערט.

— יאָ, איך האָב פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז דעמאָלסט איז אין קיעוו פאָרגעקומען דער ביילים־פּראָצעס, ביי וועלכן די קלעריקאַלן האָבן זיך ארויסגעוויזן מיט זייער גאַנצן מיטלאַלטערלאַכן פאַנאַטיזם, באַשולדיקנדיק די אידן אין געבּרויכן קריסטלאַך בלוט פאַר זייערע ריטועלע צוועקן.

— אויף אידן איז דאָס מעגלאַך צו גלויבן, — כאַפּט זיך ארויס דער דייטשער אָפיציר.

— ס׳איז פּאַראַן אַ גלייכוווערטל — האַקט אים איבער די רייד אין אַ האַסטיקן טאָן דער פילאָזאָף, — בעסער אין אַ צופאַל צו וואַרפן אַ שטיין, איידער אַ וואָרט... אויב שווייגן ווערט געמאָסטן מיט גאָלד, דאַרף מען מיט אַזעלכע רייד דאָס ניט פאַרביליקן. ס׳איז קוים צו באַגרייפן ווי אַזוי מענטשן, ווי אייערס גלייכן, למשל, וואָס האַלטן זיך פעסט אין העגעל׳ס „טראַנספאָרמיזם״ און אין דאַרווינ׳ס „אַנטשטייאונג פון די מינים,״ און לייקענען אָפּ אַלצדינג וואָס שטייט געשריבן אין דער הייליקער ביבל — אַזוינע מענטשן זאָלן ד א ד גלויבן, אַז דורך געוויסע אינסטרומענטן קען מען זיך קאָמוניקירן מיט די טויטע — אַז מען קען אַרויסרופן גייסטער, דורך אַ סעאַנס ביי אַ טיש אָדער ביי אַ ביינקל, און מאַכן די „גייסטער״ צו רעדן...

די זעלבע מענטשן, ווידער, וועלן אָבער סקעפּטיש שמייכלען, לייענענדיק די ביבל־לעגענדעס: וועגן דער כישוף׳מאַכערין וואָס האָט געמאַכט דערשיינען דעם גייסט פון שמואל׳ן פאַרן קעניג שאול; — וועגן דעם פּאַטער יעקב, וואָס האָט בייגעקומען דעם מלאך מיט וועלכן ער האָט זיך געראַנגלט, און וועגן דעם א ל ־ מ ע כ ט י ק ן וואָס האָט זיך באַוויזן צו משה׳ן אין דעם „סנה.״

דער אמת איז אַז אַזוינע געשטאַלטונגען האָבן זייער אורסיבה. מען טאָר דאַריבער ניט פאַרבייגיין אָט די עפּאָס־גע־

שיכטן און זיי מבטל זיין מיט אַ מאַך פון דער האַנט... וואָרים אונזער מענטשלאַך וועזן איז ניט נאָר אַ ס ת ם ז י י ן, נאָר אַן א י י ב י ק ע ר ו ו ע ר ן. איז דאַריבער מעגלאַך אַז — דער מענטש — דער אַנטראָפּאָמאָרפוס וואָס האַלט אין איין פאַרפולקאָמט ווערן, זאָל אפשר, דורך אַ זעקסטן חוש וואָס ס'וועט זיך אין אים אַנטוויקלען, דערגרייכן די מעגלאַכקייט צו באַגרייפן די סודות פון דער נאַטור און זיך קענען באַהעפטן מיט דער געטלאַכקייט.

ערשט ניט לאַנג צוריק איז גערעדט געוואָרן פונם נומער דרייצן, (דער טייפלשער טוצן), אַ שלימזלדיקער ציפער. אין דעם דאַטום איז געשטאָרבן: טיטוס, מחמד, קראָמוועל, מאָנטען, קעלערמאַן און אַלעקסאַנדער דער צווייטער, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן. טוט מען אָבער אַ קלער טיפער אין דעם ענין, איז מעגלאַך, ערשטנס, אַז ניט שטענדיק איז דרייצן אַ טאָג פון טרויער, נאָר אויך פון פרייד: אינם דאַטום דרייצן זיינען געבאָרן געוואָרן הענרי דער פערטער, פּאָווארט, פּאָטול און מאַקמאַהאָן — צווייטנס, די אַלע וואָס זיינען אין דעם דאַטום געשטאָרבן, האָבן איינציקע פון זיי, מיט זייער טויט, מעגלאַך, גאָר געבראַכט אַ האָפנונג און דערלייזונג, אַנשטאָט אומגליק און זאָרג.

אין אַלגעמיין איז פאַר אַ סך מענטשן בעסער און געזונטער זיי זאָלן זיך ניט גריבלען טיף אין זאַכן און אין געשעענישן, וואָס זיי קענען ניט באַגרייפן, ווייל דאָס וואָס מען ווייסט ניט, קומט פאָר מיסטעריעז. פון אַלע עקן וועלט קומען צו אונז, די לעצטע צייט, נייעסן, אַז די „גייסטער" שטערן די רו פון די לעבעדיקע און מע הויבט אָן אין דעם שטאַרק צו גלויבן, טאָ, פאַרוואָס־זשע אויך ניט גלויבן, אַז דער טייוול האָט לוטער'ס טינטער איבערגעקערט, ווען לוטער האָט געהאַלטן אין איבערזעצן די ביבל? גילאָטינירטע מענטשן קענען קאָנסערווירן איינציקע מעמוארן שוין נאָך דעם ווי דער קאָפּ איז אָפּגעטיילט פון קערפּער. אויב אַזוי, האָט דער הייליקער דעניס אויך געקענט נעמען מיט די הענט זיין פריש־אָפּגעהאַקטן קאָפּ און אים אַרויפשטעלן אויפן נאַקן...

מען דאַרף זיך ניט היטן אַזוי פיל פאַר אָט די מענטשן וואָס

גלויבן בלויז אין הייליקע שריפטן. היטן דארף מען זיך פאר אזעלכע מענטשן וואס „שפייזן" זיך פון א סך ביכער און גלויבן ניט אין קיין איינציקן פון זיי. מ'פארגעסט אבער איין זאך, אז ניט אלץ דארף אנגערופן ווערן תורת משה.

א סך חכמים דענקען אז אויב אפילו א געשיכטלאכער פאל, ווי ער איז געשריבן אין די הייליקע שריפטן, איז למעלה מן השכל פאר אונזער דור, הייסט עס נאך ניט אז דער פאל האט ניט גע־קענט פאסירן אין דער אמאליקער צייט.

איך דענק, אז דער אומגליק נעמט זיך ניט פון דעם וואס מענטשן גלויבן, נאר פון איבערגלויבן, אדער — גאר ניט גלויבן. פון איין זייט וויל דער פאפסט פיא דער ניינטער איבערצייגן און פעסטשטעלן די מיידלשאפט פון גאטס מוטער, פון דער צווייטער זייט קומט רענאן אין זיין „דאס לעבן פון קריסטוס" און לייקנט אפ די געטלאכקייט. נעמט, א שטייגער, יהודה איש קריות: ביי דער וועלט איז ער א פאררעטער, וואס האט פארקויפט זיין רבין פאר א פאר זילבערשטיק. קומען אבער אייניקע און טייטשן פארקערט — אז יהודה איז דוקא געווען דער איבערגעבנסטער פון אלע אפאסטאלן. ער האט שטארק געגלויבט אין דער קראפט פון זיין רבין, און געהאלטן אז בלויז דורך מאכן אים פאר א קרבן חטאת וועט דער רבי נתגלה ווערן און פירן די וועלט צו דערלייזונג.

— אייניקע האט גאט באשאפן צו דיסקוטירן שטענדיק און צו פילפלען זיך — רופט זיך אפ דער דייטש, — און וויל ער עמיצן באשטראפן נעמט ער ביי אים צו דעם פארשטאנד. גלויבן אז־און־פאר־זיך אליין איז ניט גענוג פארן מענטשן, צו פארשן טיף און צו וויסן גרינדלאך — אט דאס איז נויטיק פאר אונז. די אלע גלויבנס און רעליגיעס האבן, ביז איצט, קיין סך גוטס ניט געבראכט אויף דער וועלט, א חוץ אפשר די מארמאנישע רעליגיע פון יוסף שמידט. אויב דער פאסטאר גלויבט אזוי אין דער תורה פון ישו הנוצרי, איז וואָרום ניט זיך אומקערן צו אונ־זערע אורשפרונג־און שטאם־געטער, און שיקן די ביבל מיט דעם געקרייציקטן אידן, מיט דער גאנצער אריענטאלישער, אידישער שקלאפישער מאראל, אהין פון וואנעט זי איז צו אונז געקומען ? !

— איר רימט זיך מיט דעם וואָס איר זייט: דאָוואָס און ניט עדיפֿוס, — פֿאַלט דער האַלענדער אַריין אין אַזאַרט. — ס'איז מעגלאַך אַז פּאָר אייניקע וואָלט בעסער געווען צו דינען די בלוטדורשטיקע געטער: וואָטאַן, טאָר, מאַלאָך און זייערע פּריסטער, די מענטשן־פֿרעסערישע דראַאידן, צו טרינקען פֿון אַ מענטשלאַכן שאַרבן ווי אַליבאַאָון און זיך רימען ווי אַטיללאַ, אַז דאָרט וואו דאָס פֿערד זיינס וועט טרעטן, וועט שוין קיין גראָז ניט וואַקסן. איר, אָבער, מיין טייערער, זייט שוין צו שפּעט געבוירן געוואָרן דערצו, און די, וואָס קומען שפּעט צום טיש, — געפֿינען שוין ניט מער ווי ביינער. קאַסאַנדרא האָט דאָס מאָל פֿאַרפֿעלט, אייך איז ניט געלונגען דער שפּיל. נאָר אויב די געשיכטע וועט אַמאָל קלינגען מיט אייך, דייטשן, וועט עס זיין, לאָמיר האָפֿן, אויף אַ גאַנץ אַנדער געביט...

— מיר זיינען נאָך ניט באַזיגט! מיר זיינען דאָס קיינמאָל ניט געווען און וועלן דאָס אויך ווייטער ניט זיין:

מיר וועלן נאָך האָבן דאָס לעצטע וואָרט! — האָט זיך דער דייטש אָנגעצונדן.

— געדיינקט, אַז איר זייט פֿון שטויב, — האָט דער האָלענ־דער פֿריסטערליך איינגע'טענה'ט מיטן דייטש. — אויב מען האָט געזאָגט שלעכץ וועגן דיר, וואָס איז וואָרהאַפֿטיק, פֿאַרבעסער זיך. — אַזוי האָט עפּיקטעט אונז געלערענט. אָבער, אַז דו בייזערסט זיך, יופּיטער, ביסטו מסתמא פֿריער געווען אומגערעכט. די וואָס האָבן באַזיגט די צעזאַרס, פֿאַרטריבן אין די טעטנבורגער אור־וועלדער און זומפּן די רוימישע לעגיאָנען און זיי פֿאַרניכטעט, נאָר זיי האָבן געקענט חלומ'ען פֿון אַזעלכע נצחונות ווי אייערע. עסטרייך האָט זיך אויך אַמאָל באַרימט: די גאַנצע וועלט מיט מענטשן איז עסטרייך'ס אונטערטאַנען. שאַמפּאָרט האָט זיך גע־שפּילט מיט אַ פֿראַזע: „איך בין אַ פֿרייער מענטש, אַ לעבע־דיקן וועט מען מיך ניט איינשפּאַרן אין געפֿענגעניש!" און זיין סוף איז געווען: ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין תּפֿיסה.

— די גאַנצע וועלט ווייסט, — האַלט זיך דער דייטש ביי זיינס, — אַז די מאַרקאָמאַנער, גאָטער און לאַנגבאַרדן, האָבן מיט זייער מוט מער אויפֿגעטאָן ווי די אַנדערע מיט פֿסאַלם־געזאַנגען

און הללויה׳ס. „אָ, וואָרום, קער מיר אום מיינע לעגיאָנען! —
האָט אויגוסט געבעטן אין פאַרצווייפלונג, אין דער צייט וואָס
דער גיבור הערמאַן האָט מיט נצחון צוריקגעשטעלט זיין שווערד
אין שיידל. אטיללאַ׳ס כח האָט מער געווירקט ווי די תפילות
פון פויבסט לעאָן דעם גרויסן. דעם פּראָגרעס און די ציוויליזאַציע,
וואָס מיר האָבן דערגרייכט, איז נאָר אַ דאַנק די אַלע מלחמות
וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לויף פון דער געשיכטע. די בעסטע
ביישפּילן האָבן אונז געגעבן אַטען אין דער צייט פון פּעריקלעס
דעמאָסטען און אַלעקסאַנדער מוקדן, רוים פאַר דער קריסטלאַכער
צייט רעכענונג. אַ דאַנק די קרייצוגן האָט זיך געעפענט דער וועג
צום אָריענט און די אייראָפּעאישע אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן
צו בליען. דער הונדערט־יעריגער קריג האָט געבראַכט דעם גלענ־
צענדן רענעסאַנס, דער דרייסיק־יעריגער קריג — די רעפאָרמאַ־
ציע, דער זיבניעריגער קריג האָט אַנטדעקט די פּאָודער אין דער
מאָדערנער מלחמה־טעכניק. די לעצטע מלחמות האָבן געלערנט
דעם מענטשן ניט נאָר צו איבערשפּרייזן דעם רוביקאָן, נאָר אויך
צו באַהערשן די לופט, און די גרונטן פון די אָקעאַנען. פאַר
אונזערע אויגן אַנטוויקלט זיך די קליינע מיליטעריש־פעסט אָר־
גאַניזירטע יאַפּאַן, וואָס וועט אין קורצן זיין די אַליין־הערשערין
איבערן פּאַסיפיק.

וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די דריי הונדערט מיליאָן אינדוסן
געגן דעם ביסל גוט־באַוואָפנטע ענגלענדער? צי די פיר הונדערט
מיליאָן כינעזער געגן די אייראָפּעאישע עקספּעדיציעס? איך
האַלט דערפון: זאָל מען אונז האַסן, אַבי מען זאָל פאַר אונז
מורא האָבן.

— איר וואַרפט אָן פעליאָן אויף אָססאַ און דער באַרג האָט
אַ מויז געבוירן, — שפּאַסט דער פילאָזאָף. — קאַנפוציוס האָט
געזאָגט: די וואָס ווילן פאַרפאַלקאָמען זייער פּערזענלאַכקייט,
זאָלן אָנהויבן פריער פאַרפאַלקאָמען זייער גייסט. אויב איר
ווילט לערנען פון יענע עפּאָכן, זעט די באַשרייבונג פון צעזאַרן
אַליין וועגן די באַרבאַרן און טאַציטוס היסטאָרישע באַמערקונ־
גען איבער די גערמאַנישע שבטים פון זיין צייט. פאַרגלייכט
דאָס מיט דער צייט פון פערטן יאָרהונדערט, ווען דער ביסקאָפּ

וואָלפּילאַ האָט איבערגעזעצט די ביבל אויף דער גאָטישער שפּראַך, ווען קאָנסטאַנטין און טעאָדאָסיוס האָבן זיך באַקערט צום קריסטנטום — וואָס פאַר אַ געוואַלטיקער אונטערשיד איז פאַראַנען עס איז זינט דאַן געמאַכט געוואָרן אין געזעלשאַפט־לאַכן לעבן סיי אויפן ווירטשאַפטלאַכן, סיי אויפן עטישן געביט.

— ריכטיק, — האָט דער דייטש מיט איראָניע צוגעגעבן, — ס׳מערקט זיך טאַקע אין דעם „ספר פון נסים” ביי גרעגואַר פון טור, וואו ער דערציילט, אַז דער הייליקער הערמאַניוס איז באַשטראָפט געוואָרן אויף יענער וועלט פאַר לייענען ציצעראָנס פאַלשע רייד און ווירגילס שקר׳דיקע מעשיות. און דערזעלבער באַקלאָגט זיך אַז ער האָט זיך ניט געקענט אויסלערנען ריכטיק די לאַטייניש שפּראַך, אויס מאַנגל אין לער־ביכער וואָס די קירך האָט געהאַלטן אין איין פאַרברענען. האָט אַזוי האָט דאָס קריסטנטום פאַרשפּרייט ליכט, וויסן און גערעכטיקייט אויף דער ערד, מיט איר דערשיינען אויף דער וועלט־אַרענע.

— פאַרגעסט דאָס שלעכטע, וואָס מען טוט צו אייך און אויך דאָס גוטע, וואָס א י ר טוט, — האָט דער האָלענדער פאַטערלאַך געענטערט — זייט ווי דער הימל וואָס גיט און פאָדערט ניט צוריק, האָט געלערנט לאַאָטצע. מיר פאַרדאַמען און פאַראורטיילן יעדן איינציקן מאָרד וואָס אַ יחיד באַגייט קעגן זיין מיטמענטשן, פאַרוואָס אָבער באַגריסן און רעכטפאַרטיקן דעם קריג, וואָס מאָרדעט אויס און פאַרניכטעט גאַנצע פעלקער? מאַכט חרוב און פאַרוויסטעט לענדער? איז ניט בעסער אַ טרוקן שטיקל ברויט אין פרידן, ווי אַ רייכער מאָלצייט אין קריג? וואָס האָבן די געגנזייטיקע אויסשלאַכטונגען פון מיטל־אַלטער אונז געבראַכט, אַ חוץ די שיינע, העראָאישע ריטער־לעגענדן? די ניבעלונגען, זיגפריד, זיינען נאָכאַמונגען פון אַכילאָס און יאַזאָן פון די אַלטע גריכן און עגיפּטער. און וואָס האָבן באַצוועקט דערמיט וואָלפראַמס פאָן הישנבאַך און שפּעטער — וואַגנער? און וואָס האָבן אונז געגעבן „ווערטער׳ס ליידן”? זעלבסטמאָרדן. איז דאָס מאָראַל? לעבן? אָבער וואָס טויגן אונז אָט די לעגענדן, אַז געלייטערט איז די וועלט ניט געוואָרן? און וואָלט משה אליין אַצינד אַראָפּגענידערט — וואָלט ער די צווייטע לוחות אויך צעבראָכן...

— מיט רעכט, — האָט אויסגערופן דער דייטש. — ווייל ער וואָלט איינגעזען, אַז די עשרת הדברות זיינען אינגאַנצן גאָר ניט נויטיק אין אונזער צייט.

— אין געגנטייל, — האָט דער האָלענדער איבערגעשפּאַרט. — ער וואָלט גלייך געבראַכט דריטע לוחות מיט די זעלבע „לאווין". דאָס האָט נאָר אייערער אַ „משוגענער פילאָזאָף" גע־קענט הייסן צעברעכן די אַלטע לוחות און קיין נייע איז ער ניט מסוגל געווען צו געבן...

— אַלע גרויסע אומגליקן קומען אויף דער וועלט נישט מחמת דעם וואָס מענטשן האָבן פאַרשידענע מיינונגען, נאָר ווייל דער גרעסטער טייל פון דער מענטשהייט האָט בכלל ניט קיין ריכטיקע מיינונג — האָט פרידמאַן זיך אַריינגעמישט. — לוקרעציוס דיינקט, אַז די שרעק האָט געבוירן די געטער. ווען די פרימיטיווע מענטשן וואָלטן זיך ניט געווען דערשראָקן פאַרן דונער און בליץ, און ווען די נאַטירלאַכע דערשיינונגען וואָלטן איבערהויפּט ניט געבראַכט צום געדאַנק פון בייזע גייסטער, שטראָפנדע געטער און שרעקלאַכע טייוואָלים, וואָלט ניט געווען קיין באַדן און קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פאַר רעליגיעס.

— איר נעמט בלויז איין זייט פון דער מטבע און איר פאַרגעסט אַז ס'איז פאַראַן אַ צווייטע זייט אויך... — האָט אים דער פּאַסטאָר אָפּגעשטעלט. — היט זיך צו באַהויפּטן אַזוינס וואָס איר קענט עס ניט דערקלערן... הויבט אָן פון דעם וואָס עס איז פאַר אייך ניט אומעגלאַך צו וויסן. וואָרום דאָרטן, אין יענע פאַרהוילענע ספערן, איז דער וועג אַ גליטשיקער און אַ געפערלאַכער. חכמים ריידן ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין... מיר זיינען „שטרענגע פילאָזאָפן" בלויז בנוגע אָט די זאַכן וואָס מיר ווייסן ניט... מיר אינטערעסירן זיך מיט זיי נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זיי פאַרשאַפן אונז דעם פאַרגעניגן פון דיסקו־טירן און דיספּוטירן...

פאַרגעסט ניט אַז דער בטחון האָט אונז געבראַכט צו דער שטופע פון אַ מענטשלאַכן מצב... ווען ניט די האָפנונג, וואָס דער גלויבן ברענגט מיט זיך, — וואָלטן מיר אינגאַנצן פאַרטי־ליקט געוואָרן... וואָס די רעליגיעס האָבן אונז געגעבן? —

די קונסט, דאָס אַלזייטיקע וויסן, דאָס שטרעבן זיך אויפצוהויבן צו אַ הויך־עטישער שטופע, און דאָס גלויבן אין דעם „באחרית הימים.״...

— אונזער געוויסן איז דאָס בעסטע מאָראַלישע בוך און פון דעם מוזן מיר זיך לערנען — האָט פרידמאַן זיך אָנגערופן. — גאָט איז די נאַטור, ווייל אַלץ געפינען מיר שוין גרייט און פאַר־טיק. צו וואָס דאַרפן מיר זוכן פיל באַווייזן, אַז דורך רעליגיעזע מלחמות פאַרניכטעט דער מענטש זיין קולטור, ווען מיר האָבן פאַקטן וואָס ריידן פאַר זיך אַליין. די בעסטע עדות זיינען די חורבות פון בבל, אשור, פערזעפּאָליס, ירושלים, רוים, קאַרטאַגאָ, קאָרינט, די אַלעקסאַנדריער ביבליאָטעק און נאָך און נאָך...

— איר רעדט פון אָט דעם חורבן וואָס די ר ע ל י ג י ע ז ע מלחמות האָבן געבראַכט. פאַרגעסט אָבער ניט אַז היינט צו־טאָג פירט מען שוין ניט קיין מלחמות לשם רעליגיע, נאָר צוליב נאַציאָנאַלע שטרעבונגען — האָט דער דייטש זיך אַריינגעמישט.

— אַלץ איינס, פון וועלכן שטאַנדפּונקט דאָס זאָל ניט קומען, האָט פרידמאַן פאַרטגעזעצט, עס איז פון שאַריבדאַ צו סיצילאַ... וואָס איז דער אונטערשיד, צי מלחמות קומען אין נאָמען פון דעם אומשולדיק־געקרייציקטן, אָדער אין נאָמען פונם נייעם קולט: נאַציאָנאַליזם, צי גאָר אין נאָמען פון „גאָט, קייזער, פאָטערלאַנד״; און וואָס איז די נפקא מינה, צי אויף דער פאָן איז אַ קרייץ, אַ האַלבע לבנה, אַ מגן־דוד, רויט, בלוי, צי געל? קריג איז קריג. די רעזולטאַטן זיינען די זעלביקע: געגנזייטיקע פאַרניכטונג, דע־געגעראַציע און קאַניבאַליזם. מען דאַרף זיך ניט אומקערן צו דער באַלאַגערונג פון ירושלים, סיראַקוס און אַנדערע. דער מאַרש פון די באַרבאַרן, די האָנען, און די וואַנדאַלן איז געגנגען פאַר אונז. דאָס גיט אונז שוין אַ בולט׳ע פאַרשטעלונג פון יענע צייטן. די שרעקנס־צייט און אַנטראָפּאָפאַזשיע וואָס האָט געהאָט איר אָפּקלאַנג ביי דער באַלאַגערונג פון פּאַריז אין 1871. הונגער, נויט, כאָלערע, פּעסט, זיינען די פּראָצענטן פון די לעצטע מלחמות פאַר „ציוויליזאַציע, רעכט און פרייהייט.״ דער „מענטש״ איז געוואָרן אַ וואָלף צו זיין מיטמענטשן. נאָכדעם ווי די רע־ליגיעס האָבן מיט זייערע פאַנאַטישע מלחמות געפירט צום אונ־

טערגאַנג פון די פאַרצייטיקע מזרח־לענדער, וועלן די פּאַטריאָ־טישע מלחמות פון אונזער צייט ברענגען צום אונטערגאַנג פון די היינטיקע מערב־לענדער. די פּאַרלאַמענטן אונזערע זיינען ווי די חרטמי מצרים. יענע האָבן געקענט דורך זייער מאַגישער קונסט בלויז צולייגן נאָך מכות צו די אַלע מכות וואָס משה האָט אַנגעשיקט. די אַנשיקענישן און פּלאָגן, אָבער, פאַרמיידן, — דאָס איז געווען אויסער זייער רשות. די פאָלקספאַרטרע־טער פון אונזער צייט זיינען געגליכן צו יענע חרטומים: אויך זיי שאַפן נייע פּלאָגן — געזעצן וואָס מאַכן שווער דאָס לעבן פונם פאָלק, מיט שטייערן און באַגרענצונגען, אָבער צו פאַר־גרינגערן און פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די פעלקער, — דאָס ליגט זיי אין דער לינקער פּאה... זיי זיינען אויך די, וואָס דורך זייערע אינטריגעס, רייסערייען און אימפּעריאַליסטישער די־פּלאָמאַטיע, זיינען זיי גורם דעם אונטערגאַנג פון פעלקער...

— בעסער אַ שרעקלאַכע ענדע, ווי אַן אונענדלאַכע שרעק! מורא איז אַ שלעכטער באַגאַזש אויפן רוקן און מורא קאָן אויך ניט זיין קיין בעל יועץ. מיט אייערע פרידלאַכע אידייען קענט איר צו וויט ניט אַוועקגיין און נאָך ווייניקער — אויפטון. ווילט איר פרידן, דאַן גרייט זיך צום קריג, האָבן שוין אַ סך פאַר אונז געזאָגט. דאָס לעבן קומט צוערשט, שפּעטער — די פילאָ־זאָפיע. איר האָט בלויז ווערטער, הוילע פראַזן, און מער גאָר־נישט. איר טוט די אַרבעט פון די דאַנאַידן. — האָט דער דייטש אים שאַרף אָפּגעענטפערט.

— און איר — פון סיסיפן. אייך לאָזט זיכער ניט שלאָפן די לאָרבער בלעטער פון אייערע קעגנער און איר זייט גרייט אפילו אָפּצוהאַקן דעם עק פון אייער ליבלינג כדי דערמיט צו־צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען. אויב איר האָט טאַקע אַזוי שטאַרק ליב ט אַ ט ן, ניט קיין ווערטער, דאַן העלפט אונז צו פאַרשפּרייטן דעם פּראָגרעס, שעצן דאָס מענטשלאַכע לעבן, דאָס טייערסטע און הייליקסטע וואָס מיר פאַרמאָגן אויף דער וועלט. עס וואָלט באַדאַרפט זיין דער וואונטש, די פעסטע איבער־צייגונג, דאָס שטרעבן פון אַלעמען — אויפצוהאַלטן, פאַרליי־גערן, אויסבעסערן און פאַרשענערן דעם קיום פון מענטשלאַכן

לעבן. ס׳ליגט אין דער נאַטור פון יעדן איינעם צו וועלן אויפ־האַלטן, און ניט צו פאַרניכטן — דאָס לעבן. דאָס לעבן פון אַ נישטיק ווערימל אפילו איז ביי גאָט אַזוי וויכטיק, ווי דאָס לעבן פון אַ גרויסן מעכטיקן קעניג.

„פאַרשטענדעניש איז פאַראייניקונג," זאָגט קאַנט, און וואָס בעסער די פעלקער וועלן זיך קענען, אַלץ בעסער וועלן זיי זיך פאַרשטיין און ליב האָבן איינע די אַנדערע.

— דאָס איז אַן אַרבעט פאַר די אידן, לאָזט דאָס צו זיי! צו די פאַטערלאַנדסלאָזע ציגיינער, וואָס זיינען דאָ צווישן אונז בלויז צו פראַפּיטירן פון אַלץ און ניט אויף צו ברייגנען קרבנות — ווייל דער דייטש שיסן „צוויי האָזן" אויף איינמאָל. — אָבער די יעניקע מענטשן וואָס האָבן אַן אייגן לאַנד — מוזן קריג פירן און פאַרטיידיקן זייער באָדן. אייער קריסטלאַכע לערע: „אויסצושטעלן די צווייטע באַק", — קען בלויז גילטן נאָר דאַן, ווען די הענט זיינען געבונדן... די אידישע פּאָליטיק וועגן פרידן און פעלקער־בונד, וועט קענען אַזוי פיל העלפן אין דער צוקונפט אויסצומיידן די וווייטערדיקע מלחמות, ווי דער לעגענדאַרישער ריז אַדאַמאַסטאָר האָט געקענט אָפּהאַלטן וואַסקאָ דע גאַמאַ׳ן ביים „קאַפּ פון דער גוטער האָפנונג". שרעקן זיך פאַר מלחמה מחמת די גרויזאַמקייטן פון קריג, וועט קיינמאָל ניט צוריקהאַלטן די מענטשן פון ווייטערדיקע מלחמות. דאָס געזעץ איז טאַקע שווער. אָבער ס׳איז פאָרט אַ געזעץ. דאָס לעבן בכלל איז אַ מלחמה — אַמאָל מיטן שווערד, אַמאָל מיטן אַקער. ביידע זיינען נוצלאַך און נויטווענדיק. מען קען ניט אַריבערשפּרייזן אַ זומפּ און ניט אַריין אין דער בלאָטע... און ווער קען זיך עס קעגנשטעלן דעם ים, ווען זיינע וואַסערן פאַרפלייצן די ברעגן?...

—„מיר זיינען איצט אין אַזאַ עפּאָכע, וואו טעאָריעס שטימען ניט מיט פּראַקטישקייט", — האָט מאַמזען געזאָגט, — פאַלט דער האַלענדער אַריין דעם דייטש אין די רייד. — אויב ציצעראָס פאָרמולע קען שוין ניט גילטן — אַז מען דאַרף אַ רעליגיע פאַרן פאָלק, קען די אייזערנע לאָגיק פון די געזעצן אודאי און אודאי ניט גילטן. ווייל דאָס געזעץ איז נישט מער ווי אַ שטריק, פאַר־צויגן איבער אַ גאַס, אָפּצושטעלן די מענטשן אין זייער גאַנג.

קיינער אָבער בלייבט ניט שטיין: דער הויכער שפּרייזט אַרי־
בער, — דער נידעריקער קריכט אַדורך...

— קען מען זיך דען רעכענען מיט די אַלע קלייניקייטן, ווען גרויסע זאַכן שטייען פאַר? ווען מען האָט די בוימער פון וואַלד, מוזן פאַלן שפּענער. אַמאָל נוצט דאָס אומגליק צום גוטן. פּויפּסט יוליוס דער צווייטער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז אַ שווערד פּאַסט גיכער פאַר אים — ווי אַ בוך... — האָט דער דייטש סאַרקאַסטיש אַ שטאָך געטאָן דעם פּאַסטאָר. — דער אינ־
טערעס פון פאַטערלאַנד דאַרף איבערשטייגן אַלץ.

— איר רעדט אַזוי קאַטעגאָריש פון דער נויטווענדיקייט פון מלחמות, גלייך עס וואָלט זיך גאָרנישט אָנגעקערט מיט מענטשלאַכע לעבנס. פונדעסטוועגן וואָלט איר אַליין, רעכן איך, דווקא ניט געוואָלט זיין אין דער הויט פון אָט די „נידעריקע שיכטן" וועגן וועמען איר רעדט מיט אַזאַ גרינגשעצונג. ווייזט אויס, אַז וועמען יופּיטער וויל אָנלערנען, ביי דעם — נעמט ער אָפּ דעם שכל: וויפיל פאַרברעכנס איז שוין באַגאַנגען געוואָרן אין דעם נאָמען פון פאַטערלאַנד?! פּאַסקאַל זאָגט אַ גלייך וואָרט: „ס'איז געפערלאַך צו זאָגן דעם פאָלק, אַז די געזעצן זיינען ניט ריכטיק." די גלויביקע זאָגן: פון הימל גייט ניט אַרויס קיין שלעכטס, די פּאַטריאָטן אָבער זיינען זיכער, אַז נאָר זייערע גע־
נעראַלן, קעניגן און פאַרטרעטער, קענען זיי פירן צום זיג...

אָ! וואו איז דער מאַן, פול וועהטאָגן, שטענדיק אַ קריינק־
לאַכער?! דער וואָס טראָגט אונזערע שמערצן און וואָס ליידט אונזערע וועהטאָגן, דער, וואָס איז קראַנק און נידערגעשלאָגן פון אונזערע פאַרברעכנס און געדריקט פון אונזערע זינד? דער, צוליב וועמענס ליידן מיר ווערן געהאָלפן, דער, וועמען מען פירט ווי אַ לעמעלע צום שעכטן און זאָגט ניט קיין וואָרט. דער, וואָס האָט אויף זיך פרייוויליק גענומען צו טראָגן דעם קרייץ פון די מענ־
טשלאַכע ליידן?!...

— מיט אייך, דייטשן, קומט איצט אויס, כאָפּט אונטער פריד־
מאַן, ווי מיטן פויער און אַריסטיד: קענגן די אידן האָט איר גאָרניט וואָס אויפצואוואַרפן, — נעמט איר זיך צו זייער פּאַסיפיזם. איר געפינט שוין אַ שעיר לעזאזל אויף וועמען די שולד אַרויפצו־

וואָרפן. אָטטאָ וויינינגער האָט געפונען פאַר נויטיק צו וואָרפן אַ שטיין אויף זיינע ברידער דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך געפילט ווי קנעכט פאַר זייער גאָט, און פרויען האָט ער געהאַלטן פאַר נידעריקע באַשעפענישן, וואָרשיינליך דערפאַר ווייל זיי האָבן אים אויסגעלאַכט...

און איך דיינק, די אידן קומט אַ קאָמפּלימענט דערפאַר וואָס זיי זיינען קעגן בלוטפאַרגיסונג. זיי האָט געטראָפן, מעג מען זאָגן, אַ גליק, וואָס מען האָט זיי פאַרטריבן פון זייער לאַנד, זיינען זייערע הענט ניט איינגעשמירט אין דעם בלוט פון די מיליאָנען, צענדליקע מיליאָנען מענטשלאַכע לעבנס, וואָס זיינען אומגעקומען פון דער קעגנזייטיקער פאַרניכטונג, זייט דער קריסטלאַכער צייט־רעכענונג. נאָך אַ זאַך, זיי מעגן זיך גרויסן דערמיט, וואָס זיי זיינען ניט געווען די מערדער, שלעגער און רויבער, נאָר די מ אַ ר ט י ר ע ר, געשלאָגענע און באַרויבטע. זיי האָבן ניט קיין אייגן לאַנד, פאַרשפּאָרן זיי שוין במילא איינצופלאַנצן אין זייערע קינדער דעם ערע־גייץ, נקמה־האַס און מלחמה גייסט, דאָס שטרעבן צו אָוועקרויבן, דעראָבערן דעם שונא׳ס לאַנד. זייער לאַנד — איז די גאַנצע וועלט. דאָרטן וואו זיי קומען און געפינען רו — איז זייער פאָטערלאַנד! זייערע קינדער גיבן זיי אַ מענטשלאַכע, נוצלאַכע דערציאונג, זיי גיבן זיך אָפּ מיט לערנען, זיינען געטרייע, איבערגעגעבענע פאַמיליענמענטשן, פליסיקע געשעפטסלייט, גוטע אָרגאַניזאַטאָרס. דאָרט, וואו זיי באַזעצן זיך — קומט אַ ברכה אין לאַנד. שפּאַניע האָט געבליט ביז אין דער צייט ווען זי האָט אַרויסגעטריבן די אידן פון לאַנד. אייראָפּאַ איז געווען הינטערשטעליק אינדוסטריעל און קולטורעל אַזוי לאַנג ווי זי האָט געהאַלטן די טויערן פון די געטאָס פאַרשלאָסן. רוסלאַנד, דאָס רייכסטע לאַנד אין נאַטירלאַכע אוצרות איז געבליבן הינטערשטעליק, בלויז דערפאַר וואָס זי האָט באַגרעניצט די פרייהייט פון די אידן. אידן זיינען אַ ליידנדיק, געפרופט פאָלק, דערפאַר קענען זיי מיטפילן מיט אַלע ליידנדיקע און געפלאָגטע. אַ פאָלק וואָס טראָגט מיט זיך די מיסיע פון פרידן און מענטשלאַכקייט. און דערפאַר זיינען די אידן דאָס איינציקע פאָלק, וואָס איז ניט אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער אַלטער וועלט, זיי וועלן ניט אונטערגיין און

קיינמאָל ניט אַלט ווערן, דערפאַר וואָס אין זיי און מיט זיי שטראָמט דער לעבנס־קוואַל פון פרישע און נייע אידייען. האָט מען אין זייער לאַנד זיי פאַרבאָטן צו האַלטן שבת, צו דינען צו זייער גאָט — האָבן זיי באַשאַפן דאָס קריסטנטום. און קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז די פּאַרטריבענע, גע־פּאַלענע יהודה, וועט שפּעטער, אין דריי הונדערט יאָר אַרום, זיין די הערשערין פון רוים!... האָט זיי די קאַטוילישע קירכע אין מיטלאַלטער גענומען פאַרפאָלגן פאַר זייער האַרטנעקיקייט און גלויבן, — האָבן זיי פאַרשפּרייט דעם פּראָטעסטאַנטיזם, דעם רעפאָרמיזם פון וויקליף, זווינגלי, לוטער און קאַלווין. האָבן די זעלבע פּראָטעסטאַנטן זיי גענומען דריקן — האָבן זיי באַשאַפן דעם פּריימאָסאָניזם. האָט מען זיי עקאָנאָמיש גענומען אונטער־דריקן — האָבן זיי דערפונדן דעם סאָציאַליזם. האָט מען זיי פון אייראָפּא גענומען טרייבן — האָבן זיי ענטדעקט אַמעריקאַ...

אין דער וויסנשאַפט פון „רעלאַטיוויטעט" האָט דער אידי־שער געניוס נאָך ניט געהאַט דאָס לעצטע וואָרט. פּונקט ווי אין דער פילאָזאָפיע איז נישט געענדיקט מיטן פּאַנטעאיזם און גייס־טיקער אינטואיציע.

— און וואָס אַמבאַלאַנגט אייערע נאַציאָנאַלע פּרעטענזיעם— קלאָפּט פרידמאַן דעם דייטש — איז דאָס אַלעמאָל די טענה פון מלחמה־העצערס; זיי צעטיילן די מענטשן אויף העכערע און נידעריקערע ראַסן, קאַסטן און שפּראַכן, און אויף פאַרשידענע קאָלירן און גרענעצן. אָבער פּונקט ווי די קונסט און די וויסנ־שאַפט ווייסן ניט פון קיין פאָנען און גייען אַריבער אַלע גרע־נעצן, אַזוי וועלן אין דער צוקונפט אויך די מענטשן ניט וויסן פון פאָנען, גרענעצן און אַנדערע אידאָלן. ניט איין ערלאַכער, איידעלער מענטש איז געקרייציקט געוואָרן דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָרנט קעגן דעם גרויסן חורבן וואָס די מלחמות וועלן בריינ־גען. און ער האָט ניט געוואָלט איינטונקען זיינע הענט אין דעם בלוט וואָס איז טייכנווייז געפלאָסן... און וואָס פליסט נאָך ווייי־טער ביזן היינטיקן טאָג...

